דעם דאָזיקן ציקל קליינע נאָוועלן און בילדלעך, לירישע מיניאַטורן און דאָקומענטאַלע סקיצעס האָב איך אָנגעהויבן שרײַבן הינטערן שטעכלדראָט פון קאָוונער געטאָ, בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע פון ליטע. כ׳האָב דעמאָלט פאַרצייכנט, אָפט אויף אַ שיפריַרטן אופן, סײַ מײַנע אייגענע איבערלעבענישן, סײַ דאָס וואָס געשעט אַרום אונדז, און סײַ דאָס וואָס מענטשן האָבן מיר דערציילט פונעם ביטערן נסיון זייערן. אַ גרויסער טייל פון דעם צונויפגעקליבענעם רוישטאָף, ווי אויך פון די שוין אויסגעענדיקטע נאָוועלן און בילדלעך איז אומגעקומען אין די פלאַמען פון דער אונטערגעצונדענער געטאָ, ווען די דײַטשן האָבן זי ליקווידירט. אַ טייל, דערין עטלעכע העפטן מיט נאָטיצן, איז דורך אַ צופאַל אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. דאָס האָט מיר דערמעגלעכט אויפצושטעלן דעם ציקל, וועלכן איך גיב דאָ איבער דעם לייענער.

## אַנשטאָט אַ הקדמה

מיר זענען ניט געווען באַקאַנט. ווער איך בין האָט ער, משמעות, געוווּסט, ווײַל ער האָט מיך אָפּגעשטעלט אין מיטן גאַס אין דער געטאָ, אָנגערופן בײַם נאָמען און תיכּף אָנגעהויבן:

— כ׳האָב אײַך געוואָלט פרעגן... אייגנטלעך, ניט פרעגן נאָר בעטן... אייגנטלעך, ניט בעטן נאָר פאָדערן: פאַרצייכנט, פאַרשרײַבט אַלץ! די וועלט זאָל וויסן, די וועלט זאָל אויפציטערן!

דערווײַלע האָב איך אויפגעציטערט, ווי עס ציטערט אויף אַ מענטש, בעת מען טוט זיך אַ ריַע אין זײַנער אַ טיפער, אייטערנדיקער ווונד. האַרבלעך, ניט וויסנדיק פאַר וואָס דווקא אַזוי, האָב איך אָפּגעענטפערט:

— כ׳האָב ניט קיין פען!

דאָס איז געווען אַן אמת. פרווונדיק לויפן פון די דײַטשן בײַם אויסבראָך פון דער מלחמה, האָבן מיר, ס׳הייסט, איך און מײַנע נאָענטסטע, געלאָזט אויף הפקר דאָס ביסל אייגנס און עס אָנגעווירן. וואַגלענדיק איבער וועגן און שטעגן פון ליטע נאָך דעם, ווי די היטלעריסטישע חיילות האָבן אונדז איבערגעיאָגט, איז אונדז פאַרלוירן געגאַנגען אויך דאָס, וואָס מיר האָבן געהאַט בײַ זיך — פון אונטער דער ערד אַרויסגעקראָכענע ליטווישע היטלער־משרתים האָבן עס צוגערויבט. אין געטאָ האָט מען מיך אַרײַנגעטריבן, ווי איך שטיי און גיי — אָן אַ העמד אויפן לײַב, אָן אַ נאָזטיכל אין קעשענע. מײַן פּילפעדער, אַן עכטער פּאַרקער מיט אַ גאָלדענער פען, איז געווען פון די ערשטע חפצים, צו וועלכע ס׳האָבן זיך געהאַט אַ צי געטאָן די רויבער־לאַפּעס...

— כ׳האָב ניט און מיר איז גאָר ניט נייטיק קיין פען, — האָב איך דערקלערט דעם יידן, וואָס איז צו מיר צוגעשטאַנען. געוואָלט אונטער־שטרײַכן, אַז כ׳האָב ניט בדעה צו שרײַבן און האָב בכלל ניט קיין שײַכות צו שרײַבערײַ... מען האָט זיך געקאָנט משער זײַן, אַז אין געטאָ זענען די געוועזענע פענמענטשן אויסגעשטעלט באַזונדערע סכנות. מיר האָבן דאָך כמעט אַלע ניט ווייניק געשריבן קעגן די נאַציס. און אָט, דאָס יידל... ווער

ווייסט, ווער ער איז, דער דאָזיקער קלײנװוקסיקער פֿאַרמרה־שחורהטער פֿאַרשוין, וואָס קוקט מיך אַזוי פֿאַרביסן אָן?

— וואָס הייסט, איך איז ניט נייטיק? ווענען, אויב אַזוי, איז יאָ נייטיק אַ פּען? — האָט שטרענג געפֿרעגט דער אומבאַקאַנטער, מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג אַרויסגעכאַפּט פֿון בוזעם אַ פּילפֿעדער און זי בליץ־שנעל אַרײַנגעשטופּט מיר אין דער הויזן־קעשענע: — אָט האָט איר אַן עכטע, אַ גאָלדענע פּען. איר הערט, שרײַבט, די וועלט זאָל וויסן, די וועלט זאָל אויפֿציטערן!

כ׳האָב זיך געוועקט, ניט געוואָלט נעמען די ווערטפֿולע מתּנה. דער ייִד האָט אָבער זיך אָפּגעטראָגן, איבערלאָזנדיק מיך מיט זײַן פּען אין דער אויסגעשטרעקטער האַנט.

ניט איין מאָל, אַן אויסגעפּײַניקטער פֿון הונגער, האָב איך געהאַלטן בײַם אויסבײַטן די דאָזיקע פּען אויף אַ לעבל ברויט צי אַ זעקל קאַרטאָפֿל, און עס ניט געטאָן. ס׳איז דאָך אַ געשאַנק און וואָס פֿאַר אַ געשאַנק! דערצו נאָך מיטן אָנזאָג: „די וועלט זאָל וויסן, די וועלט זאָל אויפֿציטערן!״

געוויס איז מײַן האַנט צו שוואַך און ס׳איז ניט פֿאַר מײַנע כּוחות מאַכן אויפֿציטערן די וועלט. נאָר אויב איך האָב היינטערן שטעכלדראָט עפּעס יאָ געהיים פֿאַרצייכנט, געשריבן, האָב איך עס געטאָן מיט יענער געשאָנקענער פּען...

## אויף דער לאַנקע בעתן זונפֿאַרגאַנג

מיט די טויזנטער, טויזנטער ייִדן וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פֿון זייערע ערטער, זענען מיר געלאָפֿן פֿון היטלערס אָנגרײַפֿנדיקע חיילות, ווי מען לויפֿט פֿון דער שרעקלעכסטער פּעסט. דער פֿרײַכנדיקער שאָטן פֿון בלוט־דאָרשטיקע און מיט טויט שפּײַענדיקע שפּאַרבערס איז איבער אונדז געפֿלויגן, ניט אָפּגעטראָטן אויף קיין רגע און פֿאַרפֿאָלגט אַזוי לאַנג, ביז די נאַצישע גזלנים אויף דער יבשה האָבן אַלעמען איבערגעיאָגט און פֿאַרהאַלטן.

ווען דער פּליטים־שטראָם, אַן אײַנגעהאָמעוועטער און מבולבלער, האָט אָפּהענטיק גענומען צעקריכן אין אַלע זײַטן, האָבן מיר, אַ מנין נאָענטע מענטשן, וועלנדיק אויסמײַדן די ערשטע באַגעגעניש מיט אונדזערע דם־שונאים, געפּרוּווט זוכן שוץ אין די דערבײַיִקע וועלדער און פֿאַרוואָרפֿענע כוטערס. אָבער אויך דאָ האָט מען געלאָקערט אויף אונדז.

אַנטרינענדיק פֿון טראַקט, ווו ס׳האָבן מיט אַ פֿאַרטויבנדיקן רעש זיך באַוועגט די פֿאַרריסענע דײַטשישע „וועלט־באַצווינגער״, האָבן מיר בחוש

געפילט, אַז אונדזער איינציקע רעטונג איז איצט — ניט אַנשטויסן זיך אין קיין מענטשן! צום שלימזל האָבן מיר זיך יאָ אָנגעשטויסן. דאָס זענען געווען עטלעכע היטלערישע זשאַנדאַרמען, זיי האָבן זיך דערשראָקן פון אונדזער אָנקוקן, זיי האָבן געטראָגן ווײַסע אָרעמבענדער אויפֿן לינקן אַרבל, געהאַלטן פּיסטוילן אין די הענט און געוויינט ליטוויש.

אויף אַ זאַמדיקער סטעשקע לעבן אַ וואַלד, ווײַט פֿון אַ גרעסערן יישוב האָבן זיי אונדז פֿאַרהאַלטן. פֿון איין זײַט — אַ זאַפּטיק־גריניע ביימערוואַנט; פֿון דער אַנדערער — אַ לאָנקע, אָפּגעגאָסן מיטן בראַנדז פֿון דער פֿאַרגייענ־דיקער זון. אויף דער לאָנקע האָט אַ פּויער זייער זאָרגעוודיק צונויפֿגעשאַרט אין סקירדעס אָפּגעקאָסיעט און אויסגעטריקנט היי, און זײַנע שכנים אָדער זינדלעך, צי גאָר ברידער האָבן צילנדיק אין אונדז מיטן געווער, באַפֿוילן פֿאַרלייגן די הענט אויפֿן קאָפּ, באַפֿוילן אַראָפּלאָזן זיך אויף דער ערד, איינער אָפּגערוקט פֿונעם צווייטן.

יעדערן פֿון אונדז האָבן די שיינע לײַט גרונטיק דורכגעזוכט, אויסגע־טאַפּט און צוגענומען דאָס וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שטיקל ווערט. לסוף געהייסן אויסטאָן די רעקלעך, די אייבערהעמדער, געהייסן אָפּגעבן די שליי־קעס, די רימענס... פֿולשטענדיק באַראַבעוועטע האָט מען אונדז געצוווּנגען זיצן אויפֿן גראָז, די הענט פֿאַרלייגט אויפֿן קאָפּ, און זיך פֿון אָרט ניט רירן.

בײַ קיינעם האָט קיין ספק ניט געקאָנט אויפֿקומען וועגן דעם, וואָס אונדז דערוואַרט. ס'האָבן נאָר געפֿעלט רידלען צו גראָבן זיך אַ קבר...

אַלע אָפּגעמישפּטע זענען אויף דער לאָנקע. בלויז דאָס קינדער־וועגעלע מיט מײַן נײַן חדשימדיק מיידעלע, וועלכן איך האָב געפֿירט דעם גאַנצן וואָגלוועג, איז געבליבן אויף דער סטעשקע. דאָס ברעקל קינד האָט זיך דאַרטן געקאָדערט, רוזשהדיק געבאַלעבעטשעט.

— לאָזט, לאָזט מיך נעמען דאָס קינד! שיסט עס צוזאַמען מיט אַלעמען!

— איז אויפֿגעשפּרונגען מײַן פֿרוי.

איינער פֿון יענע לײַט וואָס האָבן זיך געקליבן מיט אונדז זיך צו צע־רעכענען פֿאַר יעזוסן און מאַרקסן, האָט איר, דראָענדיק מיטן פּיסטויל, באַפֿוילן בלײַבן זיצן און אַ מרוקע געטאָן:

— זאָרג זיך ניט. מירן דײַן קינד מאַכן פֿאַר אַ גוטן קאַטאָליק...

דער פֿריש געבאַקענער היטלעריסטישער משרת איז, קענטיק, געווען אַ שוואַכער ידען פֿון דער נאַצישער ראַסן־תּורה, און זײַן יידן־שינאה איז דערווײַלע געשטאַנען אויף אַ נידעריקערן שטאַפּל, ווי בײַ זײַנע דײַטשישע רביים.

מײַן פרוי איז נאָך מער אויפגעצאַפּלט געוואָרן:

— ניין, ניין! צוזאַמען מיטן קינד, שיסט צוזאַמען מיטן קינד!

אַ געדאַנק, ווי אַ ווייטיק פון קדמונים, האָט וועלנדיק עפּעס לעסטערן, פּלוצעם צעוואָלגערט אַלע שטערונגען, אַרויסגעריסן זיך אויף דער אייבער־פלאַך און זיך צעשריִען: „זאָל דאָס קינד לעבן! ניט וויכטיק, וואָס עס וועט זײַן, אַבי עס זאָל לעבן!" דעם געדאַנק האָט באַגלייט אַ ווילד אויפגעיוירטע טענה צו אונדזערע אורזיידעס, למאַי זיי האָבן אַזוי עקשנותדיק זיך גע־קלאַמערט אין זייער אמונה, בעת מען האָט זיי דערפאַר אָן רחמנות געשאָכטן, געברענט אויף שײַטערס. געוויס, זיי וואָלט ניט לײַכט געווען צו בײַטן דעם גלויבן, אָבער אונדז וואָלט אַוודאי לײַכטער געווען צו לעבן אויף דער וועלט. ווען זיי מאַכן אַ סוף, האָקן איבער דעם נאָפּל צו זייער גאָט און עבר, וואָלטן מיר שוין געטיילט דעם גורל פון אַלע מענטשן גלײַך אויף גלײַך. ווי פּשוטע אײַנוווינער פונעם ערדקײַלעך וואָלטן מיר אויסגעמיטן די מוראדיקע נגישות, וועלכע מיר שטייען אויס בלויז דערפאַר, וואָס מיר זענען ייִדן...

מײַן פרוי האָט אָבער אין דער רגע פון העכסטן נסיון איבערגעחזרט אונדזערע אורזיידעס: בעסער שטאַרבן צוזאַמען מיטן קינד, איידער... אויך זי האָט זיך אויסגעקערט מיטן רוקן צו דער רישעותדיקער וועלט און גענומען זיך דאָס רעכט צו מישפּטן, צו אַנטשיידן איבערן גורל פון איר המשך, הגם אין אונדזער פאַל איז די דאָזיקע אַנטשיידונג כּלל ניט געווען אָפּהענגיק פון איר ווילן. דער גזר איז געווען פון פאָרויס באַשטימט: ייִדן פון געבורט קאָנען ניט האָפן אויף היטלערס חסד, מעגן זיי אַפילו בײַטן זייער גלויבן. ייִדן האָבן איצט קיין ברירה ניט...

פון איין זײַט — דער וואַלד — אַ טויב־שטומע מחיצה צווישן אונדז און דעם טראַקט, וווּ עס קאָכט און ברויזט. פון דער אַנדערער זײַט — א רחבותדיקע לאָנקע, אויף וועלכער אַ פּויער שאַרט גלײַכגילטיק צונויף אָפּגע־קאָסיעט און אויסגעטריקנט היי. מיר, אַ צען ייִדן מיט הענט, פאַרלייגטע אויף די קעפּ, זיצן אויף דער ערד און וואַרטן אויפן טויט. און איבער אַלץ און אַלעמען — אַ בלוטיקע שקיעה מיט אַ קופּערנעם שטערן.

די גרויסע עלנטקייט האָט אונדז, לעבעדיקע, אײַנגעוויקלט אין תּכריכים. מיר האָבן פאַר דעם קיין ווידוי ניט געזאָגט און איצט ניט געשריִען צו די הימלען: „אלי, אלי, למה עזבתנו!" ניט געווען וועמען צו בעטן, צו וועמען צו שרײַען. מיר זענען געווען פאַרלאָזט, אָפּגעשטויסן...

דער אומפאַרשטענדלעכער צופאַל האָט געוואָלט, מיר זאָלן אין יענעם פאַרנאַכט אָפּקומען מיטן לעצטן ביסל אייגנס און מיט טויט־שרעק. אויס־

טערלישע, ממש אומפאַרשטענדלעכע צופאַלן האָבן זיך איבערגעפלאָכטן, געקייטלט, אַרויסגעטראָגן פונעם טויטקלעם אונדזער הויל לעבן און עס אַרייַנגעבראַכט צו כּלל־ישׂראל — הינטערן שטעכלדראָט פון געטאָ.

הינטער אַ טויב־שטומער וואַנט, אויף אַ וויסטער לאָנקע בעת אַ בלוטיקן זונפאַרגאַנג האָט זיך דאָ שוין אייַנגעפונען אין דער גוואַלד פון רוצחישע קוילערס ניט בלויז איין מנין מענטשן. אַ גאַנצע עדה ייִדן איז עס געווען, פון וועלכער ס'האָט זיך אָפּגעקערט דער רוב פרייִערדיקע שכנים, דער רוב געוועזענע לאַנד־בעלי־בתּים און „מכניסי־אורחים" אירע. אָפּגעקערט זיך און גלייַכגילטיק צונויפגעשאַרט אין סטויגן היי...

**„פויגלפרייַ"**

שטרעבנדיק צו שענערע, צו דערהויבענערע עולמות, האָבן מיר אין אונדזער פרייִער יוגנט אָפּט געפּעסטעט דעם אַבסטראַקטן באַגער צו קאָנען אין גאַנצן פרייַ זייַן — אומגעצוימט זוכן און זיך פאַרמעסטן, פרייַ טרוימען, פליִען ווי פייגל אין די הימלען, און זינגען, זינגען ווי דער פויגל אין די צווייַגן...

און אָט — אַן אַכזריותדיקע איראָניע פון דער דולער צייַט: מיר זענען געוואָרן „פויגלפרייַ", Vogelfrei — לויטן רעכטבאַגריף פון די אַלט־גערמאַנישע באַרבאַרן. און דאָס באַטייַט: פאַרלירן אַלע מענטשלעכע רעכט, פרייַ זייַן ווי די פייגל פאַרן יעגער. יעדערער מעג מיט אונדז טאָן, וואָס אים פאַרגלוסט זיך און קיינער טאָר אונדז נישט בייַשטיין, ניט צוטיילן קיין שוץ, קיין הילף, ניט געבן קיין מקום־מיקלט.

נעכטן איז נאָך הייליק געוועזן דער מענטש — זייַן לעבן, זייַן פּערזענלעכע פרייַהייט, זייַן פאַרמעגן. הייַנט איז דאָס אַלץ הפקר. מען כאַפּט אונדז אין די גאַסן, מען שלעפּט אַרויס פון די שטיבער און מען פאַרשלעפּט ווער ווייסט וווהין. אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען. בלויז צוליבן אָפּשטאַם אונדזערן זענען מיר געוואָרן „פויגלפרייַ".

און אויב „פויגלפרייַ"... אַ, וואָס מיט אונדז געשעט אין מיטן העלן טאָג, פאַר אַלעמען אין די אויגן!

אַ גרופּע עלטערע ייִדן צווינגט מען אָפּקערן דעם טראָטואַר מיט זייערע בערד. די דאָזיקע „לוסטיקע שפּיל" איז אייַנגעפאַלן עטלעכע יונגאַטשעס, ליטווינער מיט ווייַסע אַרעמבענדער, וואָס בעלי־בית־געוועזן איצט אין שטאָט און דאָרף. פלייַסן זיך היטלערס משרתים, באַווייַזן וואָס זיי קאָנען: שטויסן,

בריקען, צעטרעטן אויף טויט אַן עלטערן ייִד, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פּאָלגן.

איינער פון דער זעלבער כּנופיה פאַרהאַלט אין גאַס אַ מאַנצביל:

— גיב אָפּ דײַן זייגערל! מיט גוטן!

פּרוּווט דער פאַרהאַלטענער זיך ווערן: סטײַטש, פאַר וואָס זאָל ער אָפּגעבן דעם חתונה־געשאַנק פון זײַן פרוי? ניט געוואָלט עס טאָן „מיט גוטן", פאַרשפּאָרט אים אַ קויל די מי. דער מערדער נעמט אַראָפּ דעם זייגער פון דער טויטער האַנט און באַפוילט צוויי פאַרבײַגייער אָפּטראָגן דעם הרוג אין אַ זײַט, ער זאָל קיינעם ניט שטערן...

אָדער: אַ מחנה ייִדישע מענער — צו פינף אין אַ ריי, מיט שטולן אויף די קעפּ — ווערט געטריבן איבער דער צענטראַלער גאַס פון דער שטאָט. (דײַטשן חוזקן: „דער שטולגאַנג".) עפּעס אַן אַנשטאַלט פון דער נײַער מאַכט דאַרף נייטיק שטולן. וואָס קאָן זײַן ביליקער פאַרן אומזיסטן „יודן־טראַנספּאָרט"? די אײַנפירער פון דער נײַער אָרדענונג זענען דערפינדעריש!

איינער פון די, ווע‏מען ס'איז איצט אַלץ דערלויבט, וואַרפט אַן אויג אויף אַן אויסגעפּוצטער ייִדישער פרוי. (צו וואָס האָט זי אָנגעטאָן אויף זיך איר צירונג? סײַדן געטראַכט, אַז אַזוי איז זי זיכערער מיט דעם.) אין מיטן גאַס איז ניט באַקוועם. פירט זי אָפּ דער, וואָס מעג איצט אַלץ, אין אַ זײַטיקן הויף, געפינט דאָרטן אַ שטעלכל, צווינגט זי אויסטאָן זיך, איז זי מאַנס, רײַסט אַראָפּ אירע אויריגלעך צוזאַמען מיטן פלייש, נעמט צו אירע זאַכן — אַ מתּנה פאַר זײַן אייגענער פרוי...

שוין אין דער ערשטער נאַכט, ווי נאָר די „ריטער פונעם מאַרש אויף מיזרח" האָבן זיך אַרײַנגעריסן אין קאָוונע, האָט דעם הימל איבער דער שטאָט באַלויכטן דער פלאַם פון אַ מזבח פאַרן גאָט פון האַס. ס'האָט געברענט אַן אונטערגעצונדן הויז מיט צוגויפגעטריבענע אַהין ייִדן. קיינעם איז ניט געראָטן אַרויסצורײַסן זיך פון די פלאַמען — ניט דורך די טירן, ניט דורך די פענצטער. דעם וועג האָט יעדעס מאָל פאַרשטעלט אַ קוילנהאָגל. די אָנגע־קומענע פײַערלעשער זענען, אַ פּנים, צום ערשטן מאָל אין זייער פּראַקטיק, געשטאַנען מיט צונויפגעלייגטע הענט און צונויפגעדרייטע וואַסערשלאַנגען און געקוקט אויף אַ שׂרפה. זיי איז געווען באַפוילן בלויז צו היטן, די פלאַמען זאָלן זיך ניט אַריבערוואַרפן אויף די שכנותדיקע געבײַדעס. דער פלאַקער גופא האָט געזאָלט דערברענען ביז אַש...

מיר האָבן באַקומען פּחד פאַר אונדזערע טײַכן — פאַרן בנאימותדיק־שטילן ניעמאַן און פאַר דער ראָמאַנטיש־פאַרטרוימטער ווילִיע. ניט איין ייִד

האָט געמוזט, אַן אָנגעטאָנענער, „אויסבאָדן זיך" אין זיי. ביקסרערן האָבן געשפּיגן מיט קוילן און געצווונגען די מענטשן בראָדזשען אַלץ ווײַטער, אַלץ טיפער אין וואַסער אַרײַן. ווער ס'האָט זיך ניט דערטרונקען „פרײַוויליק", איז פאַרזונקען אינעם וואַסערשטראָם, אַ דורכגעלעכערטער פון קוילן.

...בײַ טאָג, אויפן הויף פון אַ גרויסן אויטאָ־גאַראַזש אין צענטער שטאָט, געוועלטיקן פאָרשטייער פון דער „נײַער אָרדענונג". זיי צווינגען עטלעכע צענדליק צונויפגעכאַפּטע אויף דער גאַס ייִדישע מענער אויסטאָן זיך ביז צום אונטערוועש, אָפּרייניקן מיט די הוילע הענט דעם פּלאַץ און דעם שמוץ טראָגן אין די הויפּנס הין און צוריק. פּלאַצט דאָס געדולד בײַ איינעם פון די געפּײַניקטע: ער וועט מער ניט לאָזן זיך שפּײַען אין פּנים! נעמט מען אים מיט פרענטן אײַזן אַרײַנזעצן אין קאָפּ געהאָרכיקייט. געמאַכט די התחלה, טרעטן צו די רוצחים דערווײַזן די איבעריקע געכאַפּטע, אַז גאָט האָט זיך אָפּגעקערט פון די ייִדן: מיט שטיקער אײַזערנע רערן, פלעקענער און לאָפּעטעס צעקאַטעוועט מען די מענטשן. צו די וואָס פאַלן, נעמט מען זיך מיט גומישלאַנגען, מיט וועלכע מען וואַשט די אויטאָס. אַרײַנגעשטעקט די שלאַנגען אין די מײַלער און הינטערשטע אַרויסגענג פון די קרבנות, אָוועקגעלאָזט דעם וואַסערשטראָם אַזוי לאַנג, ביז עס פּלאַצן די אינגעווייד פון די אומגליקלעכע.

ווידער ווערן אויף דער גאַס צונויפגעכאַפּט „שפּיל־אָביעקטן" — ייִדישע מענער. מען צווינגט זיי צונויפלייגן די הרוגים אין איין קופּע. דערנאָך ווערט מיט די נײַע קרבנות איבערגעחזרט די פריִערדיקע טויטשפּיל. אויך זיי ברענגט מען אום אָן איין שאָס... אַ טיף אויפגעטרייסלטער פאַרבײַגייער, שוין ניט קיין ייִד, פּרווט זיך אײַנשטעלן, פּראָטעסטירן. שלײַדערט מען אים אויך אַרײַן אין דער מאָרד־וואַקכאַנאַליע. אויף דער צונויפגעוואָרפענער קופּע הרוגים קריכט אַרויף איינער פון די רוצחים און נעמט אויסבלאָזן אויף אַ מויל־האַרמאָניק פּאָפּולערע לידלעך. זײַנע קאָלעגן, שיכּורע פון שנאַפּס און בלוט, לאָזן זיך אַוועק אין אַ קאַראַהאָד, זינגענדיק און טאַנצנדיק ווי די פּראָים...

מיר זענען „פויגלפרײַ" — הפקר ווי די יאַגדפייגל. מען האַלט אונדז אין איין כאַפּן. אָן איבערקלײַב — יונג און אַלט, מענער און פרויען. מיט די צונויפגעכאַפּטע איז פאַרפול די שטאָטישע תּפיסה. מיט זיי זענען אָנגעפּראָפּט שולן, בתּי־מדרשים. פון דאַנען טרײַבט מען אַלעמען אין אַ פּאָרט פון דער אַמאָליקער שטאָטישער פעסטונג. וואָס וועט געשען מיט די פאַרשפּאַרטע דאָרטן מענטשן?

און וואָס דערוואַרט בכלל די ייִדן? מען מעג דאָך אָפּטאָן מיט אונדז כּל־דבר־אָסור, און קיינער טאָר אונדז ניט בײַשטיין, קיינער ניט!

כ'טו אַ קלער: פֿון וואַנען נעמט זיך אַזאַ רציחה? צי איז די טבע פֿונעם מענטשן אַזאַ, אַז ער מוז עמעצן האַסן, רודפֿן, מאָרדן? איך טראַכט און קום צו איין אויספֿיר: ווו מענטשן קאָנען ווערן „פֿויגלפֿרײַ", וועלן זיך אײַנגעפֿינען רוצחים, הענקערס.

האָט איר ניט געטרוימט אין אײַער פֿריִער יוגנט צו קאָנען פֿרײַ זײַן, ווי אַ פֿויגל? זענען מיר איצט ווידער מקנא די פֿייגל?

ניין. אויב זײַן פֿרײַ, ווילן מיר פֿרײַ זײַן, ווי ס'געהער מענטשן.

**איינער פֿונעם עם־הספר**

די קייט פֿון פֿאַרביסן־שטרענגע און כמאַרנע־שווײַגנדיקע וואַכלײַט — אין קאַסקעס, מיט אויטאָמאַטישע ביקסן, אַריבערגעהאַנגענע איבער דער ברוסט — האָט קיין גוטס ניט אָנגעזאָגט. קיינער פֿון די געטריבענע האָט אָבער קיין השגה ניט געהאַט, וווּהין זיי גייען. קיינער האָט ניט געוווּסט, פֿאַר וואָס מען האָט זיי, דווקא זיי אַרויסגעשלעפּט פֿון די הײַזער ווי זיי שטייען און גייען — האַלב אָנגעטאָנענע, אַנדערע אַפֿילו אין איינע נאַכטוועש פֿון די בעטן אויפֿגעהויבן. אמת, זיי זענען ייִדן, זענען איצט הפֿקר. נאָר פֿאַר וואָס צווינגט מען דאָס מאָל מיטצונעמען מיט זיך אַפֿילו די עופּעלעך, אויב מען פֿירט, ווי עס הייסט, אויף אַרבעט?

אויך די, וועמען ס'האָט אָפּגעגליקט ניט געכאַפּט צו ווערן צי אויסמײַדן די אַרומרינגלונג, האָבן ניט תּופֿס געווען וואָס דאָ געשעט. קיינער, קיינער האָט ניט געקאָנט ענטפֿערן אויף דער פֿראַגע, פֿאַר וואָס און וווּהין טרײַבט מען די ייִדן. צי דען בלויז אָפּצושפּעטן פֿון זיי? און אפֿשר איז עס, כּדי די איבעריקע שטאָטישע אײַנוווינער זאָלן זיך אײַנקריצן אין זכּרון, אויף וואָס די נײַע און פֿון איצט אָן „אייביקע אָרדענונג" איז פֿעיִק און וואָס זי קאָן מאַכן פֿון מענטשן. זאָלן אַלע זען, וואָס זי דערלויבט זיך צו טאָן. מעג עס זײַן אין מיטן העלן טאָג, מעג עס זײַן זומער, מעג דער ליפּעצוויט אָנזאַפּן די לופֿט מיט פֿאַרשיכּורנדיק־שמעקעדיקע ריחות!

בלוטיקע פֿאַגראָמען, אויסגעקוילעטע משפּחות, אָן אַ שפּור פֿאַרשווונ־דענע מענער און פֿרויען — אַרויסגעפֿירטע אויף לאַסטאויטאָס און אַוועק־געטריבענע צו פֿוס — צו דעם איז מען שוין געוווינט געוואָרן. נאָר אַט

דער מסוכן לאַנגער מענטשן־קאַראַוואַן, אַרומגערינגלט מיט אַזאַ שטאַרקער שמירה, איז געווען אַ נײַע דעטאַל אין דער „נײַער אָרדענונג".

פאַמעלעך באַוועגן זיך די געטריבענע. אגב, טרײַבט מען זיי ניט, מען איזדעקעוועט זיך ניט איבער זיי. די וואַכלייט זענען דאָס מאָל אײַנגעהאַלטן, שטומען. אויך די געטריבענע שווײַגן. זיי קוקן זיך אַלץ אַרום, פרעגן מיט די בליקן איטלעך איינעם: „פאַר וואָס דווקא אונדז? און וווהין פירט מען?"

פאַרקאָוועט אין ייִאוש און אימת־מוות, שפּרײַזן די געטריבענע — איין ווייפּולער מענטשנשטראָם, איין אויסגעניוועלירטע מענטשן־מאַסע. נאָר איבער אַלעמענס קעפּ סטאַרטשעט אַן אומגעוויינטלעך הויכער בחור. ער גייט פאַרטיפט אין אַ בוך, וועלכן ער האַלט צוגערוקט צו די אויגן. ס'איז שווער אים צו פאַרגעסן, אָט דעם הויכן בחור מיט די צעפּודלטע האָר, איינעם פונאַנדערגעכראַסטעטן אייבערהעמד, מיטן אָפענעם בוך פאַר די אויגן.

וואָס האָט ער אַזוינס געלייענט, אַז ס'האָט אים געגעבן כּוח צו איגנאָרירן די וואָר און אַוועקצוטראָגן זיך אין גאָר אַנדערע עולמות? און אפשר, ניט אַזוי דאָס געלייענטע בוך, ווי אַליין דאָס לייענען האָט אים אומגעקערט אין דער וועלט פון נאָרמאַלע מענטשלעכע השגות? ער האָט אפשר פאַרשטאַנען, אַז ער גייט דעם לעצטן וועג און ניט קאָנענדיק ענדערן אָט דעם פאַקט, האָט ער, איינער פונעם עם־הספר, קיין אַנדער שוץ, קיין אַנדער וואָפן ניט געפונען, ווי דאָס בוך. מיט פאַראַכטונג האָט ער אָפּגעענטפערט די, וואָס האָבן אים אײַנגעשטשעמעט אינעם אומקומקלעם, און מיטן ביטול־היש האָט ער אָפּגעצאָלט פאַרן לאָגל פּײַן און רישעות, וועלכן מען האָט אים צוגעטראָגן צו די ליפּן און געצוווּנגען אויסטרינקען ביזן דנאָ.

ס'איז מיר ניט געראָטן פעסטצושטעלן דעם נאָמען פונעם קדוש וואָס איז, פאַרטיפט אין אַ בוך, געגאַנגען באַגעגענען דעם טויט און זיך אַרויסגעהויבן איבער דער גאַנצער עדה. איך טראַכט אָבער, אַז אויסגעטיילט האָט ער זיך פּשוט צוליב זײַן הויכן וווּקס. וויפל ענלעכע צו אים האָבן זיך ניט אַרויס־געזען?

## מיט בלוט געשריבן

גאָר אין גיכן האָבן מיר שוין אַ סך פאַרשטאַנען. אויך פאַרשטאַנען, פאַר וואָס די תּוכחה האָט זיך אויסגעגאָסן אויף די ייִדן פון דער קאָוונער פאָרשטאָט ווילאַמפּאָלע — סלאָבאָדקע, אינעם פאָלקס־לשון, — וווּ ס'האָבן געלעבט ייִדישע האָרעפּאַשניקעס און אָרעמעלײַט, וווּ ס'זענען געווען די

וועלטבאַרימטע ישיבות... פאַרכאַפּט קאָוונע, האָבן די היטלעריסטן און די פּריש אויסגעבאַקענע אַרטיקע משרתים זייערע גענומען אין סלאָבאָדקע „שאַפן רוים" פאַר דער קומענדיקער געטאָ.

נאָך דער „נאַכט פונעם לאַנגן מעסער", וואָס די קוילערס האָבן דאָ באַלד געפּראַוועט, זענען די לעבנגעבליבענע יידן געצווונגען געוואָרן צוריקצו־שטעלן אין זייער ווינפּערטל דעם סדר־העולם. די פאַררינגלטע ביי אַ וואָך ציים לאַדנס און פאַרמאַכטע פענצטער האָבן שרעקעוודיק זיך געעפנט, און די זון האָט געפּרוווט אַריינהויכן חיות אין די אָבלדיקע שטיבער. טירן, טויערן האָבן אומזיכער זיך געעפנט... דעם לעבן אַנטקעגן?

מיט דער כוונה אונדז צו פאַרנאַרן אין געטאָ אַריין, האָט אין סלאָבאָדקע גענומען הערשן רו, בעת אין שטאָט האָט ניט אויפגעהערט בושעווען דער מוראדיקער פּאָגראָם. געבליבן זענען אָבער אין סלאָבאָדקע שרייַיקע עדות פון דער הריגה־נאַכט — בלוטפלעקן אויפן גאַסנברוק און צימערדילן, אויף הייַזערוואַנט און הויפפלויטן. זיי האָבן געשרפּעט אונדזערע בליקן, שטומער־הייט זיך אָפּגערופן אונטער די פוסטריט בקולי־קולות.

גרויל און טויט האָבן דאָ אויף יעדן שפּאַן אַרויפגעלייגט דעם שטעמפּל פון זייער ממשלה. טרעטסט אַרויף אויף אַ קוטשמע פּרויענהאָר, אַרויסגע־ריסענע מיטן פליייש. שטויסט זיך אָן אין אַ פאַרגיפסעוועט קינדערש פּיסל, וואָס וואַלגערט זיך אויף דער ערד. מען האָט עס געהאַט אַרויסגעדרייט, אַרויסגעריסן פונעם לעבעדיקן קינדס געלענק...

עמעצער האָט דערציילט:

— שטעלט זיך פאָר, כ'קום אַרייַן אין דער דירה פון מייַן גוטן באַקאַנטן, דעם אַרבעטער בענצל פייַן, און דערזע, עס וואַלגערט זיך אונטערן טיש אַן אָפּגעהאַקטע האַנט... שכנים האָבן איבערגעגעבן, אַז בענצל האָט באַגעגנט די פאַגראָמשטשיקעס מיט אַ האַק. האָט מען אים דערשאָסן און מיט דער האַק צעבראָקט אויף שטיקער אין די אויגן פון זייַנע אייגענע. דערנאָך האָט מען אַלעמען דערהרגעט. בייַם אויפקלייַבן די טויטע איז די האַנט געבליבן אומ־באַמערקט.

אַ לעבעדיקער עדות פון די רציחות אינעם צוקונפטיקן געטאָ־ראַיאָן האָט אָנגעוויזן אויף אַ גרוי הילצערן שטיבל, אין וועלכן ס'האָבן דורכן געעפנטן פענצטער זיך אַרויסגעזען פאַליצעס מיט ספרים:

— דאָ האָט געוווינט דער אַלטער סלאָבאָדקער רב, זלמן אָסאָווסקי. בעת יענער נאַכט־שחיטה איז ער געזעסן אייַנגעהילט אין אַ טלית, פאַרטיפט אין אַ ספר. די אָנגעקומענע רוצחים האָבן מיט אַ זעג אָפּגעשניטן זייַן קאָפּ און

אָװעקגעשטעלט אויפן געעפנטן ספר. פון די שטוביקע איז קײנער ניט גע־בליבן בײַם לעבן, איז דער קאָפּ אַזוי אָפּגעשטאַנען עטלעכע טעג, די װײַסע באָרד — אין אַ לוזשע פאַרטריקנט בלוט...

אײנער, װעמען מען האָט צו גלײַך מיט אַנדערע, געצװוּנגען מקבר זײַן די קרבנות, האָט אַ טיף אויפגערודערטער דערציילט:

— מיר קומען אַרײַן מיט די טראָגבעטלעך אין דער דירה פון דער צײַנדאָקטערין יאַטקונסקי, און ס׳װערט מיר אַזש ניט גוט: די דאָקטערין, אַ האַלב־נאַקעטע, מיט צעשניטענע בריסט, װאַלגערט זיך אויפן דיל. דער־נעבן, אָפּגעגאָסענע מיט בלוט, — די גרויליק צעקאַטעװעטע, צעהאַקטע קערפּערס פון אירע קינדער און דעם מאַן.

די דאָזיקע מעשׂים־נוראים, דער אַפּאָגיי פון רציחה, האָט, אַ פּנים, גע־הערט צו אַ מערדער־באַנדע װאָס האָט זיך „ספּעציאַליזירט״ אין מענטשן־קצבערײַ. טייטן אויף אַזאַ אופן במשך פון אײן נאַכט איבער טויזנט מענטשן װאָלטן אַפילו די פּלײַסיקסטע „שעפער פון דער נײַער אָרדענונג״ פּשוט ניט געקאָנט באַװײַזן. כּדי אויסצופילן די פון העכער געשטעלטע „אויפגאַבע״, האָט מען געמוזט אָנקומען צו ביקסן און אויטאָמאַטן, און מאָרדן — װוּ ס׳איז נאָר אויסגעקומען — אין די הײַזער און אויף דער גאַס, אין די בעטן און אין די הויפן.

דעם דאָזיקן שװער געטראָפענעם ראַיאָן האָט מען דערנאָך אַרומגע־גאָרטלט מיט שטעכלדראָט, אַרומגעשטעלט מיט אַ װאַך און אַרײַנגעטריבן אונדז אַהער — בײַ דרײַסיק טויזנט מענטשן, די לעבנגעבליבענע ייִדן פון דער שטאָט קאָװנע.

אײן מאָל האָלט מיך אָפּ דאָ אַ באַקאַנטער און נעמט שטאַרק בעטן, כ׳זאָל אַרײַנגײן צו אים אויף אַ רגע. אין זײַן קעמערל איז אַ מוראדיקע ענגשאַפט צוליבן געדיכט אָנגעשטעלטן מעבל און די אָנגעװאָרפענע פּעק און װאַליזעס. ניט אויסרעדנדיק קײן װאָרט, שטופּט דער באַקאַנטער אָפּ אַ גרויסן פּאַק, און עס באַװײַזן זיך אויף דער װאַנט ברוין־רויטע פלעקן. גוט אײַנגעקוקט זיך, באַמערק איך אַז די פלעקן בילדן אותיות — צעשמירטע, געבראָכענע, לאָמע. אותיות װעלכע שטעלן צונויף דאָס װאָרט — „נקמה״.

— בלוט, מיט בלוט געשריבן! — פּלאַצט אַרויס מײַן באַקאַנטער. — מיר האָבן געפונען אַ דערהרגעטן מאַנצביל בײַ דער װאַנט אָט אָ דאָ. זײַן רעכטע האַנט — אין פאַרטריקנט בלוט. ס׳איז קלאָר: אַ שװער פאַרװוּנדיק־טער, האָט ער געטונקען די פינגער אין אײגענעם בלוט און אָנגעשריבן פאַרן טויט די דאָזיקע צװאה.

דער בעל־הבית פונעם צימער נעמט פונאַנדעררוקן דאָס מעבל, איבער־לייגן דאָס געפּעק. פאַרשטעלנדיק די אויפשריפט מיט אַ שאַפע, זאָגט ער באַפעלעריש־שטרענג:

— די אויפשריפט וועל איך שוין היטן. זאָל זי בלײַבן! ביז צו דער באַפרײַונג בלײַבן זאָל זי! און איר פאַרשרײַבט בײַ זיך: דאָס איז געווען דער מעכאַניקער פון דער טוכפאַבריק „דראָבע״, עקיבא פּוכערט.

**ערבניצעס**

— דערציילט, דערציילט און איך וועל פאַרשרײַבן.

קווענקלען זיך די עטלעכע פרויען, מיט וועלכע מיר שמועסן. איינע זאָגט, אַז זי ווייסט ניט פון וואָס אָנצוהייבן. אַ צווייטע פאַרענטפערט זיך, אַז זי קאָן ניט גוט דערציילן. אַ דריטע פאַרטראַכט זיך און כאַפּט גאָר ווישן אַ טרער.

— עס גייט ניט, ליבע פרײַנד, אין גוט און פליסיק דערציילן. טוט עס ווי איר קאָנט. דערציילט וואָס איר האָט איבערגעלעבט, וואָס געזען מיט די אייגענע אויגן, און איך וועל שוין פאַרשרײַבן, וועל אויסגלײַכן די שפּראַך, ווו נייטיק — זי אויסבעסערן. כ׳וועל קיין זאַך ניט פאַרשענערן. זײַט רויק. קיין זאַך ניט צוטראַכטן און ניט צושרײַבן.

פון רבקה בלאָכס דערציילונג:

— אונדז, מיידלעך, פרויען און קליינע ייִנגלעך, האָבן ליטווישע היטלער־משרתים צונויפגעכאַפּט אין די גאַסן און פאַרשפּאַרט אין כמעט פינצטערע, טוכלע אונטערערדישע היילן פון אַ פאָרט אין דער אַלטער שטאָטפעסטונג. מיר האָבן זיך אויסגעלייגט אויפן אײַז־קאַלטן און פײַכטן דיל. ס׳איז פאַרבײַ אַ טאָג. ס׳איז אָנגעקומען אַ צווייטער, און קיינעם לאָזט מען ניט אַרויס. מען האַלט אונדז אָן אַ ביסן ברויט, אָן אַ טרונק וואַסער. די הונגעריקע און דאָרשטיקע קינדער האָבן געשרײַען, געיאָמערט, געריסן די הויט פון זיך. פרויען האָבן אײַנגעהאַלטן געכליפּעט. די שוואַכערע זענען געלעגן אין גאַנצן פאַרשמאַכט. אַ שוואַנגערע איז געגאַנגען צו קינד...

אַוועק נאָך אַ טאָג — ס׳האָבן זיך אײַנגעפונען טויטע. האָט מען זיי צונויפגעלייגט אין אַ ווינקל, ווײַל טיר־און־טויער זענען נאָך אַלץ געווען פאַרריגלט. די וועלט איז געבליבן טויב צו אונדזערע געוויינען, געבעטן און געשרייען.

שרעקלעך איז געווען בײַ טאָג, נאָך שרעקלעכער — בײַ נאַכט. אוי, די נעכט! די קאָשמאַרן פלעגן זיך אָנהייבן אַזוי: אַ פּאָר צענדליק ליטווישע

וואַכלײַט מיט עלעקטרישע לאַמטערנדלעך אין די הענט לאָזן זיך אַראָפּ צו אונדז. זיי פּאַרקריכן אין דער געדיכטעניש פון די ליגנדיקע פּרויען, טרעטן אונדז מיט די שטיוול און פּאָדערן אָפּצוגעבן די זייגערלעך, די רינגען, אוירינגלעך, דאָס געלט, וואָס מיר האָבן. מיר דאַרפן דאָס אַלץ אַרײַנוואַרפן אין ווײַסע ציכלעך, וואָס זיי האַלטן, פונאַנדערגעקנעפּלטע, אין זייערע הענט. דערנאָך פאַרשווינדן זיי מיטן רויב. אַוודאי גייען זיי מאַכן צווישן זיך די חלוקה. און קומען ווידער. ווען ס׳פּלעגט בײַ קיינעם מער ניט בלײַבן וואָס אָפּצוגעבן, פּלעגן זיי אונדז נעמען שלאָגן. מיט די פּריקלאָדן פון די ביקסן געממיתטס, פאַר וואָס מיר גיבן קיין זאַך ניט אָפּ...

שפּעט בײַ נאַכט פּלעגן זיך צו אונדז אַרײַנרײַסן טויט־שיכּורע וואַכלײַט און צווינגען ייִנגערע פרויען אויסטאָן זיך און זינגען, טאַנצן נאַקעטערהייט בײַ דער שײַן פון לאַמטערנדלעך. אויב עמעצער האָט געפּרוווט זיך אנטקעגנ־שטעלן, ניט געפּאָלגט, האָבן אויטאָמאַטן־סעריעס דורכגעלעכערט סײַ די „ווידערשפּעניקע״, סײַ „אומשולדיקע״. אָנגעזעטיקט זיך מיט דער וואַקכאַ־נאַליע, פּלעגן די אוממענטשן נעמען אָפּקלײַבן ייִנגערע, שענערע פּרויען און מיידלעך און זיי געפירט כּלומרשט רייניקן קאַזאַרמעס, וואַשן דילן, שיילן קאַרטאָפל. יעדעס מאָל צו עפּעס אַן אַנדערער „אַרבעט״. קיינער פּלעגט אָבער פון אָט דער „אַרבעט״ זיך ניט אומקערן. מיר האָבן זיך באַלד דערוווּסט, אַז די בלוטהינט פירן אַוועק זייערע קרבנות צום באַוואַקסענעם מיט קוסטעס פאַרטאָפּהאַנג, פאַרגוואַלדיקן זיי און דערשיסן.

אַנע סווירסקי גיט איבער אַזאַ פּרט פון יענע נאַכטקאָשמאַרן:

— אַ מוטער האָט מיט די לעצטע כּוחות געשיצט איר טאָכטער, אַרומ־געקלאַמערט זי, ניט געלאָזט אַרויספירן פון קעלער. האָבן די רוצחיםביידן אַרויסגעשלעפּט. אין די אויגן פון דער מוטער מאַנס געוווען די טאָכטער און דערשאָסן. די מוטער האָט מען צוריק אַרײַנגעשלײַדערט אין קעלער. צוויי מעת־לעת איז געשטאַנען אינעם אונטערערד די האַרצרײַסנדיקע יללה פון דער אומגליקלעכער. זי איז גראָ געוואָרן און אַראָפּ פון זינען.

און אָט וואָס די יוריסטין סאָניע שאַבאַד האָט דערציילט:

— נאָך עטלעכע טעג האַלטן אונדז פאַרשפּאַרט אין די קעלערס, האָט מען אַלעמען געלאָזט אַרויסגיין „כאַפּן פרישע לופט״. ס׳האָט אונדז דעמאָלט אין גאַנצן דערשלאָגן דער פאַל מיט די קינדער און די פּלעצלעך... זייער מוטער האָט ערגעץ ווו אויסגעגראָבן אַ ביסל מעל, צונויפגעקליבן צווײַגלעך און צווישן צוויי ציגל פונאַנדערגעפירט אַ פײַער. אויף אַ געפונען שטיקל בלעך האָט זי אָפּגעבאַקן פאַר אירע קינדער פּלעצלעך אַזעלכע. דאָס האָט דערזען

אַ וואַכמאַן. איז ער צוגעגאַנגען צו איינעם פון די קינדער און געפרעגט: „אַ געשמאַקע בלינצע? נאַ דיר אַ צווייטע!" און אַרײַנגעשאָסן דעם קינד אַ קויל אין מויל. אַזוי האָט ער דערהרגעט דאָס צווייטע און דריטע קינד...

די דערציילערינס האָבן נאָך דערגעבן:

— מיר האָבן מורא געהאַט פאַר די דײַטשן, געהערט וועגן זייער אומ־ברחמנותדיק רודפן ייִדן. ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז ניט קיין קלענערע מעשׂים־נוראים וועלן אָפּטאָן ליטווינער, צווישן וועלכע ייִדן האָבן לאַנגע, לאַנגע יאָרן געלעבט אין גוטער שכנהשאַפט? איז דער ווייטיק געווען אַזוי גרויס, און די אַנטוישונג אין מענטש — אַזוי טיף...

מיר ווילן זײַן אָרנטלעך און אָפּמערקן, אַז די רוצחים האָבן געקאָנט אַרויסווײַזן אויך „גרויסהאַרציקייט". דער יונגער קאָוונער דאָקטערין פּ. האָבן זיי נאָכן פאַרגוואַלדיקן „געשאַנקען" דאָס לעבן — אַראָפּגעשטופּט זי פון דעם פאָרט־שיפּוע אין שטאָט אַרײַן.

— גאָט, וואָסערע חיות! — האָט געקרעכצט די דאָקטערין, פאַרגראָבנדיק אין די דלאָניעס איר פּנים. — וואָסערע שרעקלעכע געזיכטער! און ווי פיל זענען זיי געווען!

אָן אָנגעשטעקטע מיט אַ ווענערישער קרענק, האָט זי באַלד אַליין גע־מאַכט אַ סוף צו איר לעבן.

דעם דאָזיקן פאַקט האָב איך זיך דערוווסט פונעם באַקאַנטן קאָוונער דאָקטער מ. בראַונס, וואָס האָט אין דעם פאַל ניט אָפּגעהיט דעם מעדיצינישן סוד.

און אָט וואָס עס דערציילט...

גענוג! ווער האָט כּוח און נערוון?! גענוג מיט די דערציילונגען פון די לעבעדיקע עדות. חידושט זיך ניט. עס זענען לכתּחילה געבליבן אַ סך לעבע־דיקע עדות.

יאָ, יאָ, געבליבן! די צונויפגעטריבענע אין פאָרט עטלעכע טויזנט ייִדישע מענער האָט מען אַכזריותדיק אומגעבראַכט, דערשאָסן. אָבער די פרויען און קינדער, ניט רעכענענדיק די קרבנות פון די נעכט, זענען אָפּגעקומען מיט שרעק. מען האָט זיי אַריבערגעפירט אין אַ צווייטן קאָוונער פאָרט און פון דאָרטן אַרויסגעלאָזט.

אפשר נעמט אַ סוף צו דער הפקרות?

אין גיכן האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער דאָזיקער „חסד" האָט גאָר געהאַט אַ שײַכות צו דער פאָדערונג פון דער דײַטשישער מאַכט, די ייִדן זאָלן בילדן זייערע אַ פאָרשטייערשאַפט... קיין פּריוויליקע האָבן זיך אויף דעם

ניט איַינגעפונען. האָט געסטאַפּאָ געלאָזט ברענגען צו זיך אַ רב און עטלעכע באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע עסקנים און זיי געמאָלדן: אין משך פון אַ מעת־לעת זאָל ווערן צונויפגעשטעלט אַ קאָמיטעט צי אַ ראַט, אין דער שפּיץ מיט אַ ייִדן־עלטסטן, כּדי צו „העלפן אָרדנען די יודן־פּראָבלעמען". אויב ניט, וועלן די פאַרשפאַרטע פּרוּוען און קינדער דערשאָסן ווערן...

אַ באמת ניט קיין קליין געצאָלט: אַ וועלכע צוויי טויזנט נפשות פאַרן אויספּילן אַן אַדמיניסטראַטיוון באַפעל. בלויז ניט פעסטגעשטעלט האָבן די דיַיטשן, אויף ווי לאַנג וועט גילטן זייער דאָזיקע לעבנס־פּראָלאָנגירונג פון די מענטשן.

דאָס איז געשען אויף דער צווייטער וואָך פון דער נאַצי־הערשאַפט אין אונדזער שטאָט. פאַרצייכנט די פאַקטן האָב איך שפּעטער.

## שטילקייט

שוין. דער געטאָצוים איז אויפגעשטעלט, און מיר זענען פאַרשפאַרט הינטערן שטעכלדראָט.

און געוואָרן איז דאָ פּלוצעם שטיל, זייער שטיל.

האָט עמעצער געזאָגט:

— ווי איר ווילט זיך, מיר געפעלט ניט די שטילקייט.

קיינער האָט זיך מיט אים ניט געאָמפּערט. מען האָט נאָר דערגעבן:

— שטיל ווי אין אַ קבר. שטיל ווי אויפן בית־עלמין.

מיר זענען ווי פאַרמישפּטע געזעסן אין די היַיזער, צונויפגעפּרעסט אין ענגשאַפט און אין אַנגסטן. געשוויגן און זיך אַליין געפרעגט: „וואָס וועט וויַיטער זיַין? וואָס באַטיַיט אָט די שווערע, פאַרטיַיעטע שטילקייט?"

דער ערשטער טאָג הינטערן אָפּגעשלאָסענעם געטאָצוים האָט זיך געצויגן ניט אויסצוהאַלטן. זעלטן־ווען האָט עמעצער געוויזן זיך אין גאַס. פאַרבינדונג פון איין הויף מיטן אַנדערן, פון איין געסל מיטן צווייטן האָט מען אויפגעהאַלטן דורך די אויפגעריסענע לעכער אין די פּאַרקענעס.

ס'איז געווען שטיל. ס'איז געווען שטיקנדיק הייס.

די שטילקייט ביַי אונדז אין שטוב האָט אין מיטן העלן טאָג צעשטערט אַ קלאַפּ אין דער טיר. אַ מיטליאָריקע פרוי, אַנגעטאָן אין שוואַרצן, מיט אַקוראַט צוגעניייטע אויפן האַרץ און אויף דער פּלייצע זיַידענע געלע מגן־דודס, האָט איבערטרעטנדיק מיט יִראת־הכּבוד אונדזער שוועל, זייער העפלעך געפרעגט:

— ניטאָ דאָ אַ מאָל מײַן אַבראַשעו?

דערזען אונדזערע פֿאַרחידושטע בליקן, האָט די מראה פֿון איר פּנים גענומען זיך בײַטן. שטרענגער, פֿאַדערנדיקער איז געוואָרן איר שטים:

— מײַן אַבראַשען זוך איך!

און ניט בעטנדיק קיין דערלויבעניש, ניט קוקנדיק אויף קיינעם, מיט אויפֿגעבלאָזענע נאָזלעפֿלעך, ווי וועלנדיק מיטן חוש־הריח עפּעס דערשנאַפּן, האָט זי זיך געלאָזט איבערן שטיבל. דורכגענישטערט אַלע צימערן און ניט געפֿונען, וועמען זי האָט געזוכט, איז זי מיט געבײַלטע פֿויסטן און מיט אַ ביטערן געיאָמער אַרויסגעלאָפֿן:

— גזלנים, מײַן אַבראַשען גיט מיר אָפּ!

אונדזערער אַ שכן האָט דערציילט, אַז די פֿרוי גייט אַזוי אַרום איבער דער געטאָ שוין דעם ווײַפֿלטן מעת־לעת, אָן אויפֿהער — בײַ טאָג און בײַ נאַכט. ווו נעמט זי כּוח?

— אַ מענטש איז טאַקע שטאַרקער פֿון אײַזן, — האָט עמעצער מיט נאָך אַ בײַשפּיל געוואָלט באַשטעטיקן די אוראַלטע מסקנה.

— צרות מאַכן שטאַרק, — האָט אַ צווייטער דעם פּועל־יוצא געזוכט אין דער סיבה גופֿא.

אַ דריטער האָט ווי אונטערגעפֿירט דעם סך־הכּל פֿון אַלעמענס רייד:

— דער לעצטער אויפֿפּלאַקער פֿונעם לעבן ברענט מיט אַ מוראדיקן פֿלאַם... וווּנדערן דאַרף מען זיך גאָר, וואָס מיר ווערן ניט משוגע.

און ווידער איז די שטילקייט אַרײַן אין איר רעכט — געוואָרן נאָך דריקנדיקער, פֿאַרביסענער, אימהדיקער.

אָוונט צו האָט דער עולם זיך גענומען פֿאַרטראַכטן וועגן דער אָנקומענדיקער נאַכט. שוואַרצער פֿון שוואַרץ, אימהדיקער פֿון אַלע אימהס, פֿול מיט שיסערײַען, יללות, פֿאַרווונדיקטע און הרוגים זענען געווען די לעצטע נעכט אין שטאָט. וואָס גרייט אונדז די ערשטע נאַכט אין דער אָפּגעשלאָסענער געטאָ? מיט וואָס שוואַנגערט די שטילקייט הינטערן צוים? אפֿשר נאַרט זי גאָר אָפּ? אפֿשר לאָקערט עס אַזוי דער מלאך־המוות, כּדי צו קאָנען וואַרפֿן זיך אויפֿן פֿאַרשלעפּערטן קרבן און אים פֿאַרצוקן — לײַכט און אויף איין מאָל?

האָבן זיך אײַנגעפֿונען צווישן אונדז אַזעלכע, וואָס טראַכטן ניט בלויז וועגן זיך, און אָנגעהויבן רעדן וועגן אַ זעלבשוץ, ווי אין די צאַרישע צײַטן בעת די פּאָגראָמען. ווי שיצט מען זיך אָבער איצט? מענער דאַרפֿן שלאָפֿן אין דרויסן, וואַכן אין די הויפֿן. טאָמער אָן איבערפֿאַל, וועלן זיי אויפֿהייבן

אַ טומל און אויפוועקן אַלעמען. אַ געשריי זאָל אויפגיין צו די הימלען און צעטומלען די מענטשן אויף דער ערד. דורך די געמאַכטע לעכער אין די פּאַרקענעס וועט מען לויפן פון הויף צו הויף. שרײַען און לויפן איז דאָס סאַמע נאַטירלעכע רעכט פונעם קרבן. קיין אַנדער ווידערשטאַנד וועסטו איצט דאָ ניט שטעלן. ס'איז שטרענג פאַרבאָטן צו באַזיצן געווער. אַפילו אַ געפונען פּיניש מעסער בײַ אַ ייִדן האָט באַוויגן די דײַטשן אים צו דערשיסן אויפן אָרט און זײַנע אייגענע ערגעץ אַרויסצופירן... נאָר אויב אַלע וועלן שרײַען און לויפן! דרײַסיק טויזנט מענטשן וועלן אויפהייבן אַ געשריי און נעמען לויפן!..

מיר זענען געבליבן וואַכן אונטערן פרײַען הימל. די אָוונטיקע קילקייט האָט אַ קאַפּ אָפּגעפרישט. ס'איז לכל־הדעות אײַנגענעמער איבערצונעכטיקן אין דרויסן, איידער אינעם דושנעם, מיט מענטשן אָנגעפּראָפּטן הויז. עמעצער האָט זיך אײַנגעמאָסטעט אויף אַן אַרויסגעטראָגענער באַנק, אַ צווייטער — אויף אַ פונאַנדערגעלייגט בעטל. אַנדערע האָבן זיך געמאַכט אַ געלעגער פּשוט אויפן גראָז. קיינער האָט זיך, פאַרשטענדלעך, ניט אויסגעטאָן.

מען איז געלעגן און געטראַכט: ווי וועט מען לעבן אין געטאָ? פון וואָס וועט מען לעבן? איז שוין טאַקע אַ סוף צום ווילקיר, צו די מאַסן־הריגות אָדער ס'איז די שטילקייט פון פאַר אַ גרעסערן שטורעם? פאַרטראַגענע אין די אייגענע מחשבות, האָט מען געקוקט אויפן אָפּגעשאָטענעם מיט קאַלטע שטערן סאַמעט־בלויען הימל און געשוויגן, ווי וועלנדיק זיך צונויפגיסן מיט דער אַרומיקער שטילקייט.

בלויז איין עלטערער מאַנצביל האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען. ער איז אַרומגעקראָכן איבערן הויף, געקוקט דורך אַלע שפּאַרונעס און לאַנג זיך פאַרהאַלטן בײַ אַ שפּאַלט אינעם טויער. אים איז דווקא ניט ניחא געווען דאָס נעכטיקן אין דרויסן. ער האָט זיך געהאַלטן בײַ דער מיינונג, אַז עס קאָן אַרויסרופן חשד און אָנטאָן צרות אַלעמען.

האָט ער זיך געוואָרפן פון אָרט צו אָרט און, ווי מורא האָבנדיק די שטילקייט צו צעשטערן, אײַנגערוימט יעדן איינעם אויפן אויער:

— אויף יענער זײַט גאַס לײַכט זיך... אַ פענצטער איז דאָרטן שלעכט פאַרהאַנגען. דײַטשן וועלן עס דערזען און אַלעמען צעשיסן. ווי היט מען עס ניט אָפּ דעם שטרענגן באַפעל וועגן דער פאַרטונקלונג? ווי, פרעג איך אײַך?

און בײַ יעדן איינעם האָט ער טאַקע געפרעגט, וואָס מען זאָל טאָן. אַריבערלויפן די גאַס און וואָרענען די מענטשן, איז סכּנת־נפשות. ס'האָט זיך שוין אָנגעהויבן די פּאָליציי־שעה. ס'איז באַפוילן האַלטן אַלע טויערן

געשלאָסן ביז אין דער פרי. אפשר זאָל ער וואַרפן אַ שטיין אין דעם שלעכט פאַרהאַנגענעם פענצטער? ווער זיצט עס בכלל ביַי ליכט אין געטאָ, דערצו נאָך אַזוי שפעט?

אַ גאַנצע נאַכט האָט דער ליכטפּאַס געשיַינט אינעם פענצטער, און אַ גאַנצע נאַכט האָט דער ייִד ניט גערוט. ער האָט געשאָטן מיט קללות און חרמות אויף די יעניקע, וואָס האָבן ניט קיין אַחריות און ברענגען אַרויף אומגליקן אויפן כּלל. ער האָט זיך געצאַפּלט, זיך געראַנגלט מיט עפּעס אַ געהיימער קראַפט, ווי אַ נאַכט־פלאַטערל מיט דער שויב, בעת עס וויל צוקומען צו אַ ברענענדיק פיַיער אין צימער.

אַן אייביקייט איז אונדז אויסגעקומען צו וואַרטן, ביז די קורצע זומער־נאַכט האָט אויסגעהויכט איר לעצטן אָטעם. דער באַגין האָט פאַרמעקט דעם ליכטפּאַס, וואָס האָט אַזוי פיל זאָרג פאַרשאַפט אונדזער שכן.

דער אומרויִקער ייִד, אַן אויסגעבלייכטער, מיט אַן איַינגעפאַלן פּנים און אַ שוואַרצער שטשעטינע האָר אויף די באַקן, האָט ענדלעך זיך דערוועגט אויפצוריגלען דעם טויער. דערזעענדיק אויף דער גאַס איינעם, אַ צווייטן פאַרביַיגייער, ס׳הייסט, אַז מען מעג שוין גיין, איז ער תּיכּף געלאָפן אויסגיסן זיַין צאָרן אויף די איַינוווינער פונעם אַנטקעגנדיקן שטיבל. צוריקגעקומען איז ער פאַמעלעך, שווער שלעפנדיק די פיס.

אַרום איז נאָך אַלץ געווען שאַ־שטיל. אין אָט דער שטילקייט האָט דער ייִד, איצט שוין אַ באַרויִקטער, אַ געהאַמעוועטער, אַריַינגעמורמלט:

— אַ פרוי איז דאָרטן געגאַנגען צו קינד. געבוירן אַ מיידעלע. מען גיט עס אַ נאָמען — געטאַ, געטעלע...

## רינהלעס אָנדענק

רינהלע נעמוניַיצקי האָט ניט זוכה געווען פאַרשפאַרט צו ווערן אין געטאָ. איר אָנדענק האָט אַהער אַריַינגעבראַכט די כירורגישע קראַנקן־שוועסטער ר.ק. פון איר האָב איך געהערט וועגן גורל פון אָט דעם מיידעלע און כ׳וועל עס פרוּוון אַרויפטראָגן אויפן פּאַפּיר. זאָל בליַיבן עפּעס אַ זכר פון רינהלען.

...טאָג־איַין, טאָג־אויס אינעם אָפּעראַציע־צימער האָט די קראַנקן־שוועסטער זיך געהאַט אָנגעזען ניט ווייניק מענטשלעכע ליידן. נאָר זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן, זינט ס׳האָבן אָנגעהויבן בושעווען אין שטאָט די ליטווישע פאַשיסטן און נאַצי־געהילפן, איז דער אָפּעראַציע־צימער פאַרוואַנדלט געוואָרן

אין אַ פּיליאַל פונעם גיהנום. אַ קײַלעכיקן מעת־לעת האָט מען געבראַכט אַהער שווער פאַרוווּנדיקטע: קרבנות פון מעסערשטעך און אויפרײַסקוילן, געפּלעטע מיט אײַזנפּרענטן און געטראָפענע פון הייס געווער.

מיטן שטראָם פאַרוווּנדיקטע איז אין דער כירורגישער אָפּטיילונג אַרײַנגעפאַלן אויך די עלפיאַריקע רינהלע. מען האָט זי געפונען אין דער היים לעבן אירע דערהרגעטע עלטערן — אַ געחלשטע, אַן אָפּגעגאָסענע מיט בלוט. איר האַנט, געטראָפן פון אַן אויפרײַסקויל, איז געהאַנגען בלויז אויף אַ הויטפּאַסיק ביי דער פּלייצע. האָט מען געמוזט די האַנט אַמפּוטירן.

צי מחמת דאָס איז געווען אין יענעם טאָג דער ייִנגסטער קרבן, דער ייִנגסטער פּאַציִענט, וועלכן מען האָט געבראַכט אין שפּיטאָל, צי ווײַל דאָס מיידעלע האָט געדולדיק, אָן געשרייען און גוואַלדן איבערגעטראָגן אירע מוראדיקע יסורים, צי מחמת עס איז געווען אַ ליב און שיין קינד, — די קראַנקן־שוועסטער איז צו רינהלען צוגעזאָטן געוואָרן: געגעבן איר אייגן בלוט אויף איבערצוגיסן, ניט אָפּגעטראָטן פונעם מיידעלע, ביז זי האָט זיך ניט אויסגעטשעכעט פונעם נאַרקאָטישן שלאָף פון נאָך דער אָפּעראַציע.

געקומען אַ ביסל צו זיך, האָט רינהלע ביטער געוויינט אויף איר פאַרלוירענער האַנט.

— ניט וויין, רינהלע, — האָט די קראַנקן־שוועסטער זי געטרייסט. — דײַן האַנט וועט אָפּוואַקסן. דערמאָנסט זיך, דיר זענען אָפּגעוואַקסן די אַרויסגעפאַלענע ציינדלעך. וועט אויך אָפּוואַקסן די האַנט.

— איר זאָגט אמת, טאַנטע? — האָט דאָס מיידעלע געעפנט גרויסע פאַרחידושטע אויגן, און לאַנג, לאַנג האָבן געציטערט אירע פאַרטריקנטע ליפּן, ניט אַרויסברענגענדיק קיין קלאַנג.

ביידע האָבן געשוויגן. ביידע — מיט טרערנקנוילן אין קעל. נאָר פּלוצעם האָט דאָס מיידעלע ווידער אָנגעהויבן נויען:

— וואָס וועל איך איצט טאָן אָן טאַטע־מאַמע?

...די אַרײַנגעדרונגענע צו זיי אין דירה צעיושעטע ברואים האָבן צוגערויבט בײַם פאָטער ס'געלט, זײַן זייגערל און גענומען זיך טשעפּען צו דער מוטער, געשלעפּט זי צום דיוואַן. דער פאָטער האָט זיך אײַנגעשטעלט פאַר איר. האָט עס אַ דונער געטאָן אין צימער. טאַטע־מאַמע זענען אומגעפאַלן. זי, רינהלע, איז מיט אַ געשריי צוגעלאָפן צו זיי. האָט עס ווידער אַ דונער געטאָן. און זי איז פאַרזונקען אין אַ פינצטערן יסורים־תהום. בעת מען האָט זי אויפגעוועקט און אַרויסגעטראָגן פון צימער אויף אַ טראָגבעטל, האָט זי ווידער גערופן טאַטע־מאַמע. נאָר זיי זענען געבליבן ליגן אויפן דיל.

— וואָס וועל איך איצט טאָן אָן זיי? — האָט רינהלע אונטערכליפּענדיק, געפרעגט נאָכן דערציילן איר גרוילפולע געשיכטע.

מען האָט געמוזט באַרויִקן דאָס קינד. האָט עס די קראַנקן־שוועסטער אַזוי געטאָן:

— דײַן פּאַפּע און מאַמע זענען פאַרוווּנדיקט, ווי דו. מען האָט זיי אָפּע־רירט. איצט וועלן זיי געזונט ווערן.

— טאָ פאַר וואָס ליגן זיי ניט אָט דאָ, ווו מען אָפּערירט?

— זעסט דאָך, רינהלע, אַז דאָ איז קיין אָרט ניט פאַראַן. ווען ס׳וואָלט געווען כאָטשבע איין פרײַע בעט. זעסט, אַפילו דיך מוז מען האַלטן אין קאָרידאָר. דײַן טאַטע־מאַמע געפינען זיך אין אַן אַנדער שפּיטאָל.

די קראַנקן־שוועסטער האָט צוגעזאָגט רינהלען צו באַזוכן אירע עלטערן, ווי נאָר זי וועט האָבן אַ פרײַע מינוט, און ברענגען אַ גרוס פון זיי.

— דערציילט נאָר ניט, אַז מען האָט מיר אַראָפּגענומען אַ האַנט, — האָט רינהלע אַן אויפגעציטערטע געבעטן.

— כ׳וועל זאָגן, אַז בײַ דיר איז דורכגעשאָסן אַ פוס, דעריבער קאָנסטו ניט קומען צו זיי, — האָט די קראַנקן־שוועסטער געגלעט דאָס קינד איבערן קעפּל.

רינהלעס פאַרנעפּלטע אויגן האָבן אויפגעשטראַלט מיט האָפענונג. נאָר באַלד איז זי ווידער אַרײַנגעפאַלן אין יִיאוש:

— און אַז כ׳וועל געזונט ווערן פריִער פאַרן טאַטן אָדער פאַר דער מאַמען, וואָס וועל איך אַליין, אָן זיי טאָן אין שטוב?

די קראַנקן־שוועסטער האָט אויך דאָס מאָל זיך אַן עצה געגעבן:

— וועסט לעבן בײַ מיר, ביז זיי וועלן אַרויס פון שפּיטאָל.

רינהלע האָט זיך באַרויִקט, איז אײַנגעשלאָפן און אָפּגעשלאָפן ביז אין דער פרי. אויפגעכאַפּט האָט זי זיך אַ שמייכלענדיקע. די קראַנקן־שוועסטער איז געווען בײַ איר בעט.

— איר ווייסט, טאַנטע, — האָט אָנגעהויבן דאָס מיידעלע, — מיר האָט זיך געחלומט, אַז די מאַמע האָט מיך אָפּגענומען פון שול. ס׳איז געווען אַזוי גוט, אַזוי שיין אין דרויסן. די זון האָט געשײַנט. אַ סך, אַ סך קינדער האָבן זיך געשפּילט אין הויף. איך האָב געטאַנצט איבער אַ שפּרינגשנור...

רינהלע האָט פּלוצעם מיט איר געזונטער האַנט אָנגעכאַפּט דעם ליידיקן אַרבל פונעם שפּיטאָלהעמד. איר בלאַס פּנים איז אַזש גרוי געוואָרן. טרערן האָבן זיך אַ גאָס געטאָן און זי האָט גענומען ווישן די אויגן מיטן איינציקן פויסטל.

די קראַנקן־שוועסטער האָט זיך אָפּגעקערט אין אַ זײַט...

דעם זעלבן טאָג איז רינהלע געשטאָרבן בײַ דער קראַנקן־שוועסטער אויף די הענט אין גרויסער היץ און קראַמפּן.

— איך קאָן ניט, קאָן זי ניט פאַרגעסן, — מאַכט צו מיר אַ צעקלעמטע די קראַנקן־שוועסטער. — ווי נאָר איך זע איצט אַ קינד, טראַכט איך: די זון, די פרײַהייט, דאָס לעבן, זאָלן, חלילה, ניט בלײַבן פאַר דעם בלויז אַ פוסטער טרוים, ווי פאַר רינהלען.

## די נײַע „עשׂרת הדברות"

ניט וועגן די צען געבאָטן פון חומש גייט דאָ אַ רייד. ניט וועגן אָפּגעבן כבוד טאַטע־מאַמע, ניט וועגן דעם אַז מען טאָר ניט גנבענען און גזלען, האַנדלט זיך אין די צען געבאָטן, וואָס די היטלעריסטישע מושלים האָבן די טעג פּראָקלאַמירט פאַר דער געטאָ.

דאָס זענען די צען פּאַראַגראַפן פונעם עפנטלעכן באַפעל וואָס דערקלערט, אַז מיר דאַרפן „פרײַוויליק, זאַפּאַרט און געוויסנהאַפט" אָפּגעבן די מאַכט־אָרגאַנען די און די ווערטזאַכן און חפצים, אויב מיר ווילן, די „הויזזוכונגען און רעקוויזיציעס" זאָלן אָפּגעשטעלט ווערן.

די הויזזוכונגען און רעקוויזיציעס... באַגלייטע פון אַ מוראדיקן טעראָר, האָבן זיי שוין געקאָסט דער געטאָ אָן אַ שיעור קרבנות.

„אַ כפּרה דאָס ביסל אייגנס, אַבי מען זאָל לאָזן צו רו", — האָט ווי באַשלאָסן דער רוב געטאָ־אַסירים. געווען אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט וואָס גיכער פּטור ווערן פון די חפצים, וועלכע די דײַטשן פאָדערן און זוכן. פּטור ווערן, כּדי אַן עק זאָל נעמען צו די צרות...

ווען מיר זאָלן צונויפטראָגן אין די זאַמלפּונקטן אַלץ, וואָס ווערט געפאָדערט אינעם באַפעל, אָנגעהויבן פונעם געלט, צירונג און די ווערטזאַכן ביז צו די נײַערע בגדים און אונטערוועש, בלײַבן מיר מאַטעריעל רויִנירט, נאַקעט־הויל, ווי אָפּגעשוונדן. נאָר טאָמער נעמט זיך עמעצער קווענקלען, צי ער זאָל טאַקע „פרײַוויליק, זאַפּאַרט און געוויסנהאַפט" זיך שיידן פון זײַן לעצטן פאַרמאָג, וואָרנט דער לעצטער פּונקט פונעם באַפעל: „די מאַכט־אָרגאַנען איז באַקאַנט, אַז פיל פון די געפאָדערטע קעגנשטאַנדן זענען באַהאַלטן אָדער פאַרגראָבן. דעריבער וועלן געמאַכט ווערן קאָנטראָל־פּראָבן מיט שפּירהינט און ספּעציעלע אינסטרומענטן. דאָרטן ווו מען וועט געפינען

עפּעס פון די געפּאָדערטע זאַכן, וועלן אַלע אײַנגוווינער פונעם הויף אָדער פונעם גאַנצן קוואַרטאַל דערשאָסן ווערן.״

אַלץ וואָס מען פאַרלאַנגט איצט פון אונדז, איז פאָרמולירט אין צען פּאַראַגראַפן. וואָס האָבן זיי בשותּפותדיקס מיטן חומש? אָבער אין געטאָ האָט מען, גאַליק וויצלענדיק זיך, זיי אָנגערופן די „נײַע עשׂרת הדברות״. אַ ביטערער חוזק? אַ סאַרקאַסטיש־מאַקאַברישע איראָניע? שפּריצן פונעם אַזוי גערופענעם תּליה־הומאָר?

ווי וואָלטן מיר געקאָנט איבערטראָגן אַלע נגישות, געקאָנט גאָר איצט לעבן אָן דעם ביסעלע הומאָר?

### צי מעג מען עסן טויבן?

מיר האָבן אַלץ געדאַרפט אָפּגעבן. מיר האָבן אַלץ שוין כּמעט ווי אָפּגעגעבן. און אָט — אַ נײַער רעקוויזיציע־באַפעל: „ביז מאָרגן איבערגעבן דער מאַכט אַלע קי, קעלבלעך, ציגן״... און ווי שטענדיק, ווערט געדראָט מיט טויטשטראָף פאַרן עובר זײַן אויפן באַפעל.

דער עולם איז אויפגערודערט: אין געטאָ זענען פאַראַן ברעקלעך קינדער, עופעלעך, קראַנקע. ווי וועלן זיי אויסקומען אָן אַ טראָפּן מילך?

ס׳איז קיין צײַט ניט געווען איבערצוטראַכטן און האַלטן זיך עצות, ווײַל די באַפעלן האָבן אָן אויפהער זיך געשאָטן אויף אונדזערע קעפּ, די רעקוויזיציע־טערמינען זענען געווען קורץ און די שטראָף — האַרב.

„אין פאַרלויף פון טאָג איבערגעבן אַלע פאַראַנענע אין געטאָ טויבן. אין קעגנפאַל — די העכסטע שטראָף!״

— קלאָר, טויבן קאָן מען אויסנוצן ווי אַ פאַרבינדונג־מיטל, און מיר דאַרפן זײַן איזאָלירט, אָפּגעשלאָסן אויף טויזנט שלעסער, — האָט עמעצער געפּרוווט לאָגיש באַגרינדן די נײַע גזירה און, געפינענדיק אין איר אַ פּאָזיטיוון מאָמענט, געמאַכט ווײַטערדיקע אויספירן: — הייסט עס, אַז מען וועט אונדז לאָזן לעבן, קוים האָבן זיי מורא, מיר זאָלן ניט האַלטן קיין פאַרבינדונג...

טויבן האָבן זיך מער ניט געטאָרט באַווײַזן אין די הימלען פון דער געטאָ, ניט געטאָרט מער פלאַטערן איבער די גרויע, אײַנגעהויקערטע, מיט אימה איבערפולטע שטיבלעך פון דער ייִדן־שכונה.

אַ גזירה איז אַ גזירה. מען האָט געמוזט אויסכאַפּן די טויבן. נאָר אַנשטאָט אָפּצוגעבן זיי די צוררים, האָט מען די טויבן אין דער שטיל געקוילעט, ווי אַ קרבן אויפן מזבח פון האַס און רציחה. און אַז געקוילעט, צי וועט מען

אַרויסוואַרפן טויבן ווי עפּעס אומנוציקס, אומווירדיקס? מיר האָבן געהונגערט. האָט מען די טויבן געקאָכט, געגעסן.

אַ גוטער פרײַנד האָט מיר פאַרגעשלאָגן געקאָכט טויבנפליש. כ׳בין געווען ביז חלשות הונגעריק. נאָר דאָס מויל האָט זיך ניט געעפנט. פונעם געדאַנק אַליין וואָס דאָס איז פאַר אַן אַכילה, האָט אַ קנויל זיך געשטעלט אין האַלדז.

— צי מעג מען עסן טויבן? — האָב איך געפרעגט דעם מענטש, וואָס האָט מיך געוואָלט מכבד זײַן.

— מען מעג! טויבן זענען כשר, — האָט ער איראָניש שמייכלענדיק אַרויסגעזײַט. דערנאָך בייזלעך אַ פרעג געטאָן: — וואָס דען, אָפּגעבן זיי לעבעדיקע צו די בלוטהינט?

## לכּבוד ראש־השנה...

הײַנט באַגינען האָט מיר אָפּגעגליקט. כ׳בין אַרײַנגעפאַלן אין אַ בריגאַדע, וואָס ווערט געשיקט אויף צוואַנגאַרבעט אין אַן אָרט, וווּ מען קאָן ווי עס איז איבערקומען דעם טאָג אָן שווערער האַרעוואַניע און דער עיקר — מען קאָן דאָרטן אײַנשאַפן זיך אַ ביסל שפּײַזפּראָדוקטן: אײַנקויפן אָדער אויסבײַטן עפּעס פון די געבליבענע בײַ אונדז זאַכן אויף אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל קאַרטאָפל אָדער גרינוואַרג.

און אָט שלעפן מיר זיך שוין מיט מזל צוריק „אַהיים". אויף מײַן פּלייצע — אַ טאָרבע מיט קאַרטאָפל און מערלעך. אויף דעם וואַרט מיט אומגעדולד מײַן הונגעריק הויזגעזינד. איצט זאָל נאָר געראָטן דורכצוגיין בשלום דעם קאָנטראָל בײַם געטאָ־טויער.

מיר זענען אין דער בריגאַדע איבער הונדערט מענער. אַלע — מיט עפּעס באַלאָדן. אַלע האָפן מיר, אַז פּונקט ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן, וועט די טויערוואַך אויך הײַנט „קוקן דורך די פינגער", וועט אונדז דורכלאָזן מיט די פּעקלעך, און אונדזערע משפּחות וועלן עטלעכע טעג האָבן מיט וואָס אונטערצוהאַלטן די נשמה.

מיד פונעם היפּשן מהלך און פון שלעפּן אויף זיך די בײַ־וואַרײַרטע „יידישע טאָרבעס", דערנענטערן מיר זיך צום געטאָ־טויער. מיר זעען פון דער ווײַטנס, אַז דאָרטן איז רויִק. עטלעכע דײַטשן דרייען זיך פויל אַרום און וועלן אַוודאי זיך פוילן אַ קוק צו טאָן, וואָס מיר טראָגן.

ערשט איצט באַמערקן מיר, אַז אַ לויטערער פריהאַרבסטיקער פאַרנאַכט

האָט אַרויפגעלייגט אַ וואַרעמען בראַנדזוענעם שטעמפּל אויף דער וועלט — אויף די שטיבלעך, אויף די מענטשן. עס גייט אַזש אָפּ די פאַרפרוירענע נשמה.

— ייִדן, הײַנט איז ערב ראָש־השנה, — טוט עמעצער פּלוצעם אַ זאָג אין דער קאָלאָנע. — אַזאַ שיינער ראָש־השנה...

צו שפּעט האָט ער געזאָגט, עס זאָל קאָנען אַרויסרופן בײַ עמעצן אַן אומרו אָדער חשדים, כאָטש מיר האָבן שוין געהערט, אַז די נאַציס גרייטן אָפּט צו דווקא צו די ייִדישע ימים־טובים „סורפּריזן" פאַר די פאַרשפּאַרטע ייִדן אין זייערע געטאָס. פאַרגעסן אין דעם, טראַכט יעדערער וועגן איינס: ווי כאַפּט מען זיך אַרײַן אין געטאָ מיטן „פּעקעלע"?

די מענטשן פון די פאָדערשטע רייען זענען בשלום דורכגעגאַנגען דעם טויער. ערשט מיט אַ מאָל — אַ גוואַלד, אַ האַלדערײַ, און עס דערהערט זיך אַ שאָס, דערנאָך אַ צווייטער.

— אַזוי מאַרשירט מען?

דאָס שרײַט אַ דײַטש פון דער טויערוואַך און באַפעלט:

— שטיין בלײַבן!

און ווידער אַ שאָס. אַנשטאָט צו בלײַבן שטיין צעפאַלט זיך אונדזער בריגאָדע. עמעצער פּרוּווט אָפּציִען זיך אויף צוריק. די קאָנוואָירן שטייען אָבער ווי אַ וואַנט הינטער אַלעמען, און שטופּן אונדז פאָרויס, אַלץ פאָרויס. ניטאָ קיין צוריק!

— אַזוי מאַרשירט מען פאַרבײַ דײַטשן? — רעוועט דער זעלבער דײַטש, צילנדיק אין אונדז מיט זײַן קאַראַבין. — שטיין בלײַבן, די רייען אויסגלײַכן!

— ייִדן, בלײַבט שטיין! — בעטן זיך קולות.

נאָר קיינער פאָלגט ניט. מיר רוקן זיך פאָרויס צום אָפענעם טויער מיטן איינציקן ציל — אַרײַנכאַפּן זיך אין געטאָ.

— די „יודנזעק" אַרונטער! אויף אַן אָרט לאָזן! — באַפעלט שוין אַ צווייטער דײַטש.

— ייִדן, ס'טויג ניט! מען גרייט אונדז עפּעס לכבוד ראָש־השנה... — טוט עמעצער אַ קרעכץ, אַראָפּנעמענדיק פון דער פּלייצע דאָס זעקל פּראָדוקטן.

מיר נעמען זיך איבערקוקן, איבעררוקן — אפשר וועט אַן אײַנגעשטעלטע שטיקל אָרדענונג האַמעווען די רוצחים. זייער בלוטדאָרשט האָבן זיי שוין געקאָנט שטילן — עס וואַלגערן זיך טויטע ייִדן אויפן ברוק...

פּלוצעם, ווי אַ קאַטאַפּולטירטער, פליט אַדורך דעם טויער אַ יאַטל מיט אַ פול זעקל אין דער האַנט.

אַ וואַכמאַן לויפט אים נאָך, שיסט אין אים און טרעפט ניט. דעריאָגנדיק דאָס יאַטל צילט ער אין אים מיט דער ביקס פון גאָר נאָענט. דאָס יאַטל פאַלט אויף די קני. צונויפגעלייגט די דלאָניעס ווי צום געבעט, אַפּעלירט ער צום דייטש:

— הער פאָסטן, גנעדיקער הער פאָסטן, שיסט ניט!

טרוקן טוט אַ קנאַק דאָס געווערצינגל. עס שוויַיגט די ביקס. דער דייטש ציט האַסטיק אָפּ דעם וואָפנשלאָס און איבערצייגט זיך: אויסגעשאָסן אַלע קוילן. כאַפּט ער זיך צום פּיסטאָלעט. דאָס יאַטל נוצט עס אויס, שפּרינגט אויף, טוט זיך אַ לאָז פייל־אויסן־בויגן. שוין אָן דעם פּעקל. האַרט פאַרן פאַרקערעוועוען זיך אין אַ געסל טרעפט אים די פּיסטאָלעטן־קויל.

ווי דערשפּירנדיק פייער אונטער די פיס, טוען מיר זיך אַ וואָרף צום טויער, רייסן זיך אַריין אין געטאָ, צעלויפן זיך, נאָכגעיאָגטע פון קוילן.

מיך מיידן זיי אויס. אַ סימן — כ׳פאַל אַ לעבעדיקער אַריין צו די אייגענע, האַלטנדיק פאַרקראַמפּט דאָס זעקל אין האַנט, און צעכליפּע זיך, ניט קאָנענדיק לאַנג קומען צו זיך.

— וואָס איז געשען? — פרעגן דערשראָקן די אַרומיקע.

און איך כליפּע, דאָס פּנים פאַרגראָבן אין די דלאָניעס.

כ׳האָב געקאָנט זיין דער מאַנצביל, וואָס איז אומגעלומפּערט געפאַלן אַ טויטער אויפן ברוק לעבן זיין אויסגעשאָטן זעקל קאַרטאָפל, און איך האָב געבראַכט קאַרטאָפל פאַר מיין משפחה. כ׳האָב געקאָנט זיין דאָס יאַטל, וואָס האָט קניִענדיק געבעטן רחמים, און איך האָב אויסגעמיטן דעם נסיון.

וואָלט איך געפאַלן אויף די קני?

מיר האָט מוראדיק וויי געטאָן פאַרן מאַנצביל, פאַרן יאַטל, פאַר די אַנדערע הרוגים, פאַר זיך, פאַר גאָר דער וועלט... כ׳האָב זיך געשעמט...

## די רגע וואָס מען גלייבט

אַ יידל אין אַ קאַפּאָטע — דאַר, מיט איינגעפאַלענע באַקן, פון וועלכע ער האָט מיט אַ שער אָפּגעדזשיבעט זיין באָרד, כדי צו פאַרשפּאָרן די דייטשן זי אַרויסצורייסן — איז געשטאַנען אין מיטן גאַס פון דער געטאָ און פאָכענ־דיק מיט די הענט, באַגייסטערט געדרשנט: ס׳איז צו אים די נאַכט געקומען צו חלום סלאָבאָדקער רב, דער קדוש, וואָס איז אַכזריותדיק געטויט געוואָרן אין דער ערשטער שחיטה. דער רב זאָל אים האָבן פאַרזיכערט, אַז יום־כּיפּור וועלן מיר אַלע אויסגעלייזט ווערן.

— ייִדן, ס'אי ניט לאַנג געבליבן, האַלט זיך ביז יום־כּיפּור! — האָט דער ייִד באַגײַסטערט אויסגעשריִען, און זײַנע אויגן האָבן זיך ממש אָנגעצונדן אויפֿן פֿאַרמעט־געלן פּנים.

— רב ייִד, — האָט זיך אַרײַנגעמישט אַ ניכטער־סקעפּטישע שטים, — איר האָט ניט געזאָגט, ביז וועלכן יום־כּיפּור...

האָבן זיך פֿון אַלע זײַטן אַ שאָט געטאָן האַרבע טענות צו דעם, וואָס האָט אַרײַנגעוואָרפֿן דעם צווייפֿל:

— פֿעטער, פֿאַרדריסט אײַך, אַז ייִדן האָבן נחמה, אַ שטיקל פֿרייד, אַ פּיצל האָפֿענונג? פֿאַרגינט איר אונדז ניט די לײַכטערע רגע וואָס מען גלייבט?

## אַן „אַקציע" לפֿנים וועגן

קוקסטו דורכן פֿענצטער פֿון אונדזער צימער, וואָס געפֿינט זיך אויפֿן צווייטן שטאָק פֿון אַ שטוב אין געטאָ, זעסטו פֿאַרזשאַווערטע בלעכענע דעכער און גרויע שינדלדעכער פֿון איינשטאָקיקע הילצערנע שטיבלעך, זעסטו אַן אָפּשניט פּונעם געטאָצוים און הינטער אים, שוין אויף דער „אַרישער זײַט", — אַ שיינעם גרויסן פּלאַץ, באַוואַקסן מיט גראָז.

אין יענעם וואַרעמען, שטאַרק זוניקן סעפּטעמבער־טאָג האָב איך געזען אַן אַנדער בילד: באַוואָפֿנטע היטלעריסטן און בעיקר זייערע ליטווישע אַרויסהעלפֿערס — אין קאַסקעס, אין דער אוניפֿאָרם פֿון דער פֿריִערדיקער ליטווישער אַרמיי, האָבן דעם גרינעם פּלאַץ אַרומגעשטעלט מיט קוילנוואַרפֿערס, און פֿון אַלע זײַטן האָט מען גענומען טרײַבן אַהער ייִדן. ווער פֿון די געטריבענע ס'האָט געפּרוּווט זיך אַנטקעגנשטעלן אָדער איז ניט גענוג האַסטיק געגאַנגען, דער האָט באַקומען געשלאָגן מיט פֿריקלאַדן מכּות־רצח. עלטערע מענטשן זענען געפֿאַלן צעממיתטע, אָפּגעגאָסענע מיט בלוט. כ'האָב געזען, ווי איינער פֿון די מערדער האָט אַרויסגעכאַפּט בײַ אַ פֿרוי פֿון די הענט איר פּיצל קינד און פֿאַר די פֿיסלעך עס אַ שלײַדער געטאָן אין המון אַרײַן — ער זאָל פֿאַרשפּאָרן טרײַבן אַהין די מוטער...

אין גיכן איז דער פּלאַץ איבערפֿולט געוואָרן מיט צעטומלטע, איבער־געשראָקענע מענטשן — אָנגעטאָנענע און האַלב נאַקעטע, דערוואַקסענע און קינדער. האָבן די צונויפֿגעטריבענע אויפֿן שיינעם גרויסן פּלאַץ געקאָנט אויף עפּעס האָפֿן, בעת אויטאָמאַטן און קוילנוואַרפֿערס זענען גרייט געווען עפֿענען דאָס פֿײַער?

נאָר פלוצעם איז אָנגעפלויגן אַ ברומענדיקער מאָטאָציקל. פון אים איז אַראָפגעשפרונגען אַן אוניפאָרמירטער דײַטש, פאָכענדיק מיט עפּעס אַ דאָ־קומענט:

— אָפּהאַלטן! אָפּהאַלטן!

די ליטווישע פּאַשיסטן האָבן אַראָפּגעלאָזט דאָס געווער, זענען זיך צונויפגעקומען אין גרופּקעס, און די געטאָ־אַסירים וואָס האָבן שוין געוואַרט אויפן טויט זענען אומגעשטערט זיך צעלאָפן אין אַלע זײַטן.

די גאַנצע צײַט וואָס מען האָט געטריבן די ייִדן פון די הײַזער און געגרייט די בלוטבאָד אויפן אָפענעם שטח, האָבן עטלעכע אוניפאָרמירטע דײַטשן זיך אַרומגעדרייט מיט פילם־ און פאָטאָ־אַפּאַראַטן. זיי האָבן פאָטאָ־גראַפירט די רציחה, אויף זייער לשון — „אַקציאָן", ס'הייסט, „אַקציע", און זיך געהיט, אַז קיין איין דײַטש זאָל ניט פאַרפיקסירט ווערן אויף דער טאַשמע. דער אָבער וואָס האָט אָפּגעשטעלט די „אַקציע", איז פילמירט און פאָטאָגראַפירט געוואָרן פון אַלע זײַטן...

אין אַ וואָך אַרום האָט אויפגעטרייסלט די געטאָ אַן ענלעכע „אַקציע". אַלע וועמען מען האָט געכאַפּט אין גאַס אָדער פאַרנומען פון די שטיבער, זענען אַוועקגעטריבן געוואָרן הינטער דער שטאָט, אין נײַנטן פאָרט פון דער אַמאָליקער שטאָטפעסטונג, און דאָרטן האָט מען זיי צעשאָסן. מיט דער „אַקציע" האָבן דאָס מאָל אָנגעפירט דײַטשן, און קיינער האָט ניט פילמירט און ניט פאָטאָגראַפירט...

ניט איינעם פון אונדז האָט געגומען מאַטערן די פראַגע: צו וואָס, צו וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרן די „אַקציע" לפנים וועגן? אין גיכן האָט זיך באַשטעטיקט אונדזער השערה, אַז קודם־כּל זענען די נאַציס אויסן געווען צו ווירקן אויף אונדזער פּסיכיק — דערווײַזן די ייִדן, אַז רעפּרעסיעס קאָנען זיך ענדיקן בכי־טוב, און דעריבער דאַרף מען זיך באַהערשן אין קריטישע רגעס, בלײַבן קאַלטבלוטיק, ניט אויפהייבן קיין פּאַניק און ניט שטעלן קיין ווידערשטאַנד. און נאָך אַ וויכטיקער מאָמענט: די נאַציס האָבן זיך באַזאָרגט מיט קאָנקרעטע „באַווײַזן", אַז ניט זיי האָבן עס דורכגעפירט די פּאָגראָמען און עקזעקוציעס... אויסער די געמיינסטע הענקער־אַרבעט האָבן די אָרטיקע ליטווישע היטלער־משרתים אָפּגעטאָן פאַר זייערע בעלי־בתּים ניט קיין ווייניקער שמוציקן דינסט — געהאָלפן זיי פאַבריצירן פאַר זיך „אַליביס"... די בערלינער פּרעסע האָט טאַקע באַלד פאַרעפנטלעכט פאָטאָס, די וועלט זאָל זען, ווער עס זענען די פּאָגראָמשטשיקעס און קוילערס...

מאיר יעלין

## לעבנס־קוויטלעך

מענטשן, אַלע די וואָס וועלן לעבן נאָכן בלוטיקן מבול, זײַט אונדז מוחל. זײַט מוחל אונדזערע שוואַכקייטן, שוואַכקייטן, אייגנטימלעכע דעם מענטשן.

ס'איז אונדז זייער ביטער, זייער און זייער שלעכט. יעדערער באַזונדער און אַלע אין איינעם צאַפּלען מיר זיך אין דער שטײַג, וווהין מען האָט אונדז אַרײַנגעטריבן. אָפּהענטיקע פֿאַרלאָזן זיך אויף נסים, אָבער אַ סך פּרוּוון עפּעס טאָן ממשותדיקס, פּרוּוון זיך העלפֿן. אָפּט מאָל, ס'זאָל זיך ניט דאַכטן, אַז זיי פֿאַרלאָזן זיך אויף נסים...

אין דער גרויסער פֿאַרלוירנקייט האָט אַ סך פֿון אונדז אַרומגעכאַפּט די מאַניע זיך צו באַזאָרגן מיט צעטלעך פֿון די כּלערליי אַרבעטספּלעצער, וווהין מיר ווערן געטריבן צו דער צוואַנגאַרבעט. אַן אמתער צײַגעניש־פֿיבער איז עס. מען זוכט, מען קריגט, מען בײַט זיך מיט פּאַפּירלעך. מען פּרוּווט מיטן שכל־הישר פֿעסטשטעלן, וועלכע פֿון זיי זענען „גוטע" און וועלכע — „שוואַכע", דאָס הייסט, וועלכע קאָנען האָבן אַ שטיקל ווערט בײַ די דײַטשן און אויף וועלכע זיי וועלן אין דער גורלדיקער רגע זיך אַפֿילו ניט אומקוקן.

דער עולם זאַמלט די קוויטלעך, וואָס מען באַקומט נאָכן טאָג צוואַנג־אַרבעט. מען האָפֿט, אַז אָט די קלייניקע פּירקאַנטיקע שטיקלעך פּאַפּיר, אויף וועלכע ס'איז פֿאַראַן בלויז דער שטעמפּל מיטן שפּאַרבער און האַקנקרייץ פֿון דער אונטערנעמונג אָדער מיליטערישן טייל, ווו מען האָט דעם טאָג אָפּגעהאָרעוועט, וועלן שיצן זייערע אייגנטימער. וואָס מער קוויטלעך, אַלץ בעסער. אַנדערע ייִדן, די מער מיוחסע, האָבן בײַ זיך שטענדיק די צײַגעניש, אַז זיי זענען באַשעפֿטיקט אין דער „געטאָ־געמיינדע", ס'איז אונדזער „זעלבסטפֿאַרוואַלטונג". זיי מיינען אַז דאָס וועט אי זיי, אי זייערע משפּחות באַוואָרענען פֿון אַרויספֿירעניש און אומקום. די יעניקע וואָס טראָגן אַן אַרעמבאַנד פֿון אַ ייִדישן געטאָ־פּאָליציסט אָדער פֿון אַ „טשין" אין דער „געטאָ־געמיינדע" שפּירן זיך שיער ניט ווי הינטער אַן אײַזערנער וואַנט.

און דאָ האָט אַלעמענס מוחות אין גאַנצן צעמישט אַ נײַע ידיעה: דער היטלעריסטישער שטאָט־קאָמיסאַר האָט דורך זײַן ממונה פֿאַר „יודן־אַנגעלעגנהײַטן" איבערגעגעבן דער ייִדישער געטאָ־אַדמיניסטראַציע פֿינף טויזנט צײַגענישן צו צעטיילן די האַנטווערקער, וועלכע האָבן אויף זײַן באַפֿעל זיך געהאַט רעגיסטרירט מיט עטלעכע טעג צוריק. נײַע פּאַפּירלעך, נײַע דאָקומענטן...

אַ לויטערער, מחיהדיקער סעפּטעמבער־טאָג. ווייניק מענטשן האָט מען גענומען הײַנט צו דער אַרבעט אין שטאָט. דרייט מען זיך אַרום פּוסט־און־

פאַס איבער דער געטאָ. אַז מען דערוויסט זיך וועגן די נײַע צײַגענישן, ווערט באַלד אַ געדראַנג אינעם הויף פון „קאָמיטעט" (אַזוי רופט דער עולם די יידישע געטאָ־אַדמיניסטראַציע), וואָס הייבט טאַקע אָן זייער פאַרטיילונג. חשודיק איז דאָס, וואָס אַ צײַגעניש ווערט אַרויסגעגעבן אויף פאַר יעדן פאַמיליע־מיטגליד פונעם רעגיסטרירטן האַנטוועקער.

פאַרשפּרייט זיך בליץ־שנעל דער קלאַנג, אַז ניט קיין פשוטע דאָקו־מענטן זענען עס, נאָר אמתע לעבנס־קוויטלעך. ווער סע וועט אַזאַ האָבן, בלײַבט לעבן. ווער ניט — ווערט אַרויסגעפירט. מעגלעך — אויף אומקום.

פרומע יידן ווערן אויפגעציטערט: ס'איז הײַנט שמיני־עצרת! אין אָט דעם טאָג ווערט אין הימל יאָר־יערלעך אַרויסגעגעבן איטלעך איינעם זײַן, אום יום־כיפור געחתמעט גורל־קוויטל. דאָס מאָל געשעט עס אויף דער ערד בפועל־ממש — מי לחיים, מי למוות...

אַ צערודערונג, אַ בהלה. מחנות מענטשן פאַרפלייצן דעם פּלאַץ פאַרן הויז פונעם „קאָמיטעט". מען פרוווט אַרײַנדרינגען אינעווייניק — בעטן, מאָנען, פאָדערן פאַר זיך אַ צײַגעניש. מען צעטראָגט טיר־און־טויער. מען רײַסט זיך אַרײַן אין דער געביידע. גיט אַהער די קוויטלעך! ווו זענען די טיילערס?

די עסקנים ווײַזן אייַנער אויפן אַנדערן. איינעם פון זיי איז מען שיִער ניט דורס. אַ צווייטער ראַטעוועט זיך, שפרינגענדיק דורכן פענצטער. נעמט דער עולם אַליין בעלי־ביתעווען: שופלאָדן, שאַפקעס ווערן אויפגעריסן און דורכגענישטערט. ניטאָ די צײַגענישן!

מען נעמט איבעררעדן, אַז פאַר גרויסע געלטער אָדער ווערטזאַכן קאָן מען אײַנהאַנדלען זיך אַ צײַגעניש, טאַקע בײַ די נײַע קהלשע קאָכלעפל. באַלד ווערט אויך דערוויזן מיט פאַקטן, אַז מקורבים פון די יידישע געטאָ־תקיפים זענען שוין פאַרזאָרגט מיט די לעבנס־קוויטלעך, זיי און די איבעריקע אנשי־שלומנו.

שפּירנדיק אַז עפּעס ניט גערעכטס ווערט אָפּגעטאָן הינטער זייער רוקן, נעמען יידן פאָדערן יושר. עס בײַלן זיך פויסטן. טענות מישן זיך צונויף מיט פאַרצווייפלטע וואָרענונגען און דראָונגען צו די, וואָס באַגייען אַ הימל־שרײַענדיקע עוולה.

אַלץ דרייסטער ווערט אָבער אַרויסגעזאָגט די מיינונג:

— פאַר וואָס דאַרפן לעבן בלײַבן בלויז די, וועמען די דײַטשן האָבן נייטיק?

דערווידערט אַ פאַרריסענע שטים:

— ס'איז פאַר האַנטווערקער! פאַר פאַכלײַט, וואָס אַרבעטן מיט זייער שווייס!

די דאָזיקע ווערטער האַלטן אונטער היסטערישע קולות:

— מיר פינצטערן אַ גאַנץ לעבן, האַרעווען! אויף אונדז האַלט זיך די געטאָ. מעגן מיר כאָטש איין מאָל פון עפּעס געניסן. נאָר פאַר האַנטווערקער!

שרײַט עמעצער אַלעמען אַריבער:

— אַלע ווילן לעבן, אַלע!

דאָס געדראַנג אַרום הויז פון דער יידישער געטאָ־אַדמיניסטראַציע ווערט אַלץ גרעסער. מענטשן פאַרלירן די שליטה איבער זיך. די אויפרעגונג שטײַגט, צעוואַלגערט אַלע צוימען:

— ווּ זענען זיי, די מאַכערס? אויפהענגען זיי!

פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס רופן צו דיסציפּלין:

— יידן, האַלט זיך אײַן! דײַטשן וועלן אַנלויפן. אַך־און־ווייי וועט זײַן צו אונדז אַלעמען. וועט אײַך זײַן בעסער, אַז די רוצחים וועלן דאָ מאַכן אָרדענונג? בלוט וועט זיך גיסן, און איר וועט שווײַגן ווי די צוציקעס.

אויף דעם קומט אַן ענטפער:

— ווען אייגענע באַגייען אַן אומגערעכטיקייט, טוט שטאַרקער וויי. בעסער באַוואָלט צו ווערן פון פרעמדע.

ס'געפינט זיך אויך אײַן אַ מיושבע מיינונג, וואָס וויל באַרויִקן די צעשטורעמטע געמיטער:

— ממה־נפשך, אויב די צעטלעך זענען באַשטימט פאַר בעלי־מלאָכות, זאָל שוין אַזוי בלײַבן. אַזוי איז מן־הסתם באַשערט. מען מוז משלים זײַן מיטן גזר. אויב אָבער עס רעדט זיך וועגן פאַרטיילן לויט אײַנזעעניש, פרעגט זיך: מיט וואָס איז, למשל, משה חשובער פון איציקן? סײַדן וואָרפן גורל. לויט אַ לאָטעריי... וועמענס מזל ס'וועט אויסטראָגן...

די דאָזיקע ווערטער האַלט אונטער אַן ענלעכע מיינונג:

— יידן, ווער האָט רעכט צו פסקענען: דער בלײַבט לעבן און יענער גייט פאַר אַ קרבן?!

די מענטשן־מאַסע קאָן זיך ניט באַהערשן — שוימט, ברויזט, איז קאַפּאַבל איבערצוקערן וועלטן. וואָס איז דער ווונדער? דער מלאך־המוות פאָכעט איבער אונדז מיט זײַן קאָסע, און די מילדע סעפּטעמבער־זון לאָזט זיך בנאימותדיק אַראָפּ צום מערבדיקן הימלראַנד, צינדט דאָרטן אָן אַ מוראדיק גרויסן מזבח־שײַטער.

...איך באַוויַז זיך זעלטן אין גאַס, מײַד אויס איבעריקע באַגעגענישן

מיט מענטשן. אונדזער געזעלשאַפטלעך אַקטיווע משפחה מוז איצט זײַן שטאַרק אָפּגעהיט. זיץ איך, ווי ווײַט מעגלעך, אינעם ווינקל, ווו מיר האָבן אַ שטיקל אָפּדאַך געפונען. פּלוצעם זוכט מיך אָפּ אַ גוטער באַקאַנטער, וואָס פאַרנעמט איצט אַ געוויסן פּאָסטן אין „קאָמיטעט", און גיט מיר איבער בסוד פון די אַנדערע דירה־שכנים אַ „האַנטווערקער־צײַגעניש".

— זײַט וויסן, — דערקלערט ער דערבײַ, — אַז איצט זענט איר אַ בעטאַנשטשיק. כ'האָב אײַך אַרײַנגעטראָגן אין דער ליסטע. אַ קאָפּ געענדערט אײַער פאַמיליע־נאָמען. מיר האָבן, פאַרשטייט איר, געמאַכט נײַע ליסטעס. אַרײַנגעשטעלט פאַרדינסטפולע מענטשן.

איך בין געפּלעפט. נעם מורמלען:

— צו וואָס? וואָס זאָל איך מיט דעם...

— אָ, רעדט ניט! — האַקט מיך איבער דער געקומענער. — מעגלעך, ס'איז אַ לעבנס־דאָקומענט. מיר זענען חושד, אַז די דײַטשן ווילן איבערלאָזן נאָר, ווי זיי דריקן זיך אויס, „נוצלעכע יודן". האָבן מיר באַשלאָסן: אויב אַ טייל פון דער געטאָ־באַפעלקערונג איז באַשערט צו בלײַבן אויף אַן אָרט, ס'הייסט אפשר, בלײַבן לעבן, דאַרפן אין דעם טייל זײַן פאַרגעשטעלט אַלע שיכטן פון דער געזעלשאַפט. דאַרפן בלײַבן ווערטפולע, פאַרדינסטפולע מענטשן. מען מוז זוכן אַ גערעכטע לייזונג...

— אַ גערעכטע? קאָן מען אין אַזאַ צוזאַמענהאַנג רעדן וועגן גערעכטי־קייט? — ציטער איך אַזש אויף. — און ווער קאָן פעסטשטעלן: יאָ פאַרדינסט־פול, ניט פאַרדינסטפול? ווער האָט דאָס רעכט, ווער קאָן נעמען אויף זיך?..

— איך וויל ניט פירן קיין וויכּוחים, — האַקט מיך איבער דער געקומע־נער אײַלנדיק אָוועקצוגיין. — גיטאָ מער קיין כּוח צו דיסקוטירן. פינף טויזנט צײַגענישן אויף קרוב דרײַסיק טויזנט נפשות! זײַט אַ בריה און פאַרטיילט גערעכטיק... מען גיט איצט צו איין לעגיטימאַציע אויף אַ פאַמיליע, פאַרן משפחה־ראָש. אפשר וועט עס גילטן אויך פאַר די איבעריקע מיטגלידער. פאַרגעסט ניט, ס'איז, קאָן מען זאָגן, אַ לעבנס־דאָקומענט...

געוויס איז מײַן באַקאַנטער געקומען, באַוועגט פון די בעסטע געפילן צו מיר, און איך האָב אים כּמעט ווי ניט באַדאַנקט פאַר דער אַרויסגעוויזענער אויפמערקזאַמקייט. איז ער אָוועק אַ ביסל אַנגעשטויסן.

אויפן טיש איז געבליבן ליגן ניט קיין גרויס קאַרטל פון ווײַס פאַפיר. אויף אים איז מיט קידוש־לבנה־אותיות געווען אָפּגעדרוקט אין דײַטש: „אַוסווײַז פאַר ייִדישע האַנטווערקער", ס'הייסט, אַ צײַגעניש פאַר ייִדישע בעלי־מלאכות. אין רעכטן ווינקל אונטן איז מיט קליינע אותיות אָפּגעדרוקט:

„אונטערגעשריבן אין אויפטראָג פונעם געביטסקאָמיסאַר אין קאָוען (קאָוונאָ)־שטאָט — פריץ יאָרדאַן". קיין אונטערשריפט איז אָבער ניט געווען. אַ פול־שטענדיק אַנאָנים פּאַפּירל — אָן אַ נאָמען, אָן אַ פּאַטאָ. אויך שטעלן אַ שטעמפּל און טאַקע אונטערשרייבן זיך אויף אַ דאָקומענט פאַר ייִדן האָט אונדזער העכער יאָרדאַן געהאַלטן פאַר אַ פּחיתת־הכּבוד.

לאַנג בלייבט ליגן אויבן אויף דאָס „האַנטווערקער־צייגעניש". לאַנג דריי איך זיך אַרום איבערן צימער אַ צעדולטער. כ'בין פון היינט אָן אַ בעטאָנשטשיק. אַ לעבנסקוויטל האָט מען מיר געבראַכט אין שטוב אַריין. מען האָט מיך צוגערעכנט צו די „פּאַרדינסטפולע" און מען וויל מיך באַ־וואָרענען פון אומקום. און ווו איז מיין פרוי און קינד? מיין פּאָטער און ברודער? און די סך אַנדערע אַרום מיר? בלויז פינף טויזנט פון קרוב דרייסיק טויזנט בלייבן לעבן! איך קאָן זיין צווישן די פינף. גאָט מיינער, צו וואָס אַזאַ אויספּרוו?

כ'האָב ווי מורא געהאַט אָנצורירן דאָס דאָקומענטל. עס שיער ניט געוואָלט צערייסן. נאָר באַטראַכט זיך: אפשר עמעצן אָפּגעבן, אָן אַליינ־שטייענדיקן? דערוויילע האָב איך עס פאַררוקט אונטער דער צעראַטע, וואָס אויפן טיש, פאַררוקט עס מיט דער שטומער בקשה, ניט צו דאַרפן צו דעם אומקערן זיך אָדער גאָר אָנקומען.

דער גורל איז געווען צו מיר גנעדיק. כ'האָב אויסגעהיט זיך פון אַ באַגעגעניש מיט די צוררים און אויסגעהיט געוואָרן פונעם נסיון.

גאָר אין גיכן האָבן די „צייגענישן פאַר ייִדישע האַנטווערקער", אין אונדזער אומגאַנגשפּראַך — „יאָרדאַן־שיינען", פאַרלוירן זייער גילטיקייט. די דאָזיקע „לעבנס־קוויטלעך" זענען ווי בטל־ומבוטל געוואָרן.

מענטשן, זייט מוחל די אַלע, וואָס האָבן זיך געיאָגט נאָך די דאָזיקע פּאַפּירלעך. פאַראורטיילט זיי ניט פאַר אַרויסגעוויזענע שוואַכקייטן און קליינ־מוט. ווענדט אָן די מידת־הרחמים פאַר באַגאַנגענע טעותן און אַפילו חטאָים. טאָג־טעגלעך — בכל עת ובכל שעה — קוקן מיר איצט דעם טויט אין די אויגן. און ניט אַלע האַלטן דאָס אויס.

## נסים

שוין עטלעכע חדשים ווי מיר זענען פאַרשפּאַרט הינטערן שטעכלדראָט. מיר שטייען אויף, ניט ווייסנדיק צי ס'וועט אויסקומען זיך לייגן שלאָפן. מיר לייגן זיך שלאָפן, ניט זיכערע אַז אונדז וועט זיין באַשערט צו באַגעגענען

דעם נײַעם טאָגאויפגאַנג. קוילן פאַסעווען די געטאָ אַ רונדן מעת־לעת. דירעקט אַנגעצילטע, טרעפן זיי אין מענטשן. זיי טוען אָפּ זייער בלוטיקע מלאָכה אויך צופעליק — אַרײַנפליִענדיק דורך אַ פענצטער, דורכזעצנדיק אַ דינע היל־צערנע וואַנט. און שטענדיק — „אַקציעס“, „אַקציעס“...

מיר שטייען אויפן ראַנד פון אומקום. פון דעסטוועגן טליִעט אין דער מערהייט פון אונדז די האָפענונג. מען איז איבערצײַגט, אַז לאַנג קאָן אַזוי ניט בלײַבן. צי קאָן דערטרינקען די וועלט, די שיינע וועלט, אַ מבול פון דורכזיסיקער רישעות? עס מוז קומען די ישועה! זאָל זײַן דורך אַ נס, אַן איבערנאַטירלעכן וווּנדער, זאָל זײַן אין דער סאַמע לעצטער מינוט.

מען טרייסט זיך, מען לעבט מיט אילוזיעס. וועלכע משונהדיקסטע השע־רות שטעלן ניט אויף פּאַרמישפּטע צום טויט, אויסקוקנדיק דעם אויסלייַ־זערישן נס, דעם נס, וואָס דאַרף צו נישט מאַכן דעם האַרבן פסק־דין? מענטשן, אָפּט ניכטערע און זייער זאַכלעכע, נעמען אַליין גלייבן אינעם אומגלייבלעכסטן, ווילן אַפילו איבערצײַגן אין דעם אַנדערע.

— מען זאָגט, אַז צען טויזנט אַעראָפּלאַנען האָבן די טעג באָמבאַרדירט בערלין. עס נעמט אַ סוף צו דער מלחמה.

— מען גיט איבער, אַז היטלער איז פּאַקטיש ניטאָ מער. זײַנע גענעראַלן האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט און לייגן פאָר שלום.

— דאָס איז אַ שטרענגער סוד, נאָר זײַט וויסן, ס'איז אַ זיכערע ידיעה, אַז אין די יאַנעווער וועלדער, אַ קילאָמעטער פערציק פון דאַנען, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ סאָוועטישער דעסאַנט, וואָס גייט באַפרײַען קאָוונע.

איזאָלירט פונעם אַרום, אָפּגעזונדערט פון דער גאַרער וועלט — אָן אַ צײַטונג, אָן ראַדיאָ — איז מען אָנגעשפּיצט צו יעטווידער ידיעה, וואָס גרייכט דעם אויער. דערגייט עפּעס אַ קלאַנג, ווערן באַלד באַשאַפן זײַנע משונה־דיקסטע וואַריאַנטן. וועט איר, למשל, פרעגן, ווי אַזוי לאָזט זיך שיקן אַ דעסאַנט אין די יאַנעווער וועלדער, בעת דער פראָנט האָט זיך אָוועקגערוקט קיין מיזרח אויף הונדערטער קילאָמעטערס? און פאַר וואָס גייט מען באַ־פרײַען דווקא קאָוונע? צי בלויז דערפאַר ווײַל מיר זענען דאָ פאַרשפּאַרט אין געטאָ? זוכט ניט קיין לאָגיק. עמעצער האָט שטאַרק געוואָלט, עס זאָל אַזוי געשען, איז אויפגעקומען די „זיכערע“ ידיעה, וועלכע איינער האָט דעם אַנדערן געגומען פאַרטרויען בסוד... צו עמעצן איז, אַ פּנים, דערגאַנגען דער קלאַנג וועגן פאַרעקשנטן ווידערשטאַנד, וואָס רעשטן פון סאָוועטישע מיליי־טער־טיילן שטעלן די דײַטשן אין די וועלדער פון אַרום קאָוונע. און דאָס איז געווען גענוג...

מיר גופא איז אויסגעקומען בײַצוזײַן בײַם געבורט פון אַן ענלעכער וווּנדער־ידיעה.

אַ גרופּע מענער האָט זיך צוריקגעקערט פון דער צוואַנגאַרבעט. ווי געווײנטלעך איז מען באַפאַלן די געקומענע מיט דער פראַגע: „וואָס הערט זיך אין שטאָט?"

— אין שטאָט האָט מען געזונגען דאָס סאָוועטישע ליד „דרײַ טאַנקיסטן", געזונגען הילכיק, מונטער. דאָס געזאַנג האָט זיך געהערט אין עטלעכע גאַסן, — האָבן זיי דערציילט.

די דאָזיקע ידיעה האָט אַלעמען אויפגערודערט.

— ווען האָט מען געהערט? ווו? ווי אַזוי?

— הײַנט אין דער פרי, — איז געווען דער ענטפער.

האָט מען זיך פאַרטראַכט: הײַנט אין דער פרי... אין שטאָט... מאָדנע. ס'איז שוין אָוונט, און ביז איצט האָט קיין זאַך זיך ניט געענדערט. אַלץ ווי געווען: שטעכיקע דראָטן, באַוואָפנטע דײַטשן, געלע לאַטעס...

איבער דער געטאָ האָט זיך אָבער פאַרשפרייט די נײַעס וועגן סאָוועטישע סאָלדאַטן, וואָס מאַרשירן אין שטאָט מיט געזאַנג...

אין גיכן האָט זיך אויפגעקלערט די געשיכטע: מען האָט געטריבן איבער דער שטאָט קריגס־געפאַנגענע, וואָס האָבן פאַרצויגן זייערן אַ ליד...

דער דאָזיקער נײַער „נס" האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געבראַכט קיין ישועה. עמעצער פון צווישן אונדז האָט איבערגעלעבט אַ נײַע אַנטוישונג. טיף אין האַרץ האָבן מיר אָבער געדאַנקט די אַלע, וואָס פלעגן אויפבלאָזן אין אונדז די טליִענדיקע האָפענונג־פונקען.

## אויף מאָרגן נאָך אַן „אַקציע"

כ'וואָלט געוועזן אַ בעלן אַ קוק צו טאָן אויפן טערמאָמעטער. לויטן קאַלענדאַר איז סוף סעפטעמבער, און קיין סימן ניט פונעם האַרבסט: דער הימל איז בלוי און לויטער. אַ שפּע זונשײַן בלענדט די אויגן, נאָר מיך שוידערט עס פון קעלט. אָט, ווײַזט אויס, ניט נאָר מיך. די מענטשן וועלכע איך זע אַרום זיך, זענען אײַנגעשרומפּן, אײַנגעהויקערט, ווי זיי וואָלטן פרירן. וויפל גראַד פראָסט קאָן ווײַזן דער טערמאָמעטער?

נעכטן אין דער פרי, איידער דאָס איז געשען, האָבן מיר זיך מחיה געווען מיט די וואַרעמע לאַשטשענישן פונעם „ווײַבערשן זומער". און הײַנט הענגט אין דער לופט, דורכגענומען אויף דורך און דורך מיט פראָסט, דער

המשך פונעם שרעקלעכן נעכטיקן נאָכמיטאָג און פון דעם נאָך שרעקלעכערן פאַרנאַכט.

נעכטן נאָך מיטאָג: היטלעריסטן און זייערע ליטווישע משרתים — אין קאַסקעס, מיט אויטאָמאַטן און האַנטגראַנאַטן אויף די גאַרטלען — האָבן אַרומגערינגלט אַ געטאָ־קוואַרטאַל, אַרויסגעטריבן פון די הײַזער די אײַנוווינער און אָפּגעקליבן טויזנט מענטשן. ס'האָט געהייסן, אַז מען וועט זיי אַריבערפירן, אינעם אָפיציעלן דײַטשישן לשון — „אומזידלען", אין אַ צווייטער געטאָ, ווו ס'גילט ניט די אַרבעטספליכט און מען לעבט אין בעסערע באַדינגונגען... מיט רציחה האָט מען צעשיידט משפחות: איינעם פון זיי — אַהער, דעם צווייטן — אַהין אויף יענער, דער „שלעכטער" זײַט. יאָ, אַזוי האָט דער עולם געפּסקנט: „אַהין" — איז די שלעכטע זײַט. מען האָט די אָפּגעקליבענע, שטרענג באַוואַכטע טויזנט ייִדן אַוועקגעטריבן צו פוס באַרג־אַרויף, אויסער דער שטאָט, אַוועקגעטריבן ווי זיי שטייען און גייען.

און פאַר נאַכט: אַ ווײַטע לאַנגדויערנדיקע קוילנוואַרפער־שיסערײַ האָט זיך געטראָגן פון דאָרטן, וווהין מען האָט די טויזנט „ניט־אַרבעטספעיִקע" אַוועקגעטריבן.

ווען ס'איז געוואָרן טונקל, האָט זיך פון באַרג אַראָפּגעלאָזט אַ קאַלאָנע סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע — אַ פּראָצעסיע פון שווײַגנדיקע גרויע שאָטנס. שוין ניט צום ערשטן מאָל ווי מיר זעען זיי בײַ טאָג זיך שלעפּן פאַרבײַ דער געטאָ באַרג־אַרויף, פון אָוונט — אַראָפּלאָזן זיך פון באַרג צוריק אין שטאָט אַרײַן. אמת, הײַנט, צוליב דער בהלה, האָבן מיר ניט באַמערקט ווי זיי זענען אַרויף אויפן באַרג. וואָס טוען זיי דאָרטן? אונדז האָבן דערגרייכט קלאַנגען, אַז מען צווינגט זיי אין דער זאָנע פונעם נײַנטן פאָרט פון דער אַמאָליקער שטאָטפעסטונג גראָבן מאַסן־קברים און פאַרשיטן נאָך דעם, ווי זיי ווערן פאַרפולט מיט הרוגים. אַזוי דערציילט מען, און ווייניק ווער עס גלייבט אין דעם.

ניט בלויז מיר אַליין איז בעת דער נעכטיקער מענטשן־כאַפּעניש חשודיק געוואָרן דער אויסרייד וועגן דער „ספּעציעלער געטאָ פאַר ניט־אַרבעטספעיִקע". האָט דאָך דער געסטאַפּיסט אָפּקלײַבנדיק די מענטשן, באַשטימט אַהין מײַן גוטן באַקאַנטן, דעם אינזשענער נון — אַ הויכן, ברייט־פּלייציקן גבר. אויך די מײַסטערין פון ליטע אין שווימען, די ספּאָרטלערין פּרייסקעל, איז אַוועקגעטריבן געוואָרן מיט די, וואָס טויגן ניט צו קיין אַרבעט...

איך בין כּמעט זיכער, אַז מיר האָבן נעכטן איבערגעלעבט נאָך איין

„אַקציע״, נאָך איין מאַסן־שחיטה. פון דעסטוועגן פאַרלירן אַנדערע ניט די האָפענונג, ריכטיקער געזאָגט, ווילן זי ניט פאַרלירן. איבערהויפּט האָפן די געליטענע. און באמת, ווער קאָן משלים זײַן מיטן געדאַנק, אַז אָט האָסטו געהאַט טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער, האָסט געהאַט אַ פרוי, אַ קינד, און אָט זענען זיי ניטאָ... טרייסטו זיך: מען האָט זיי אַריבערגעפירט ערגעץ אין אַ געטאָ, אין אַ לאַגער. מעגלעך, אַז די דײַטשן האָבן אָפּגענאַרט, און די באַדינגונגען זענען דאָרט האַרבערע ווי בײַ אונדז. אָבער זיי לעבן, די לײַבלעך אייגענע און טײַערע. ווי קאָן גאָר אַנדערש זײַן? מען וועט דאָך ניט נעמען סתּם אין דער וועלט אַרײַן מענטשן און...

נאָר די ווײַטע, אָנסופיקע שיסערײַ? און דער גרויסער קאַראַוואַן קריגס־געפאַנגענע? ליידער ווייסט מען שוין, וואָס דאָס באַטײַט. און דאָס אַוועקשיקן צום טויט יונגע, געזונטע מענטשן, און דאָס איבערלאָזן אויף דער „גוטער״ זײַט פיזיש שוואַכע, לכל־הדעות, ניט קיין אַרבעטספּעיִקע?

איינער דערקלערט עס אַזוי:

— גיט מיר אַ שמעק טאַביקע פאַר אונדזער לעבן. הײַנט — זיי, מאָרגן — מיר. אַלץ איינס, ווער סע גייט אַוועק אין אַן „אַקציע״, ווער עס בלײַבט. ס'איז בלויז אַ פראַגע פון צײַט. מען שפּילט זיך מיט אונדז אין קאַץ־און־מויז, מען פירט אונדז אין בלוטבאָד אַרײַן...

קומט אַ צווייטער מיט זײַנע אויספירן:

— מיינט ניט, אַז זייער אָפּקלײַב האָט ניט קיין געוויסע לאָגיק. פון זייער שטאַנדפּונקט, פאַרשטייט זיך. אויב מען וועט לאָזן אין געטאָ ייִדן איינע אין איינע, וועלן דאָך קאָנען אויפקומען ספקות אין דער „ראַסן־לערע״, לויט וועלכער מיר זענען מינערווערטיקע באַשעפענישן. איז נאָט אײַך אַ הויקער, אַ קריפּל, אַ חלוש... דאָס באַטײַט, אַז זיי וועלן אונדז לאָזן זשיפּען.

ווי קאָן מען אָבער לעבן אין דער מוראדיקער, אין דער גרויליקער קעלט פון נאָך אַן „אַקציע״?

## מײַן שולד, אונדזער שולד

דאָס האַרץ איז אָפּגעטונקען אין בלוט און דער זכּרון — צעוווּנדיקט. און אָט דער צעוווּנדיקטער זכּרון נעמט צונויפפירן מײַן חשבון מיטן אייבער־כּוח, אין וועמענס קלעם מיר צאַפּלען זיך.

מילא, איך בין טאַקע שולדיק. כ'האָב ניט בלויז געהאַסט היטלערן נאָר אויך אַרויסגעטראָטן קעגן אים אין דער פּרעסע, פון דער בינע אַראָפּ, עפנט־

לעך אָנגעגריפן די נאַציס. ס׳איז מיר אויסגעקומען צו זען פון גאָר דער נאָענט, בעת היטלערס אויפשטײַג אין דײַטשלאַנד און בעת זײַן קומען צו דער מאַכט. געזען, ווי די דײַטשישע גאַסן האָט פאַרפלייצט די ברוינע פעסט, און ווי די הימלען האָבן געהאַט פאַרדעקט די שוואַרץ־ברוינע רויכן פון די היטלעריסטישע שטורקאַטשן־פּראָצעסיעס און ביכער־אויטאָדאַפעען. כ׳האָב אײַנגעאָטעמט אָט דעם עסעריקן רויך און ניט געקאָנט שווײַגן. האָב איך מיך טאַקע פאַרזינדיקט לגבי דער ברוינער בעסטיע און מיר קומט שטראָף. וואָס איז אָבער שולדיק דאָס קינד, וואָס איז מיך אָקערשט פאַרבײַ אויף דער געטאָ־גאַס, דאָס מיידעלע מיט די געלע לאַטעס אויף דער ברוסט און רוקן, דאָס אָפּגעשטעמפּלטע מיט די טויט־סימנים מיידעלע?

כאַפּ איך זיך: ס׳איז אַ ייִדיש קינד. מיר זענען ייִדן און דאָס איז אונדזער „שולד". באַגעגן איך אָבער דעם באַקאַנטן מײַנעם א., וואָס איז שוין לאַנג קיין ייִד ניט. זײַן פאָטער האָט זיך נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געהאַט געשמדט. ער, דער זון, האָט התונה געהאַט מיט אַ דײַטשקע און געוואָרן אַ דײַטש מיט דײַטשן גלײַך. טאָ ווי קומט ער הינטערן שטעכלדראָט, מיט די געלע ייִדן־לאַטעס, אַן אָפּגעשטעמפּלטער אומצוקומען?

מאַך איך דעם חשבון ווײַטער און פיר אַרײַן דעם פאַקטאָר, וואָס די נאַציס האָבן אויסגעפונען: בלוט! ניט גאָט, ניט קיין אמונה. דאָס בלוט, וואָס זיי פאַרגיסן איז מכריע. און דאָס, הייסט עס, איז געוואָרן אונדזער שולד — דאָס אָפּגעמישפּטע פאַרגאָסן צו ווערן ייִדישע בלוט, דאָס בלוט, וואָס פאַראייניקט אונדז...

## מענטשן פון יענער וועלט

מענטשן פון יענער וועלט גייען אַרום צווישן אונדז. זיי זענען געשטאַנען פּנים־אל־פּנים מיטן מלאך־המוות. נאָך מער — זיי האָבן געהאַט איבערגעטראָטן די שוועל פון זײַן אַלץ פאַרלענדנדיקער מלכות. און זענען לעבעדיקע צוריקגעקומען...

מאָטל יעדע, אַ בחורל פון אַ יאָר זעכצן, באַוויַיזט מיר אַ פאַרצויגענעם שראַם אויף זײַן האַלדז און פאַרשפּיליעט האַסטיק דעם קראַגן פונעם העמדל. זײַן מאַמע (איי, די פילגעפּרוווטע, שרעקעוודיקע ייִדישע מאַמע!) וואָרנט אים, ער זאָל, חס־וחלילה, קיין וואָרט ניט לאָזן פאַלן וועגן דאָזיקן צייכן. פאַרטרויט ער מיר בסוד־סודות:

— אָט דאָ, ווי איר זעט, האָט מיך פאַרטשעפּעט די קויל. פאַרשטייט איר,

צוזאַמען מיט אפשר אַ פּאָר הונדערט ייִדישע מענער, אויסגעטאָנענע ביז צום אונטערוועש, האָט מען מיך געהאַט אַרײַנגעטריבן אין גרוב. דערנאָך האָט מען אונדז צעשאָסן, נאָר ניט פאַרשאָטן. געלאָזט ליגן די צונויפגעוואַלגערטע טויטע, פאַרוווּנדיקטע, גוססע. אַז די שיסערס זענען אַוועק, בין איך אַרויס־געקראָכן פון גרוב און אַוועקגעפּויזעט אין אַ זײַט. כ׳האָב זיך באַהאַלטן הינטער קוסטעס. לויפן איז ניט געווען ווו. אַרום און אַרום — אַ הויכע ציגל־וואַנט מיט שטעכיקע דראָטן פון אויבן. ס׳איז געווען די אַרומצוימונג פון דעם פּאַרק, ווו מען האָט אונדז געהאַלטן פאַרשפּאַרט. כ׳האָב מורא געהאַט פון אָרט זיך צו רירן. כ׳בין דאָך געווען אין איינע אונטערוועש, אויסגעשמירט אין בלוט. האָב איך געוואַרט עס זאָל ווערן טונקל. דערווײַלע זענען נײַע ייִדן צעשאָסן געוואָרן בײַ דער גרוב... פון אָוונט, זע איך, מען לאָזט אַרויס פון אַ פּאַרטקעלער פרויען צו כאַפּן פרישע לופט, אָדער אויף באַדערפענישן. האָב איך מיך אַרײַנגעגנבעט אינעם פרויען־געזעמל און אַראָפּ אין קעלער. שטעלט זיך פאָר, כ׳האָב דאָרטן געטראָפן מײַן עלטערע שוועסטער, וועלכע מען האָט צוזאַמען מיט מיר פאַרכאַפּט אין שטאָט. כ׳ווייס אַליין ניט פון וואַנען די שוועסטער האָט אויסגעפונען פאַר מיר עפּעס אַ קליידל. האָב איך עס אָנגעטאָן און בין שוין ווי אַ מיידל געבליבן מיט די פרויען. די פאַר־האַלטענע מענער האָט מען אַלע ביז איינעם צעשאָסן, אָבער די פרויען — אין עטלעכע טעג אַרום אַרויסגעלאָזט... ווען כ׳האָב אָנגעקלאַפּט אין אונדזער טיר, האָט די מאַמע מיך ניט געוואָלט אַרײַנלאָזן. זי האָט געהערט, אַז מען האָט מיך דערשאָסן... „דאָס בין איך, מאַמע, איך, מאָטל״, — האָב איך זי פאַרזיכערט. זי האָט געחלשט, דערזעענדיק מיך, אַן אויפגעשטאַנענעם תּחית־המתים, דערצו נאָך אין אַ קליידל, מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ...

אויב מירן בלײַבן לעבן, וועלן מיר אַלע זײַן מענטשן פון יענער־וועלט.

## געטרײַשאַפט

איך שטויס זיך אָפּט אָן אינעם יונגן ווײַבל, דער שכנה אונדזערע. מיר לעבן דאָך אין איין בשותּפותדיקער דירה. פאַרבײַגייענדיק לאָזט זי שטענדיק אַראָפּ דעם בליק, און דאָס בלאַסע פּנים אירס שטאַרבט אין גאַנצן אָפּ.

מיר זענען פּײַנלעך די דאָזיקע רגעס. איך געהער, לכל־הדעות, צו דער קאַטעגאָריע „אינטעליגענטן״ און האָב זיך ניט צוגעשטעלט צום טויער, ווען די מושלים אונדזערע האָבן גלײַך נאָכן שליסן די געטאָ געפאָדערט, עס זאָלן זיך פרײַוויליק מעלדן פינף הונדערט „אינטעליגענטע, גוט געקליידטע מענער

צו אַן אינטעליגענטער אַרבעט״. איר מאַן וואָס איז געווען אַ פּשוטער עלעקטראָמאָנטיאָר, איז גאָר אײַנגעפאַלן זיך צו מעלדן פרײַוויליק. איז ער, ווי מען זאָגט איצט אין געטאָ, „אַוועק מיט דער אינטעליגענטן־אַקציע״. אַוועק און ווי אין וואַסער אַרײַן.

פאַרן גיין שלאָפן ערב דער דאָזיקער „אַקציע״ האָבן די אײַנוווינער פון אונדזער דירה, ניט צונויפגערעדטערהייט, זיך געהאַט צונויפגעקומען צו אַ שטיקל יישוב־הדעת: וואָס קאָן באַטײַטן די פאָדערונג פון די דײַטשן? זאָל מען גיין מאָרגן צום טויער אָדער ניט?

צופעליק אײַנגעקוואַרטירטע אין דער דירה, האָבן מיר נאָך גוט ניט געקענט איינער דעם אַנדערן. האָט מען געדאַרפט זײַן געהיט מיט אַ וואָרט. נאָר אַז מען האָט מיך געפרעגט וואָס איך טראַכט וועגן דעם ענין, האָב איך קורץ געענטפערט:

— ווער ווייסט זיי? איך וועל פרײַוויליק ניט גיין.

דער מאַן פונעם יונגן ווײַבל איז אַן אויפגערעגטער אַוועק צו זיך אין צימער. זײַן מיינונג איז געווען אַן אַנדערע און ער האָט ניט געוואָלט שטרײַטן.

פאַרן אַרויסגיין אין דער פרי צום טויער, אָנגעטאָן אין אַ גוטן גאַרניטער, אַ פרישׂ אָפּגעראָזירטער, אַן אונטערגעצויגענער, האָט ער מיט פאַרוואָרף (צי אָפילו מיט פאַראַכטונג) אַ קוק געטאָן אויף מיר, ווי איינער זאָגט: „אַ בזיון ניט צו דערפילן די פליכט לגבי דער געטאָ. איר זענט דאָך אַן אינטעליגענט״.

איך קאָן ניט פאַרגעסן דעם לעצטן קוק זײַנעם. הײַנט וואָס איז שוין צו רעדן וועגן דער, וואָס האָט איר לעבן פאַרבונדן מיטן דאָזיקן מענטשן.

מיר האָבן אויפגעהערט זיך מאַכן אילוזיעס און געגלייבט די קלאַנגען, אַז מען האָט די גענומענע צו דער „אינטעליגענטער אַרבעט״ אומגעבראַכט, צעשאָסן דעם זעלבן טאָג.

אונדזער שכנה, דאָס יונגע ווײַבל וואָס האָט איר מאַן פאַרלוירן, לאָזט, קענטיק, קיינע קלאַנגען צו זיך ניט צו. זי וואַרט טאָג און נאַכט. שעהענלאַנג בלײַבט זי פאַרשטאַרט בײַם פענצטער. פונעם צווייטן שטאָק וווּ מיר לעבן, האָט זי אַ גוטן אויסבליק אויפן געסל. קוקט זי אויס אירע אויגן: אפשר, אפשר וועט ער זיך באַווײַזן. דאָס ווײַבל איז צוגעשמידט צום פענצטער דורך עפּעס אַ מורהדיקן כּוח, וואָס נאָגט אויס איר חיות. איר פריִער בליִענדיק פּנים איז פאַרוועלקט געוואָרן. און דער טרויער, דער צער אין אירע אויסגע־לאָשענע אויגן!

די געבליבענע אין געטאָ ראַנגלען זיך פאַר זייער אויסקומעניש. אויף דער אַרבעט אין שטאָט שאַפן מיר זיך אײַן אַ ביסל שפּײַז. דאָס ווײַבל גייט ניט אַרבעטן. זי האַלט־אויף די נשמה מיטן ביסל קאַרטאָפל און מעל, וואָס דער מאַן אירער האָט זיך געהאַט אײַנגעשאַפט פאַרן שליסן די געטאָ. און אַז דער קליינער שפּײַז־רעזערוו וועט אויסגיין? זי מאַכט זיך ניט קיינע חשבונות, מײַדט אויס די צוואַנגאַרבעט, סײַדן מען טרײַבט זי אַוועק מיט גוואַלד. און ווידער איז זי אין שטוב, אַ צוגעשמידטע צום פענצטער.

אַ סך יונגע ווײַבלעך וואָס האָבן לעצטנס פאַרלוירן זייערע מענער, טרייסטן זיך. ניט געקוקט אויף דעם וואָס מען איז פאַרשפאַרט הינטערן צוים, טוליען זיי זיך צו מאַנצבילן, זוכן אפשר ניט אַזוי די צערטלעכקייטן, ווי אַ שטיקל שוץ. עס דאַכט זיך, אַז הינטערן רוקן פון אַ מאַנצביל איז איצט זיכערער דאָס הוילע לעבן. דאָס ווײַבל פונעם עלעקטראָמאָנטיאָר זוכט קיין זאַך ניט. זי צאַנקט.

מען האָט זי געפּרווט באַווירקן: די שעה וואָס מען לעבט, מוז מען טראַכטן וועגן לעבן. מען האָט אַפילו איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מאַן און ווײַב מוזן טאַקע זיך געטרײַ זײַן, איבערגעגעבן, דאַרפן אייניק זײַן. אָבער שטאַרבן צוזאַמען, צוזאַמען אונטערגיין זענען זיי ניט מחויב. זי הערט עס אויס און גייט צום פענצטער — אויסקוקן, וואַרטן.

גאָר אין גיכן האָט זיך אָנגערוקט די אַנטשיידונג. אין אַ ביטער קאַלטן, שטאַרק פאַרוואָלקנטן טאָג האָט מען אונדז צונויפגעטריבן אויף אַ פּלאַץ, אָפּצוקלײַבן מענטשן „צו אַרבעטן אַוסוועַרטס״, ס׳הייסט, ערגעץ אויסער דער געטאָ. דער עולם האָט אָבער באַלד פעסטגעשטעלט, אַז דאָרטן ווו מען זאַמלט די אָפּגעקליבענע, איז די „שלעכטע״ זײַט. ניט קיין אַרבעט, דער טויט וואַרט אויף די מענטשן.

אַז ס׳האָט זיך דערנענטערט די ריי פונעם יונגן ווײַבל, האָט זי, אַן אײַנגעקוטעטע אין אַ טונקעלער טוך, גאָר קיין אַכט ניט געלייגט אויפן געסטאַפּיסט, וואָס האָט מיטן ווונק פונעם צײַגפינגער אָנגעוויזן, וווהין ער באַשטימט יעדן איינעם. ניט געוואַרט אויפן צייכן, איז זי פּשוט געלאָפן צו דער „שלעכטער״ זײַט. מען האָט איר נאָכגעשריִען, זי זאָל זיך אָפּהאַלטן. פון דער ביטערער דערפאַרונג האָט מען געוווסט, אַז אַ יונגן מענטשן אַן אַ משפחה באַטראַכטן די דײַטשן פאַרן בעסטן אַרבעט־עלעמענט און לאָזן אים איבער אין געטאָ.

זי האָט קיינעם ניט געהערט, צי ניט געוואָלט גאָר הערן. ס׳האָט זי, משמעות, געטראָגן דער געדאַנק, אַז אפשר אפשר וועט זי דאָרטן ווהין

מען וועט פירן, סוף־כל־סוף טרעפן דעם מאַן. שווער, ניט מער אויסצוהאַלטן איז געוואָרן די געטריישאַפט־לאָסט.

## אויף אַ לוויה

לוויות זענען אויך פאַרבאָטן.

דער מת אויפן טראָגבעטל איז איבערגעדעקט מיט אַ ברעזענט. פיר מענער טראָגן אים איבערן ליידיקן ברוק, מחמת אין געטאָ זענען פאַרבאָטן אַלע טראַנספּאָרט־מיטלען. די מענער מיטן טראָגבעטל פאַרנעמען זיך צום טײַך, ווו אויפן ברעג־שיפּוע זענען אַרומגעצוימט מיט שטעכלדראָט צוויי שכנותדיקע שטחים. אויף איינעם, אין אַ פריש אויסגעגראָבענער גרויסער און טיפער גרוב ווערט צונויפגעוואָרפן דאָס מיסט פון די מיסטקאַסטנס אין געטאָ. אויפן צווייטן שטח קומען צו קבורה אונדזערע ניפטרים און הרוגים.

לכתחילה איז געווען באַפוילן צוצוגרייטן אויך דאָ איין גרויסע, טיפע גרוב פאַר די טויטע מענטשן און די געפּגרטע הינט און קעץ... אַרגומענטירנ־דיק אַז פון אַלגעמיין־שטאָטישע סאַניטאַרע טעמים קאָן מען ניט האַלטן אָפן אַזאַ גרוב, איז געלונגען צו פּועלן, מען זאָל לאָזן באַשטאַטן די טויטע ייִדן איטלעכן באַזונדער. ס'איז אָבער שטרענג אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז די קברים מוזן אויסגעגליכן ווערן מיט דער ערד און טאָרן ניט באַצייכנט ווערן מיט קיינע סימנים, שווין אָפּגערעדט — מצבות. האָבן זיך אַרײַנגעמישט יוריסטן: טאָמער וועט מען צוליב יורידישע מאָטיוון דאַרפן עקסהומירן אַ מת, ווי וועט מען געפינען דעם נייטיקן קבר? האָבן אונדזערע מושלים דערלויבט צו באַצייכענען די קברים מיט נומערן אויף קליינע ברעטלעך בײַ דער ערד־איבערפלאַך.

לוויות זענען אָבער געבליבן שטרענג פאַרבאָטן.

דאָס טראָגבעטל, איבערגעדעקט מיט אַ כאַקי־קאָלירקן ברעזענט (שוואַרץ, די פאַרב פון מענטשלעכן טרויער, איז אויך געווען פאַרבאָטן), ווערט גע־טראָגן פון פיר מענער איבערן מיטן פון גאַס. אויף די טראָטואַרן פוןביידע זײַטן — מענטשן וואָס דאַרפן מאַכן דעם אײַנדרוק פון צופעליקע פאַרבײַ־גייער. פּאַמעלעך, טראָט בײַ טראָט באַוועגן זיי זיך אין דער זעלבער ריכטונג, וואָס דאָס טראָגבעטל.

איך געפין זיך אויפן טראָטואַר צווישן די, וועלכע באַגלייטן צו זײַן אייביקער רו דעם הומאַניסט און שיינגײַסט, דעם מענטש מיטן חוש פאַר סאָציאַלן יושר און אומדערמידלעכן קולטור־טוער, וואָס האָט אַ לעבן לאַנג

פאַרשפּרייט בילדונג און וויסן צווישן די האָרעפּאַשנע פאָלקסמאַסן — דעם דאָקטאָר משה מאַטיס. פון מויל צו מויל האָט זיך צעטראָגן די ידיעה וועגן זײַן טויט. און אָט זענען מיר געקומען אָפּצוגעבן דעם לעצטן כּבוד דעם מענטש און מאַרטירער — איינעם פון די ערשטע קרבנות פון אונדזערע איצטיקע אוממענטשלעכע לעבנס־באַדינגונגען. געוועזן איז ער בן־שיבעים, נאָר געשטאָרבן איז ער, ווײַל מען האָט אים פּשוט ניט געקאָנט געבן די נייטיקע מעדיצינישע הילף, בעת ער איז קראַנק געוואָרן. און קראַנק געוואָרן איז ער ווידער צוליב די אוממענטשלעכע לעבנס־באַדינגונגען...

לוויות זענען פאַרבאָטן. מעגלעך, כּדי אונדז נאָך מער צו דערנידעריקן, ניט לאָזן אויפקומען אין אונדז מענטשלעכע געפילן, און צו פאַרטיליקן די וואָס קומען נאָך אויף; מעגלעך, אויך אויס מורא, ס׳זאָל אין געטאָ זיך ניט פאַרזאַמלען קיין גרעסערער עולם אין איין אָרט. ווער וועט אונדז אָבער פאַרבאָטן זיך צו ווײַזן אין גאַס שוין נאָך דער אַרבעט, פאַרבאָטן פּאַמעלעך נאָכצוגיין אויף די טראָטואַרן דער מיט ברעזענט פאַרדעקטער מיטה?

ניט אָפּגערעדט און ניט ווינסדיק איינער פון צווייטן, זענען מיר זיך צונויפגעקומען אויף די טראָטואַרן און באַוועגן זיך שטומערהייט, ניט אַרויס־ווײַזנדיק אַז מיר באַגלייטן דעם ניפטר. מיר ווײַזן אויך ניט אַרויס, אַז מיר האָבן עפּעס אַ שײַכות איינער צום צווייטן, מיר — געוועזענע קולטור־טוער, פּענמענטשן, ליבהאָבער פון ליטעראַטור און קונסט.

דאַכט זיך, גאָר ניט אַזוי לאַנג צוריק פלעגן מיר זיך באַגעגענען בײַם דאָקטאָר מאַטיס. זײַן אָפענע שטוב, זײַן אָפן האַרץ און אָפענע קעשענע האָבן געשאַפן מעגלעכקייטן פאַר יונגע ייִדישע שרײַבער, זיי זאָלן קאָנען אַרויס־געבן זייערע אַלמאַנאַכן און ביכער. בײַ זײַן דירעקטער מיטהילף האָט מען אָפּט צונויפגעקליבן מיטלען אויף צו עפענען ביבליאָטעקן און לייענזאַלן, אויף אײַנצואָרדענען אויסשטעלונגען פון קינסטלער. ער פלעגט אויף זיך אַחריות אַרויסבאַקומען בײַ דער דעמאָלטיקער ליטווישער מאַכט די דער־לויבענישן צו אָרגאַניזירן עפנטלעכע אויפטריטן פון אויסלענדישע ייִדישע שרײַבער און קולטור־טוער, באַגעגענישן מיט זיי. די דאָזיקע אונטערנע־מונגען פלעגן אָנפילן מיט אַ נשמה־יתירה אונדזער גרויען אַלטאָג, פלעגן ברענגען אַן אמתן יום־טוב דעם פּשוטן ייִד, וואָס האָט געבענקט נאָך קולטור און גײַסטיקע ווערטן. אַז דער פּליטים־שטראָם פונעם אָקופּירטן דורך די היטלער־חיילות פּוילן האָט געבראַכט קיין קאָוונע ייִדישע שרײַבער, וויסנ־שאַפטלער, געזעלשאַפטלעכע טוער, זענען די טירן פון דאָקטאָר מאַטיסעס שטוב ברייט אויפגעפּראַלט געוואָרן פאַר די געיאָגטע און געפּלאָגטע.

צוליב דעם אַלעם פלעגן מיר זיך אָפּט ביַי אים טרעפן. איצט האָט ער אונדז ווידער צונויפגעפירט... מיר האָבן דערזען איינער דעם צווייטן און דערפילט, אַז די באַגעגעניש איז צו עפּעס מחייב.

מיר וועלן באַגלייטן די מיטה ביזן סוף פון דער גאַס, ביז צום ברעג־שיפּוע. וויַיטער טאָרן מיר ניט גיין. מיר וועלן בליַיבן אינעם געטאָ־אָפּצוים, ווו די לעבעדיקע זענען מקנא די טויטע און קריגן ליב דאָס לעבן ביז משוגעת...

קיינער ווייסט ניט, צי מיר וועלן בליַיבן לעבן. אָבער בליַיבן מ ע נ ט ש ן כּל־זמן מיר לעבן, דאָס קער זיך שוין אָן אין אונדז גופא. אויף דער שטילער און געהיימער לוויה האָבן מיר זיך איבערצייַגט אין דעם אַן איבעריק מאָל.

## נאָר דעם אמת

מיר האָבן געוווּסט, ווי דאָס האָט זיך אָנגעהויבן. געוווּסט, אַז באַוואָפנטע היטלעריסטן און זייערע אָרטיקע אַרויסהעלפער האָבן באַגינען אַרומגערינגלט אַ געטאָ־קוואַרטאַל און אַרויסגעטריבן פון די היַיזער די מענטשן. פון הינטער דעם שטעכלדראָט האָבן מיר געזען, ווי באַרג־אַרויף דעם שאָסיי וואָס ציט זיך פאַרביַי אונדז, האָבן זיך באַוועגט לאַנגע קאָלאָנעס יידן, אַרויסגעטריבענע פון געטאָ — מענער, פרויען און קינדער, יונגע און זקנים. מיר האָבן געזען, ווי זיי האָבן גענומען פאַרשווינדן הינטער די ביימער לענג־אויס דעם שאָסיי, ביז ס׳האָט זיי אין גאַנצן פאַרשלונגען די נעפּלדיק־גרויע וויַיט.

דאָס איבעריקע האָבן מיר זיך אין גיכן דערוווּסט פונעם יינגל.

געקומען אַ ביסל צו־זיך, האָט ער זשעדנע אויפגעגעסן אַ פּענעץ ברויט, פאַרטרונקען מיט אַ גלאָז גערשטן־קאַווע, מיט וועלכע מען האָט אים מכבד געווען, און ווערגנדיק זיך מיט די ווערטער, גענומען דערציילן:

— מען האָט אונדז געשטופּט, מען האָט אונז געטריבן, געשטויסן מיט די ביקסן. דער טאַטע איז געגאַנגען מיט מיַין שוועסטערל אויף די הענט. מיך, מיר זאָלן זיך ניט פאַרלירן, האָט געהאַלטן פאַר אַ האַנט די מאַמע. זי האָט די גאַנצע ציַיט געוויינט. מען האָט אונדז קיין זאַך ניט געלאָזט מיטנעמען. דעם טאַטן האָט מען אַפילו דעם מאַנטל ניט געלאָזט אָנטאָן. די גאַס איז געווען פול מיט מענטשן, און אויפן שאָסיי האָט מען ניט געזען ניט דעם אָנהייב און ניט זייער סוף. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז מען פירט אונדז אויף אַרבעט אין אַ לאַגער. מירן לעבן אין באַראַקעס, מען וועט אונדז געבן ברויט און אַרבעטסקליידער. נאָר די מאַמע האָט געקרעכצט: „ניט גוט, ניט גוט!״

לאַנג האָבן מיר זיך געשלעפּט. מיר זענען געווען הונגעריק, פאַרמאַטערט. און אַרום אונדז — עטלעכע דײַטשן און אַ סך סאָלדאַטן אין אוניפאָרמס, ווי ס'האָבן פריִער געטראָגן די סאָלדאַטן אין ליטע. מיט קאַסקעס, מיט אויס־געשטעלטע ביקסן און באַגנעטן זענען זיי געווען. זיי האָבן אונדז געטריבן, ניט געלאָזט אָפּכאַפּן דעם אָטעם. פּלוצעם זענען אַלע געבליבן שטיין. די מענטשן האָבן דערשראָקן זיך געשושקעט, אַז ס'איז דער נײַנטער פאָרט — די מויער פון רויטע ציגל, דער טורעם אויפן בערגל. ס'איז זייער קאַלט געווען. אין ערטער איז אַפילו געלעגן אַ שניי. מיר זענען געשטאַנען אין עפּעס אַ טאָל און געציטערט פון קעלט. מיט אַ מאָל האָבן די סאָלדאַטן אויף ליטוויש געהייסן אַלעמען זיך אויסטאָן. די מאַמע האָט אויסגערופן: „ווײ, די קינדער וועלן זיך צוקילן!" האָט אַ סאָלדאַט זי אַ שטויס געטאָן מיט דער ביקס און זיך צערעוועט: „טו זיך אויס, מכשפה, אַניט דערשיס איך אַלעמען!" מיר זענען געבליבן אין דעם אונטערוועש. די שיך האָט מען אויך געדאַרפט אויס־טאָן און אַרײַנלייגן איין שוך אין דעם אַנדערן. די זאָקן האָט מען אונדז געלאָזט... דאַן האָבן די סאָלדאַטן ווידער גענומען אונדז טרײַבן: „אין באַד אַרײַן! אין באַד!" אַרויפגעקראָכן אַ ביסל העכער, האָבן מיר דערזען בערגלעך זאַמד און אַ לאַנגע, טיפע גרוב. אַלע האָבן זיך צעוויינט, צעשריִען. און די סאָלדאַטן האָבן אַלעמען גענומען שטופּן אין גרוב: „שפּרינגט, האָט ניט קיין מורא!" מיט אַ מאָל האָט עס גענומען דונערן, טראַסקען, און די מענטשן זענען איינער אויפן צווייטן געפאַלן אין גרוב אַרײַן. די מאַמע האָט מיך גענומען טרײַבן פון זיך: „אַנטלויף, איציקל, אַנטלויף!" ס'איז טאַקע שרעק־לעך געווען דאָ צו בלײַבן. האָב איך זיך אַ שאַר געטאָן אין אַ זײַט, זיך אַרומגעקוקט און דערזען: דער טאַטע אין אייבע אונטערוועש, האַלט אויף די הענט דאָס אויסגעטאָנענע שוועסטערל און קושט זיך מיט דער מאַמען... אין דער סומאַטאָכע בין איך אַריבערגעקראָכן דאָס בערגל זאַמד און גענומען לויפן. כ'בין פאַרקראָכן אין קוסטעס און זיך אײַנגעגיורעט. ס'האָט זיך געהערט אַ שרעקלעכע שיסערײַ און טראַסקערײַ. און ס'אַראַ געשרייען!.. בײַ נאַכט איז געוואָרן שטיל. כ'האָב בגנבה זיך דערקליבן קיין סלאָבאָדקע, אַרײַנ־געקראָכן דורכן צוים אין געטאָ...

דער דאָקטער, צו וועמען מען האָט געבראַכט דאָס אויסגעטאָנענע, בלויע פון קעלט און פון שרעק אָדורכגעשווידערטע ייִנגל, האָט געשאָקלט מיטן גראָען קאָפּ, געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

— ס'ייִנגל איז, קענטיק, ניט בײַם פולן זינען... צי איז מעגלעך דאָס, וואָס ער דערציילט? מען דאַרף אים פירן צו אַ פּסיכיאַטער...

דערפילנדיק אַז מען גלייבט אים ניט, איז דאָס ייִנגל אויפגעשפרונגען. דאָס רעקל, די געשטריקטע קאָפּטע וועלכע מען האָט געהאַט אַרויפגעטאָן אים אויף די פּלייצעס, כּדי זיך צו דערוואַרעמען, זענען אַראָפּגעפאַלן. ער איז ווידער געשטאַנען אינעם פאַרבלאָטיקטן און פאַרבלוטיקטן העמד. מיט ציטערנדיקע פויסטלעך האָט ער גענומען זיך שלאָגן אין האַרץ און שרײַען:

— איך זאָג דעם אמת! זאָל איך אַזוי לעבן, דעם אמת!

ער האָט זיך צעיאָמערט און קיינער האָט אים לאַנג ניט געקאָנט אײַנשטילן.

אויך פון אַנדערע מקורות האָבן מיר אין גיכן זיך דערוווּסט פּרטים וועגן דער שרעקלעכער שחיטה, נאָך וועלכער ס'איז געבליבן איין און איינציקער לעבעדיקער עדות — יענץ יאָסל, דער צוועלפיאָריקער איציק בלאָך. דאָס גרויליקע בילד וואָס ער האָט אָנגעמאָלט, האָבן אין גיכן דערגאַנצט אויך אַנדערע עדות — קריגס־געפאַנגענע וועלכע מען האָט געצוווּנגען פאַרשיטן די מאַסן־קברים, פּויערים פון די דערפלעך וואָס ליגן בשכנות מיטן נײַנטן פאָרט. אָפן, אָן שום בושה, אַפילו ניט פּרווּוונדיק פאַרהוילן זייער מוראדיקן מענטשנמאָרד, האָבן די רוצחים געשאָסן און געקוילעט, אַרויפגעהויבן אויף באַגנעטן קינדערלעך און זיי געשלײַדערט אין די גריבער; געוואָרפן עופּעלעך אין דער לופט און געשאָסן אין זיי, ווי אין באַוועגלעכע ציל־אָביעקטן. מיר האָבן אויך געהערט וועגן האַלב־נאַקעטע און נאַקעטע מענטשן, וואָס האָבן בײַ די גריבער זיך געראַנגלט מיט די הענקערס; געהערט וועגן מאַסן־קברים איבער וועלכע די אָנגעשאָטענע, מיט בלוט אַדורכגעזאַפּטע ערד האָט קאָנווולסיוו זיך באַוועגט. די דאָזיקע אָנגעשאָטענע ערדשיכט פלעגן אַדורכדרינגען הענט פון די ניט אויף טויט געטראָפענע און בלײַבן סטאַרטשען איבער איר. פון אונטער דער ערד האָבן לאַנג זיך אַרויסגעשפּאַרט דומפּע גסיסה־קרעכצן און אַ ווייפל כאָרכלעניש פון לעבעדיק פאַרשאָטענע...

דאַכט זיך, אַלץ איז קלאָר. פון דעסטוועגן פלעגן זיך אײַנגעפינען צווישן אונדז אַזעלכע, וואָס האָבן ניט געוואָלט, ריכטיקער געזאָגט, ניט געקאָנט גלייבן אין דעם אַלעם. דער נאָרמאַלער מענטשלעכער מוח איז ניט געווען מסוגל דאָס אַלץ צו באַנעמען.

און ווי וועט זײַן מיט דעם וואָס איך פאַרשרײַב? אויב ס'וועט שוין זוכה זײַן צו דערגיין צו די מענטשן אויף דער פרײַ, צי וועלן זיי גלייבן, אַז דאָס איז טאַקע געשען אויף דער וואָר? דעריבער וויל איך, ווי יענץ פונעם טויט אַנטרונענע יאָסל, שווערן, אַז מיר אַלע, לעבעדיקע עדות, דערציילן דעם אמת און נאָר דעם אמת!

מ א י ר   י ע ל י ן

## גריבער

וואָס האָט ער זיך צוגעטשעפּעט צו אונדז, דער דאָזיקער קליינוווקסיקער אַלטיטשקער, דער נאָכטוועכטער פונעם שכנותדיקן מיט דער געטאָ געהילצ־סקלאַד? וויפל געזונט האָט ער בײַ אונדז אַוועקגענומען! און ניט בלויז געזונט...

אין געטאָ האָט אונדזער משפחה צוזאַמען מיט אַנדערע ייִדן באַקומען אַ שטיקל אָפּדאַך אין אַ שטיבל האַרט בײַם פּאַרקן פון אָט דעם סקלאַד. דער דאָזיקער הילצערנער פּאַרקן, אויבן באַצויגן מיט עטלעכע רייען שטעכל־דראָט, איז געוואָרן די גרענעץ צווישן דער „פרײַער" וועלט און דעם תּחום פון די פאַרמישפּטע.

איין מאָל שפּעט אין אָוונט, ווען ס'איז שוין געווען פאַרבאָטן אַרומצוגיין אין גאַס, קלאַפּט מען אָן אין אונדזער טיר און ס'קומט אַרײַן אַ קליין, דאַר און קוואַר מענטשל מיט ווײַסע אַראָפּגעהאָנגענע וואָנצעס אויפן אויסגע־טריקנטן, וואַקסענעם פּנים. ער שטעלט זיך באַלד פאַר ווי אונדזער שכן — דער נאָכטוועכטער פונעם סקלאַד. ער באַרויִקט אונדז, מיר זאָלן זיך ניט שרעקן: קיינער ווייסט ניט פון זײַן געהיימער, קונציק פאַרמאַסקירטער לאָך אינעם פּאַרקן! „אין מײַן פּאַרקן", — באַטאָנט ער און גייט אַריבער צום ענין. פאַרשטייענדיק אַז מיר הונגערן, האָט ער געבראַכט ברויט. ער ווייסט אַז ער שטעלט איין זײַן לעבן, אָבער... און תּוך־כּדי־דיבור, נעמט ער אַרויס פון אונטער דער פּאָלע אַ לעבל ברויט.

ברויט! מיר האָבן אַזש אָנגעהויבן שלינגען שפּײַעכץ. דעם מענטשן וואָס האָט געבראַכט שפּייַז, האָבן מיר אָנגענומען פאַר איינעם פון די זעלטענע גוטהאַרציקע ליטווינער, וועלכע האָבן ריזיקירנדיק מיטן קאָפּ, געהאָלפן די פאַרשפּאַרטע אין געטאָ זיך שיצן פונעם הונגערטויט.

שפּייַז־פּראָדוקטן זענען געווען טײַער. דאָס געלט האָט פאַרלוירן זײַן ווערט. (מיר האָבן עס , אגב, ניט געהאַט און ניט געטאָרט גאָר האָבן.) פאַרן באַקומענעם ברויטל איז אויסגעקומען זיך אויסצוקוויטירן מיט עפּעס פון אונדזערע זאַכן.

פון דעמאָלט אָן איז דער וועכטער געוואָרן בײַ אונדז אָן אָפטער נאַכט־גאַסט. ער פלעגט ברענגען ברויט, אַ שטיקל פעטס. אַוועקגיין פלעגט ער אויך ניט מיט ליידיקן. ס'האָט נאָר פאַרדראָסן, למאַי דער אַפּעטיט פונעם דאָזיקן „ווילטוער" האַלט אין איין וואַקסן. לכתּחילה האָט ער זיך באַנוגנט מיט אַ העמד, אַ טיכל, אַ קישנציך, וועלכע מיר פלעגן אָפּרײַסן פון זיך. דערנאָך האָט ער אָבער גענומען פאַרלאַנגען זייגערלעך, רינגען, גאַרניטערס... קיין סך

האָבן מיר אים ניט געקאָנט אָנבאָטן. דער נאַכטוועכטער האָט עס אָבער אָנגענומען פאַר קאַרגשאַפט און געפּרוּווט אונדז באַווירקן, מיר זאָלן ווערן ברייטגיביקער. יעדן מאָל פלעגט ער, טשמאָקענדיק מיטן מויל אָן ציינער, איבערגעבן די לעצטע „נײַעס". איובס בשורות זענען עס שטענדיק געווען: היטלערס נצחונות אויף די פראָנטן, הריגות פון יידן אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון ליטע. אַליין ניט באַמערקנדיק פלעגט ער אָפט איבערחזרן איינס און דאָס זעלבע וועגן די שחיטות אין די קאָוונער פאָרטן, אונטער־שטײַכנדיק אַז אַלע אַרויסגעפירטע פון געטאָ ווערן דאָרטן צעשאָסן און צונויפגעוואַלגערט אין לאַנגע, טיפע גריבער. ער פלעגט אויך ניט פאַרגעסן צוצוגעבן, אַז מען גראָבט אַלץ נײַע און נײַע גריבער...

אויסדערציילט כּלערליי גרויליקייטן מיט אָן אַ שיעור פּרטים, איז ער איין מאָל אַזש רויט געוואָרן פון אומגעדולד:

— וואָס קאַרגט איר? אין גרוב וועט איר עס מיטנעמען, צי וואָס? עסט, כּל־זמן איר זשיפּעט, כאַפּט אַרײַן! ווען איר ניט קאַרגן, וועל איך ברענגען פון אַלדאָס גוטס. איך זאָג אײַך קיין ליגן ניט, איר וועט זען, מאָרגן געשעט בײַ אײַך ווידער עפּעס ניט גוטס...

זײַן בייזע נבואה איז מקוים געוואָרן. מען האָט אָפּגעשניטן פון דער געטאָ עטלעכע גאַסן און זייערע אײַנוווינער אַוועקגעטריבן אין דער ריכטונג צום נײַנטן פאָרט...

פון אָוונט האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט צו אונדז דער שומר און שעלמיש אַ פרעג געטאָן, צי מיר גלייבן שוין אין זײַן וואָרזאָגערײַ.

דערשלאָגענע, צעבראָכענע, איז אונדז נאָך אויסגעקומען צו הערן זײַן סיפּור־המעשׂה, ווי אַזוי ער איז געווען ניט פויל און נאָכגעגאַנגען די אַוועק־געפירטע צום פאָרט. פון ווײַטן האָט ער געזען, ווי מען האָט פון די מענטשן אַלץ צוגענומען, געצוווּנגען זיך אויסטאָן מוטער־נאַקעט און — צו די גריבער... און ניט אַלע גריבער זענען פאַרפולט... זיי וואַרטן... פאַרשטייענדיק ווי וועט אונדז פון אַזעלכע נײַעס ווערן אויפן האַרצן, האָט ער מיטגעבראַכט אַ פלעשל בראָנפן. איצט, מלחמה־צײַט, איז עס געגליכן צו וואַלוטע. נאָר אַזוי ווי מיר טענהן, אַז קיין גאָלד אָדער דאָלאַרן האָבן מיר ניט, איז ער מסכּים צו נעמען, לאָמיר זאָגן, אַ גוטן וואַרעמען מאַנטל. באַלד איז שוין ווינטער...

ביז גאָר אומצופרידן וואָס מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט פונעם ביטערן טראָפּן, האָט ער אַ באַליידיקטער אַרײַנגעשטעקט דאָס פלעשל משקה אין קעשענע און, אָנקוקנדיק אונדז מיט פאַראַכטונג, געלאָזט זיך צום אַרויסגאַנג.

— אָט מענטשן, — האָט ער געוואָרטשעט, — גריבער זענען פאַר זיי

אַנגעגרייט, און זיי שפּאָרן, פאַרגינען זיך ניט... פאַרשטייט איר כאָטש, וואָס דאָס איז אַזוינס — גריבער?

וואָס גריבער באַטײַטן האָבן מיר, לײדער, שוין גוט געוווּסט. און גע־טראַכט, אַז דער דאָזיקער נפש וואָס שטייט אַליין מיט איין פוס אינעם קבר און קאָן זיך ניט אָנזעטיקן מיט פרעמדן אייגנס, האָט זיך שוין לאַנג אַראָפּ־געקײַקלט אין דער טיפסטער גרוב.

## מיר בלײַבן לעבן?

צען טויזנט מענטשן — גרויס און קליין, מענער און פרויען — אַ דריטל פון דער געטאָ־באַפעלקערונג איז מיט איין מאָל, אין איין טאָג אַרויסגעריסן געוואָרן פון לעבן. קאָן מען עס מיטן שכל, מיטן נאָרמאַלן מענטשלעכן שכל משׂיג זײַן?

צו מאָרגנס איז דער דירעקטער בעל־הבית איבער אונדז, די קליינ־וווּקסיקע ווילדע בריאה אין דער ברוינער עסאַ־אוניפאָרם, מיטן קײַלעכיקן ברוינעם היטל ווי אַ קוגלטאָפּ, אָבערשטורמפירער פריץ יאָרדאַן, אַראָפּגע־קומען אויף זײַן אויטאָ אין געטאָ. מיטן פוס האָט ער אויפגעפּראַלט די טיר פונעם צימער, ווו ס׳האָט אויף אים געוואַרט דער „יודנעלטסטער". (אָנבעמען די טירקליאַמקע וועלכע ס׳רירן אָן ייִדן, איז דעם „ריינראַסיקן" גערמאַנער ניט אָנגעשטאַנען.) אַז דער גרײַזגראָער דאָקטער ע. אונדזער פאַרשטייער, האָט אָן אַ וואָרט צו זאָגן, זיך אויפגעשטעלט (ייִדן איז געווען פאַרבאָטן צו באַגריסן מיט ווערטער אַ דײַטש), אויסגעצויגן זיך, די הענט אַראָפּגעלאָזט, האָט יאָרדאַן היסטעריש אָנגעהויבן סקאַווטשען:

— שווײַנע זענט איר! געלאָזט האָבן מיר אײַך דאָ, איר זאָלט אַרבעטן, און איר סאַבאָטירט!

— הער אָבערשטורמפירער, — האָט טרוקן אָנגעהויבן דער דאָקטער, — מיר זענען זייער באַזאָרגט וועגן שיקזאַל פון די צען טויזנט. וואָס איז מיט די מענטשן?

האָט עס דעם היטלעריסטישן מושל ווי אויפגעריסן פון אינעווייניק:

— איך האָב דיך שוין געוואָרנט, אַלטער הונט, אַז דו טאָרסט מיר קיין פראַגן ניט שטעלן. דו האָסט צו געהאָרכן און אויספילן באַפעלן! אַלזאָ, זײַ וויסן — שלוס מיט די צען, צוואַנציק, צי הונדערט טויזנט... און גענוג זיך דרייען דעם קאָפּ וועגן זיי! איך בין אומצופרידן, זייער אומצופרידן, וואָס דײַנע יודן דערפילן ניט די אַרבעטפליכט, אײַער איינציקע פליכט... איר

פּריוואַט וויַזן וואָס איר קאָנט. וועל איך וויַזן וואָס מיר קאָנען! מיט צען טויזנט זענען מיר פּאַרטיק געוואָרן אין איין טאָג. באַרעכן, וויפל עס וועלן ביַי אונדז פאַרנעמען די איבעריקע... נאָר... — דאָ איז דער נאָצי אַ קאָפּ ווייכער געוואָרן: — מיר האָבן באַשלאָסן איַיך צו לאָזן לעבן. די „אַקציאָנען" זענען פאַרענדיקט און איר בלײַבט שוין לעבן, אויב איר וועט אַרבעטן, פאַרשטייט זיך. אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס.

ביַי די ווערטער האָט ער אַרויסגענומען אַ דאָקומענט און אַ וואָרף געטאָן דעם „יודנעלטסטן" אויפן שרײַבטיש:

— דאָס איז אַ טשעק אויף צען טויזנט מאַרק. אויף שפּיַיז פאַר אַרבעט־יודן.

צום ערשטן מאָל האָבן זיי ניט גענומען, די דיַיטשן, נאָר עפּעס געגעבן. „אַנטשעדיקט" צו איין מאַרק פאַר אַ קאָפּ פון אַ הרוג... מ י ר וועלן שוין לעבן...

פרומע ייִדן האָבן אַוועקגעאײַלט צום קאָוונער הויפּט־רב, ער זאָל פּסקע־נען, צי זיי דאַרפן בענטשן גומל. דער רב, שמועסט מען, האָט געזאָגט, אַז ער מוז אין דעם ענין טיפער אַריַינדרינגען, אַ נישטער טאָן אין ספרים און געבעטן צוויי מעת־לעת פאַרן יישוב־הדעת. ביַי דער געלעגנהייט זאָל ער אויך האָבן דערקלערט:

— זיַיט וויסן, ייִדן, אַז אויב מירן בלײַבן לעבן, זענען די וואָס מען האָט שוין אַוועקגעפירט צו דער עקדה, רשעים, און מיר זענען צדיקים. וועט אָבער אויך אונדז באַשערט זיַין אומצוקומען, זענען יענע געווען די צדיקים, און מיר — די רשעים... וויַיל אונדז וועט אויסקומען נאָך גוט זיך אָנצומוטשען פאַרן טויט...

דערוויַילע לעבן מיר. מירן שוין טאַקע בליַיבן לעבן?

איך, מײַנע סאַמע נאָענטסטע האָבן געקאָנט „אַוועקגיין אין אַן אַקציע". אַלע די וועלכע איך באַגעגן אין געטאָ, אויף דער צוואַנגאַרבעט, באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע וואָס טראָגן די געלע לאַטע אויפן ברוסט און רוקן, אַלע האָבן זיי געקאָנט „אַוועקגיין אין אַן אַקציע" און זענען דורכן צופאַל געשוינט געוואָרן. אויב די העכערע היטלעריסטישע מאָרד־אינסטאַנצן האָבן טאַקע באַשלאָסן איבערצולאָזן אין געטאָ קנאַפּע צוואַנציק טויזנט נפשות, זענען מיר געבליבן אין זכות פון די אומגעבראַכטע. מיר לעבן אויפן חשבון פון עמעצנס לעבן. ס'איז שוידערלעך, אמגעהײַער שוידערלעך!

וועלן מיר ווערט זיַין דעם שרעקלעכן און גרויסן קרבן?

## דער מאַן האָט אָפּגעבליט

ערגעץ אין אַ הינטערהויף, אויף אַן אויסגעגנאָגט שטיקל גרויע געטאָערד האָט אָפּגעבליט אַ שטענגל מאָן.

ווי קומט אַהער דער מאָן? פון קיינעם ניט פאַרפלאָנצט פון דעסטוועגן אַרויסגעשפּראָצט, צעגרינט, צעבליט זיך און שטאָלץ אַוועקגעצויגן זיך צו זון און בלויע הימלהייכן.

דער מאָן האָט אָפּגעבליט, דער ווינט האָט זײַנע קרוינבלעטלעך אַראָפּגעבלאָזט. די זון, די צײַט און אויך דער ווינט — זיי אַלע האָבן צוגעלייגט צום מאָן אַ האַנט. וויגט זיך איצט אַן אויסגעטריקנט שטענגל און טוט קלאַפּן הייזעריק מיט די פאַרדאַרטע בלעטער זיך אין האַרץ. שלאָגט עס זיך על־חטא, צי וואָס?

דער מאָן האָט אָפּגעבליט. דער ווינט האָט מיט אַ וואָלפישער רציחה זײַנע שוואַרצע זריעהלעך צעשטויבט, צעווייעט זיי אין אַלע זײַטן. וועט אויפגיין אָט די זריעה נאָך אַ מאָל? וועט אויסכאַוועז דער דאָזיקער מיט בלוט אַדורכגעזאָפּטער באָדן נײַע גרינע שטענגעלעך מיט בלעטער, מיט אַ בלומענקנאָספּ, פאַרפולט מיט מאָנעלעך, באַקרוינט מיט גלײַך־רויטע קרוינבלעטעלעך?

לעת־עתּה זע איך איינס: דער מאָן האָט אָפּגעבליט אין קלעם פון שטעכעדיקן דראָט, אין אַ פאַרשטײַפטער לופט פון אימת־מוות, וועלטן־אונטערגאַנג און קאַלטן טויט. עס שטאַרבט דער הארבסט, וואָס האָט פון מאָן אַרויסגענאָגט די לעצטע זאַפטן. נאָך אים וועט ווי אַ הונגעריקע חיה־רעה, וואַרפן זיך דער ווינטער אויף די בידנע רעשטן פונעם מאָנשטענגל, וואָס קלאַפּט זיך נעבעכדיק אין האַרץ מיט די פאַרדאַרטע בלעטער.

אָ, ווער וועט ברענגען יענע טרייסט־בשורה, אַז מיר, באַגלײַך ווי מאָן, נאָך אויפגיין וועלן, זיך צעגרינען, בלִיען וועלן, און פריש־צאַפּלדיקע קרוינ־בלעטלעך נאָך צירן וועלן אונדז די קעפּ?

**פון שווערער דורות־לאַסט געבויגן, קומט אַ גראָער זקן אָן און רוימט אונדז אײַן זײַן אוראַלטן ירושה־סוד: דער טאָג פון חורבן איז אויך דער געבורטסטאָג פונעם גואל.**

## פּראָשקעס סם

ער איז געווען מיד, דער פליט פון פוילן, אויסגעשעפּט, אין גאַנצן פאַרצווייפלט.

געווען איז ער אַ וואַרשעווער, איבערגעלעבט דאָס פאַלן פון זײַן היימ־

שטאָט, די ערשטע טעג פון דער היטלעריסטישער אינוואַזיע. ווי פון דער פעסט, איז ער געלאָפן קיין מיזרח, אָנגעשפּאַרט קיין ליטע. אים איז געראָטן געבן צו וויסן זײַן פרוי, ווו ער איז, און אָנגעזאָגט זי זאָל צוזאַמען מיט זייער קינד ריזיקירן, אײַנשטעלן דאָס לעבן און דערקלײַבן זיך צו אים. ער האָט מיט מזל דערוואַרט זײַנע אייגענע אַ פּאָר טעג פאַר היטלערס אָנפאַלן אויפן סאָוועטן־פאַרבאַנד. איצט, שוין אַלע צוזאַמען, זענען זיי ווידער געלאָפן. נאָר דאָס מאָל האָבן די נאַציס זיי אָנגעיאָגט.

ער האָט געוווּסט וואָס די היטלעריסטן טוען אין פּוילן. ער זעט וואָס זיי טוען אין ליטע. יעדן טאָג גייט אָפּ די געטאָ מיט בלוט. יעדן טאָג קומען אָן ידיעות וועגן מאַסן־שחיטות און וועגן נײַע גריבער, וועלכע מען גרייט פאַר נײַע קרבנות. פאַר די אויגן — פאַרפּײַניקטע פון הונגער און קאַטאָרגע־אַרבעט. מען קאָן ניט פאַרגעסן די אַרויסגעפּירטע פון געטאָ... און דאָ איז אים נאָך אַרײַנגעפאַלן אין די הענט אַ היטלעריסטיש בלעטל, וואָס טרומייטערט מיט גרויסער פּאָמפּע, אַז די דײַטשן זענען שוין אין די בינאָקלען מאָסקווע... האָבן זײַנע נערוון ניט אויסגעהאַלטן.

האָט ער זיך געווענדט צו מיר, ווי צו זײַנעם אַ שכן, מיט אַזאַ בקשה:

— איר זענט אַ היגער, אַן אָרטיקער תּושב. איר האָט, אָן ספק, אַ באַקאַנטן אַפּטייקער. וואָלט איר מיר געקאָנט טאָן אַ גרויסע געפעליקייט. איר פאַר־שטייט, כ׳האָב אויסגעהיט אַ פּרעכטיקן שווייצאַרישן האַנטזייגערל, אָן עכטן „לאָנזשין״, אַ מײַסטערשטיק פון זייגערמאַכערײַ. אַלץ געטראַכט, עס וועט צו ניץ קומען אין אַ קריטישער רגע. ס׳פּאַסירט דאָך, אַז מען קויפט זיך אויס פון טויט מיט אַ טײַערן חפץ. רוקסט אונטער אַזאַ זאַך דעם רוצח, וואָס קומט דיך נעמען, און ער לאָזט דיך אָפּ. האָסטו דערווײַלע אָן „אָטסראָטשקע״. איצט גיב איך אָפּ דעם זייגער פאַר דרײַ פּראָשקעס סם.

כ׳האָב געפּרוּווט אויסלאַכן דעם בייזן אײַנפאַל, געפּרוּווט איבערצײַגן דעם מענטש, אַז מען טאָר ניט אַרײַנפאַלן אין אַזאַ יאוש, מען דאַרף זיך שטאַרקן. ס׳איז נאָך ניט אַלץ פאַרלוירן.

נאָר ער איז עקשנותדיק באַשטאַנען אויף דאָס זײַניקע: היטלער באַ־הערשט אייראָפּע, שטייט בײַ מאָסקווע. אַלץ גייט אונטער. די מענטשהייט קײַקלט זיך אין אַ תּהום. ס׳ווערט מקויים היטלערס פינצטערע נבואה וועגן דער „טויזנטיאָריקער דריטער אימפּעריע״. מיר שטייען אויף איר שוועל. אין דער געשיכטע הייבט זיך אָן אַ תּקופה פון ווילדערלעכן באַרבאַריזם. ס׳קראַכן אַלע מאָראַל־נאָרמעס. די מענטשהייט ווערט צעטיילט אויף מערדער און געמאָרדטע, און די אייבערהאַנט באַקומען די מערדער.

— און איר זאָגט — ניט אַרײַנפֿאַלן אין יאוש... — האָט ער פֿאַרענדיקט, שטיל פּרעפּלענדיק. — ברודער, זאָגט מיר ניט אָפּ, באַגייט אַ הומאַנישן טאַט. קריגט פֿאַר מיר סם. דרײַ פּראָשקעס. איך וויל ניט מען זאָל מיך, מען זאָל מײַן פֿרוי און קינד טרײַבן צו דער גרוב, און מיר זאָלן נאָך דאַרפֿן אויסטאָן זיך פֿאַרן דערשיסן... זײַט אַ מענטש!

עטלעכע אָוונטן נאָך אַנאַנד איז ער צו אונדז געוועזן געקומען. פֿלעגט זיך אַנידערזעצן, אַראָפּלאָזן די אויגן, אָוועקלייגן די אויסגעטריקנטע הענט אויף די קני און מיט אַ ציטעריקער שטים נעמען בעטן, איך זאָל באַקומען פֿאַר אים סם.

ער האָט זיך ניט באַרויִקט, און איך האָב אים צונויפֿגעפֿירט מיט מײַנעם אַ באַקאַנטן אַפּטייקער.

אין אַ פּאָר טעג אַרום, שפּעט אין אָוונט, קומט אַרײַן דער אַפּטייקער און דערלאַנגט מיר אַ האַנטזייגערל, אַ „לאָנזשין".

— קערט עס אום אײַער באַקאַנטן, דעם סם־זוכער. זאָגט, אַז כ'האָב צו פֿיל גענומען...

— און וואָס איז מיט דעם סם־האַנדל? — טו איך אַ פֿרעג.

— געהאַנדלט, געהאַנדלט, — זאָגט דער אַפּטייקער זייער גלײַכגילטיק.

דעם זעלבן אָוונט האָב איך דעם אַפּטייקערס ביטע ניט געקאָנט אויספֿילן. אויף מאָרגן גאַנץ פֿרי האָט די געטאָ אויפֿגעטרייסלט אַ נײַע כאַפּעניש פֿון מענער צו „אויסנשטאָטישער" אַרבעט.

פֿון אָוונט, ווען אַרום איז שטיל געוואָרן, האָט צו אונדז זיך אַרײַנגעשטעלט דער וואַרשעווער יונגער מאַן — אַ שטאַרק צעטראָגענער, אָבער זײַנע אויגן האָבן מאָדנע געלויכטן.

— גוטן אָוונט, — האָט ער געזאָגט, טוענדיק שולדיק אַ שמייכל. — אַ גרוס אײַך פֿון יענער־וועלט...

ער האָט מיך אָפּגערופֿן אין אַ זײַט און אָנגעהויבן אַראָפּרעדן זיך פֿון האַרץ:

— שטעלט זיך פֿאָר, וואָס עס קאָן געשען. ווען די בהלה האָט זיך אָנגעהויבן און די מחבלים האָבן זיך אַ לאָז געטאָן פֿון שטוב צו שטוב, האָב איך ניט אויסגעהאַלטן און אײַנגענומען אַ פּראָשעק... אײַנרעדן די פֿרוי, זי זאָל פֿאַרסמען זיך און דאָס קינד, האָט מיר ניט געקלעקט קיין כּוח. האָב איך די געבליבענע צוויי פּראָשקעס איבערגעגעבן מײַן לעבנסבאַגלייטערין, זאָגנדיק: „טו מיט זיי וואָס דו ווילסט, איך האָב אײַנגענומען דעם סם"... דורך טרערן קוק איך אויף מײַן קרײַד־ווײַסער פֿרוי, אויף אונדזער תּמימותדיק־דערשראָקן

קינד. כ׳וואָרט אויפן טויט, וואָרט. און דאָ — גאָרניט. מיר ווערט ניט שלעכט, איבלט אַפילו ניט. פּאַרקערט, דער קאָפּ ווערט מאָדנע קלאָר, לײַטערט זיך אויס. אויפן האַרץ ווערט מאָדנע לײַכט. אַן אײַנגענעם געפיל באַהערשט מיך. נעם איך זיך צונויף און זאָג מײַן פלוניתטע: „ס׳איז ניט קיין עסק צו זיצן און וואַרטן ביז זיי וועלן קומען. מען דאַרף זיך באַהאַלטן". זענען מיר אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם און זיך פאַרשטעקט אין עפּעס אַ קופּע אַלטן סקאַרב. אַ גאַנצן טאָג דאָרטן אָפּגעלעגן און אויסגעמיטן די סכנה. ווי איר זעט, לעב איך. און מאָרגן קאָן אַ מאָל היטלער אײַננעמען אַ מיתה־משונה, די דײַטשן וועלן ברעכן האַלדז־און־נאַקן... אפשר וועט איר זאָגן, וואָסערע פּראָשקעס האָט עס מיר דער אַפּטייקער אונטערגערוקט?

— כ׳ווייס ניט, — האָב איך געענטפערט. — נאָר דעם זייגער האָט ער אומגעקערט. אָט, ביטע...

## אויפן ברוק און אויפן טראָטואַר

אויבן — אַ גרויער, נידעריק אַראָפּגעהאַנגענער הימל. אונטער די פּיס — אַ גרויער, קויטיקער ברוק. געדריקט פון די ביידע גרויע מאַסעס, אַדורכגע־נומען פון דער האַרבסטיקער קעלט, קערן מיר זיך אום פון דער צוואַנגאַרבעט. אויסגעמאַטערטע, אויסגעהונגערטע, האָט מען אונדז קוים אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי. אין וועג זענען די רייען צעפאַלן. שלעפּט זיך אין אומאָרדענונג איבער די שטאָטישע גאַסן אַ גרויע מחנה מענטשן, אָפּגעשטעמפּלטע מיט געלע לאַטעס און באַוואַכטע פון דײַטשישע שומרים. איטלעכער פון אונדז איז פאַרזונקען אין זײַנע שווערע מחשבות, וואָס ווערן באַגלייט מיט דער דומפּער פויקערײַ פון אונדזערע האָלצשיך: קליפּ, קלאַפּ...

— נו, אומבאַזיגבאַרע! פאַרציט „מאָסקוואַ מאַיאַ"...*

דער בייזער אַרויסרוף קערט אונדז אום אין דער וואָר אַרײַן. מיר דער־זעען אויפן טראָטואַר אַן אָרטיקן היטלער־משרת, געקליידט אין דער אָפּיצירן־אוניפאָרם פון דער אַמאָליקער ליטווישער אַרמיי. דער מונדיר — אַן אַלטער, אָבער די גלאַנציק אָפּגעפּוצטע שטיוול און דאָס רײַטשטעקל אין דער האַנט — שוין נײַע, דײַטשישע. קוקט אויף אונדז דער דאָזיקער נפש מיט פאַר־אַכטונג, קלאַפּט מיטן שטעקל אין דער גלאַנציקער כאָליעווע פונעם שטיוול און צישעט שאָדנפרײדיק:

* מאָסקווע מײַנע — אַ פּאָפּולער צו יענער צײַט סאָוועטיש ליד.

— נו, אומבאַזיגבאַרע, וואָס ? !

מיר ווייסן ניט ווער ער איז, ווי ער הייסט. נאָר זעען, פילן אַז דאָס איז אַ פּאָגראָמשטשיק, אַ קוילער.

שפּאַנען מיר שוין ווײַטער, ניט אַראָפּלאָזנדיק דעם אָנגעשפּיצטן בליק פון די פאַרבײַגייערס.

און ווידער אַן אומגעריכטע באַגעגעניש. מײַנע שכנים פון דער ריי ווייסן אַוודאי ניט, אַז דער מאַנצביל וואָס שפּאַצירט לעבן אונדז אויפן טראָטואַר, געאָרעמט מיט אַ יונגער פרוי, איז דער ליטווישער דיכטער יואָזאַס קרומינאַס. מיר זענען געווען באַקאַנט. ליטעראַרישע עניינים האָבן אונדז געהאַט ניט איין מאָל צונויפגעפירט... דאָס האַרץ נעמט איצט האַסטיקער טיאַכקען. וועט ער זיך אומקוקן, מיך באַמערקן ? מיר זענען געווען אויסגעהונגערט ניט אַזוי נאָך מיטלייד, ווי נאָך פאַרשטענדעניש פאַר אונדזער גורל. ס'האָט זיך איצט געבענקט נאָך אַן אויפריכטיק וואָרט, נאָך אַ פרײַנדלעכן בליק, וואָס זאָלן צעווייען דעם נאָכטעם פון דער באַגעגעניש מיטן פונאַנדערגעגאַרטלטן ליטווישן נאַצי.

אָן ספק וועט דער דיכטער זיך אומקוקן, מיך באַמערקן. איך גיי דאָך האַרט בײַם ראַנד פונעם טראָטואַר אויף וועלכן עס שפּאַצירט איצט געמיט־לעך־אינטים דאָס פּאָרל. איך באַמערק, ווי די דאַמע קוקט ליבלעך אויף איר קאַוואַליר, וואָס רוימט איר עפּעס אַרײַן אין אויער.

וועגן וואָס רעדן זיי ? דערקלערן זיך אין ליבע ? באַהאַנדלען דעם לעצטן ספּעקטאַקל פונעם טעאַטער, וועלכן מיר זענען אָקערשט פאַרבײַגעגאַנגען ? שמועסן זיי וועגן יעסענינען, וועלכן ער, קרומינאַס, האָט גוט איבערגעזעצט און אונטער זײַן השפּעה געשריבן גוטע לידער ?

כ'האָב ניט געהערט, וואָס זיי רעדן, נאָר אַלץ מער געפילט, אַז זיי פאַר־לירן קיין וואָרט ניט וועגן די מענטשן וואָס ווערן, ווי פּי, פאַרבײַגעטריבן אויפן ברוק. דער גורל פון אָט די אָן אַ שולד פאַרמישפּטע גייט, אַ פּנים, ניט אָן דעם דיכטער.

כ'האָב אויפגעציטערט. אויפגעשטעלט דעם קראַגן פון מאַנטל, אײַנ־געניורעט דאָס פּנים. פאַר קעלט? אויס מורא, בייזווענדיקע מענטשן זאָלן מיך דערקענען? אָדער מיר איז פּשוט געווען אַ בושה פאַר אָט דעם באַקאַנטן מײַנעם ? מסתּמא צוליב אַלץ צוזאַמען. און כ'האָב שוין ניט געוואָלט, קרו־מינאַס זאָל מיך באַמערקן, דערקענען... ער האָט זיך ניט אומגעקוקט אין אונדזער זײַט, ניט געשפּעט פון אונדז. איז גלײַכגילטיק פאַרבײַגעגאַנגען, ווי מיר וואָלטן גאָר ניט עקסיסטירט. און אָט דער גלײַכגילט איז געווען

ווייטיקדיקער פאַר דער פאַראַכטונג און דעם חוזק פונעם באַרעדעוודיקן גאַרגלשנײַדער.

ניין, כ'בין ניט מקנא געווען ניט דער „פרײַהייט", ניט דער זאָרגלאָזיקייט פונעם געוועזענעם פען־קאָלעגע. טיף אין האַרץ האָט אַפילו גענומען זיך ווען דער שטאָלץ, וואָס איך שלעפּ זיך צוזאַמען מיט די גערודפטע, וואָס איך געפין זיך אויפן ברוק און ניט אויפן טראָטואַר, אויף וועלכן ס'איז פריִער פאַרבײַגעגאַנגען דער אומבאַקאַנטער אוניפאָרמירטער רוצח און איצט גייט איבער אים דער ציווילגעקליידטער דיכטער. גייט מיטן זעלבן וועג וואָס איז, ווי מיר האָבן זיך אין גיכן דערוווּסט, שוין געוואָרן אויך ז ײַ ן וועג...

**די מוזט לעבן!**

— ווי אַזוי איך בין געבליבן לעבן, פרעגט איר?

דאָס פּיפּיקע בחורל מיט דער טאַרטשענדיקער טשופּרינע העלע האָר, וואָס איז צו אונדז געווען אַרײַן מכּוח אַ קאָנספּיראַטיוון ענין, האָט אַנשטאָט צו ענטפערן אויף מײַן פראַגע, זי איבערגעחזרט, אַנשטעלנדיק אויף מיר קינדעריש־מילדע, נשתּומם־קוקנדיקע גרויע אויגן.

יעדערער פון אונדז האָט זיך זײַן נס פון בלײַבן לעבן. זיך דערוווּסט, אַז דאָס בחורל איז ניצול געוואָרן פונעם זיבעטן פאָרט, ווו עס זענען אין די ערשטע טעג פון דער נאַצי־אָקופּאַציע אומגעבראַכט געוואָרן טויזנטער ייִדישע מענער, בין איך נײַגעריק געוואָרן צו וויסן, ווי אַזוי דאָס איז אים געראָטן.

— אונדזער לערער פון ענגליש, דער „טערק"... — האָט דאָס בחורל פאַרלעגן אַ שמייכל געטאָן. — איר געדענקט אים, דעם „טערק"?

אַוודאי געדענק איך. אַ פּאָר יאָר פאַר מײַן ענדיקן מיטלבילדונג, האָט מײַן בעל־שמועס אָפּגעגעבן זײַן שלום־עליכם דעם ערשטן פאָרקלאַס פון דער זעלבער גימנאַזיע, וואָס איך האָב באַזוכט. יאָ, אונדזער לערער פון ענגליש, משה גאָלדמאַן, געדענק איך גוט.

אַ שלעכטע מערכה האָט געהאַט בײַ אונדז דער לערער. ניט גענוג ערנסט האָט מען זיך באַצויגן צום לימוד פון דער פרעמדשפּראַך און בעיקר — דער לערער האָט אונדז ניט אימפּאָנירט. ער איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער, אַ סוטולעוואַטער. דער גלאַט געראַזירטער קאָפּ זײַנער האָט געגלאַנצט ווי אָפּגעפּוצט מיט וואַקס. אויפן אויסגעצויגענעם פּנים מיט די אײַנגעפאַלענע באַקן — אַ לאַנגע, שמאָלע נאָז, צוויי ענג צונויפגערוקטע אויגן. בײַם רעדן פלעגט ער אויסשטשירען גרויסע פאַררייכערטע ציין. צו דעם — אַן אַלט־

בחורשע טרוקענע אומגעדולדיקייט. דאָס אַלץ האָט ניט אַרויסגערופן ניט קיין סימפּאַטיע, ניט קיין אַפּשײַ פֿאַר אים. „אַ טערק!" — האָט איין מאָל אַ ווײַס־חברהניק אויף אים געזאָגט. דער דאָזיקער צונאָמען האָט זיך צוגעקלעפּט צום לערער לעולם־ועד.

שוין לאַנג ווי כ׳האָב פֿאַרלאָזט די שולבאַנק. צוזאַמען מיט די פֿאַרשוווּנדענע וועלטן זענען ווי אַוועקגעשווּמען אין ווײַטע ווײַטענישן אויך די לערערס. און אָט טויכט איינער פֿון זיי אויף אין דער דערציילונג פֿון זײַנעם אַ שילער:

— אונדזער „טערק" האָט מיך דערזען אין פֿאָרט. געווען זענען דאָ צונויפֿגעטריבן גאָר אַ סך ייִדן, דורכויס מאַנצבילן. קיינעם פֿון מײַנע אייגענע אָדער אַפֿילו באַקאַנטע האָב איך ניט געפֿונען. האָט דער לערער זיך גענומען זאָרגן וועגן מיר. איר ווייסט, מסתּמה, אַז מען האָט אונדז אין פֿאָרט שרעקלעך געפּײַניקט: מיר האָבן געמוזט ליגן אונטער דער סמאַליִענדיקער זון און זיך פֿון אָרט ניט רירן, ניט אַרויסלאָזן קיין פּיפּס, קיין הוסט, קיין נאָס ניט טאָן. מען האָט נאָך אַנאַנד אין אונדז געשאָסן. פֿאַרוווּנדיקטע האָבן געשריִען, זיך געצאַפּלט. האָט מען ווײַטער אין אונדז געשאָסן ווײַל מיר ליגן ניט רויִק... ווי נאָר מען פֿלעגט אָנהייבן שיסן, אַזוי פֿלעגט דער לערער מיט זײַן קערפּער מיך פֿאַרשטעלן פֿון די שיסערס. „דו מוזט לעבן!" — האָט ער געהאַלטן אין איין טענהן. ער פֿלעגט מיך אויך פֿאַררוקן אין שאָטן פֿון אַ קוסט, הינטער אַ בערגל — צו זײַן געשיצט אי פֿון דער סמאַליענדיקער זון, אי פֿון די פֿײַפֿנדיקע קוילן. מען האָט זיך איזדיעקעוועט איבער אונדז אַ פֿאָר מעל־לעת, געהאַלטן אָן אַ ביסן ברויט, אָן אַ טרונק וואַסער און אָן אויפֿהער אין אונדז געשאָסן. לעבעדיקע, טויטע און פֿאַרוווּנדיקטע זענען געלעגן איינער לעבן אַנדערן. מען האָט געקאָנט משוגע ווערן... פּלוצעם האָט מען געמאָלדן, עס זאָלן אויפֿשטיין און אַרויסגיין אַלע ייִנגלעך, ייִנגערע פֿון דרײַצן יאָר. דער לערער, אַ פֿאַרשמאַכטער און קוים לעבעדיקער, האָט גענומען מיך אונטערטרײַבן: „גיי אַרויס, גיי אַרויס!" און איך האָב נאַריש געפֿרעגט: „ווי קאָן איך גיין? מיר איז דאָך שוין באַלד פֿופֿצן!" דער לערער האָט מיט אַ פֿאַרשטיקטער שטים אַלץ ניט אויפֿגעהערט: „אַרויס פֿון דאַנען, אַנטלויף! דאָ זענען מיר אַלע פֿאַרלוירענע. מען מוז זיך ראַנגלען פֿאַרן לעבן! דו ביסט יונג, דו מוזט לעבן!" האָב איך מיך צוגעשטעלט צו דער כאָפּטע קליינע ייִנגלעך. מען האָט אונדז געפֿירט דורך אונטערערדישע גענג, געעפֿנט אַן אײַזערנעם טויער און געהייסן גיין... די פֿאַרבליבענע מענער אין פֿאָרט האָט מען, ווי באַוווּסט, אַלע ביז איינעם דעם זעלבן טאָג דערשאָסן. ס׳איז

אומגעקומען אונדזער לערער, וועלכן כ׳האָב אין קלאַס דערקוטשעט די יאָרן. און דווקא אים האָב איך צו פאַרדאַנקען מײַן לעבן...

„דו מוזט לעבן!״ האָבן די דאָזיקע ווערטער פונעם אומגעקומענעם לערער אונדזערן אַ טיפערן זין?

פאַרן בחורל וואָס האָט דערציילט די געשיכטע, האָבן זיי געוויס געהאַט אַ זין. ער איז שפּעטער געוואָרן אַ פּאַרטיזאַן.

## ייִדן, היט זיך!

אונדז איז פאַרווערט צו לייענען צײַטונגען, צו הערן ראַדיאָ, צו וויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. די געסטאַפּאָ האָט אויסגעהאַנגען אַ נײַע וואָרענונג צו די ייִדן אין געטאָ, אין וועלכער ס׳הייסט צווישן אַלעם, אַז אויך פאַרן ר ע ד ן וועגן פּאָליטיק וועט מען שטרענג באַשטראָפט ווערן. אין דער געסטאַפּאָ־טערמינאָלאָגיע באַטײַט „באַשטראָפט ווערן״ — טויט. און דאָ נאָך — „שטרענג באַשטראָפט ווערן״!

ווייניק ווער׳מען עס שרעקן אָבער אָפּ די דאָזיקע וואָרענונג און די טויט־סכנה. מיר לייענען אין געהיים די מיט סכנת־נפשות באַקומענע אָרטיקע צײַטונגען, לייענען צווישן די שורות... צו אונדז דערגייען די אין געהיים געהערטע ראַדיאָ־ידיעות, און אויף צעפּוקעניש די שונאים ווייסן מיר, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט.

אויך הײַנט האָבן מיר זיך דערוווּסט אַ גאָר, גאָר וויכטיקע נײַעס. בײַם עולם אין געטאָ האָט זיך געהויבן די שטימונג. עפּעס אַ קלייניקייט — אַמעריקע איז אַרײַן אין קריג! ייִדן מאַכן אַנאַלאָגיעס מיט דער ערשטער וועלט־מלחמה און זענען זיכער: איצט וועלן די דײַטשן ברעכן דעם קאָפּ! און טאַקע גאָר אין גיכן! אפשר, אפשר וועלן מיר בלײַבן לעבן, מיר, די לעצטע רעשטן פון דעם ייִדישן יישוב אין ליטע.

אָבער ניט ווייניק ייִדן קערן זיך אום פון דער צוואַנגאַרבעט אין שטאָט מיט אַ זויערער מינע: ביז ס׳וועט קומען די נחמה, וועט אַרויס די נשמה! אָט, פאַראַן ליטווינער וועלכע זענען גרײַלעך אומצופרידן, וואָס אַמעריקע איז אַרײַן אין קריג. אויך זיי קומען צום אויספיר, אַז די דײַטשן זענען פאַרשפּילט. דעריבער האַלטן זיי, די דאָזיקע ליטווינער, אַז מען דאַרף אומ־באַדינגט פּטור ווערן פון אַלע ייִדן אָן אויסנעם — עס זאָלן קיין עדות ניט בלײַבן, עס זאָל ניט זײַן, ווער ס׳זאָל מאָנען פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט פון זייערע אייגענע און נאָענטע, עס זאָל ניט זײַן, ווער ס׳זאָל קומען אָפּנעמען

די זאַכן, אָנגעראַבעוועטע אין די אויסגעליידיקטע ייִדישע דירות, אָדער וואָס די ייִדן אַליין האָבן פאַרן גיין אין געטאָ איבערגעלאָזט „צײַטווײַליק צו היטן".

זענען זיך אייניק די נאַציס און זייערע אָרטיקע מיטלויפערס: ליטע דאַרף ווערן ריין פון ייִדן! און טאַקע וואָס גיכער!

וואָרענען די געקומענע פון דער צוואַנגאַרבעט זייערע ברידער אין געטאָ:

— ייִדן, היט זיך!

באַזונדערש דאַרפן זיך, אַ פּנים, היטן די דרייסטע פון צווישן אונדז, יענע וואָס שטעלן אײַן זייער לעבן — נעמען אַראָפּ די געלע לאַטעס, קריכן אַרויס פון געטאָ דורכן צוים צי אַנטלויפן פון די אַרבעטספּלעצער אין שטאָט, כּדי צו זוכן אַ מקום־מיקלט פאַר זייערע קינדער, פאַר זיך, אָדער לאָזן זיך גיין דורך דער מוראַדיקער אָרומיקער פינצטערניש צו די ציטעריק שימער־רירנדיקע, פאַראייכצלטע ליכטער — צו אַמאָליקע ליטווישע גוטע פרײַנד, צו די וואָס דערוועגן זיך אויסצושטרעקן אַ ייִדן אַ האַנט...

סכּנותפול זענען די דאָזיקע געגג. איצט ווערן זיי נאָך געפערלעכער. ס'איז דאָך ניט שווער צו דערקענען אַ ייִדן לויט זײַן הילוך, לויטן „סע־מיטישן" אויסזען, לויטן „ייִדישן אַקצענט... און דם־שונאים לאָקערן נאָך מער אָנגעשפּיצט פון אַלע זײַטן. אוי, מוז מען איצט זײַן אָפּגעהיט!

## טריט

טריט, טריט... פאַרביסן שפּרײַזנדיקע, דומפּ קלאַפּנדיקע... זיי דערנענ־טערן זיך, פויקן, פויקן העזהדיק אין טויער פון זײַן לעבן. טריט! מען גייט! צו אים, נאָך אים. מען קומט אים נעמען, אַוועקשלעפּן, אַרויספירן אין אַן אַקציע... מוז מען זיך אויפהייבן, אַנטלויפן. איז אָבער דער שלאָף אַזוי זיס, אַזוי זיס... טריט, בלוטטריפנדיקע טריט פון עפּעס אַן אַשמדאַי, פונעם מלאך־המוות...

טריט פון באַטשוועקלטע זוילן... פון דײַטשן! מוז מען אָנטאָן זיך כּוח, אָפּרייסן זיך פון אָרט און לויפן! מען מוז זיך ראַטעווען! אַנשטאָט צו לויפן, ליגט ער ווי אַ פלאַכטע, צוגעוואַקסן צום געלעגער. די פיס — צונויפגע־שמידטע, די הענט — געפענטעטע. דער שלאָף איז אַזוי פאַרשיכּורנדיק, אַזוי זיס, און די טריט פויקן, פויקן וואָרענענדיק... טוט ער זיך אַ ריר, פּרוווט זיך אַ קער טאָן. איצט זענען שוין די פיס גאָר פאַרלייגט איינער איבערן

אַנדערן און דורכגעהאַקט מיט אַ גרויסן טשוואָק, ווי בײַם געקרייציקטן. די הענט גיבן זיך אַ באַוועג און פאַלן אַוועק. און די טריט — גלײַכגילטיק געמאָסטענע — באַך, באַך, באַך... שפּאַנט ער אָן אַלע זײַנע כּוחות. ניין. ער קאָן זיך ניט אויפהייבן נאָכן וויסטן אַרבעטסטאָג. קאָן ניט אויפשטיין. אַזאַ סך בעטאָן הײַנט געמישט, געפירט אין טאַטשקעס, געגאָסן אין פונדאַ־מענטן. אַזאַ סך בעטאָן טאָג־אײַן, טאָג־אויס, פון פינצטער ביז פינצטער, אין ווינט און קעלט. דעם אָטעם לאָזן די דײַטשן ניט אָפּכאַפּן. און שלאָגן, הרגענען מכּות־רצח...

דראָענדיק פויקן שוין די טריט גאָר דערנעבן. אויב ער וועט ניט אויפ־שטיין, אויב ער וועט ניט אַנטלויפן, איז ער פאַרלוירן. אַ קאַלטער שווייס גיסט אים אָפּ. אין אַ קאַלטן סטאַוו טוקט אים עמעצער מיט גוואַלד, האַלט אונטערן וואַסער אַן אייביקייט לאַנג. מיט אירע אײַז־קאַלטע נעגל רײַסט די אייביקייט אים אויף זײַנע אויגן־לעפּלעך. ס'איז שטאָק פינצטער. אַ מיד סאָפּען פון שלאָפנדיקע אין אַ שטיקנדיקער לופט — אַ בלאָזזאַק פרײַכט שווער. אַלע שלאָפן. בלויז ער הערט די אימהפולע טריט. טריט לעבן פענצ־טער, האַרט הינטערן פענצטער... וועט ער באַלד נעמען שרײַען, וועט אַלעמען אויפוועקן. מען גייט! טריט, טריט, טריט... ער טשוכעט זיך פון שלאָף. מיט יסורים וועקט ער זיך, דערוואַכט...

דער ווינט וויגט אַ ביסל קיין פאַרטשעפּעטן לאָדן, וואָס קלאַפּט און קלאַפּט אין דער הילצערנער וואַנט פונעם שטיבל — — —

## ניט אַראָפּגענומען ס'היטל

שוין באַלד אַ מעת־לעת ווי דער דאָקטער זרח גערבער ראַנגלט זיך מיטן טויט. ער שאַצט אָפּ זײַן לאַגע און פאַרשטייט אויסגעצייכנט, אַז זײַן דאָזיקער געראַנגל איז אומזיסט. די קויל האָט דורכגעלעכערט זײַנע אַ לונג, און אַ בלוטאויסגאָס אין דער פלעוורע שטיקט אים, וועט אים לסוף דער־שטיקן. און וועגן מאַכן אַן אָפּעראַציע אין די פרימיטיווע באַדינגונגען פונעם געטאָ־שפּיטאָל קאָן גאָר קיין רייד ניט זײַן. בלײַבט, הייסט עס, וואַרטן אויפן טויט...

ווען נאָר דער פאַרוואונדיקטער קומט צום באַוווסטזײַן, עפנט ער די אויגן און פרעגט אַלץ דאָס זעלבע:

— ווייסט איר, ווי דאָס איז געשען?

— געוויס וויסן מיר, — באַרויקט מען אים.

מיר האָבן באמת אַלץ געוווּסט. דאָס איז דאָך געשען אין געטאָ, אין מיטן העלן טאָג, פאַר אַלעמען אין די אויגן. דער דאָקטער האָט געאײַלט צו אַ שווער קראַנקן. אײַלנדיק האָט ער ניט באַמערקט דעם אַנקומענדיקן וואַכמאַן און אים ניט באַגריסט. ס׳האָבן ניט געהאָלפן קיין מחילה־בקשות, קיין דער־קלערונגען, אַז ער, דער וואַכמאַן, איז געווען אַנגעטאָן ציוויל, בלויז מיט אַ ווײַסן אָרעמבאַנד, און ער, דער „פאַרשולדיקטער", האָט געאײַלט צו אַ קראַנקן. אָט איז אַ באַווײַז — דאָס טשעמאָדאַנדל מיט די אינסטרומענטן פון ערשטער הילף, די רפואות, שפּריצן. מען קאָן אויך פּעסשטעלן, צו וועמען ער איז געלאָפן. „ווען ער זאָל פאַרזאַמען, — האָט זיך פאַרטיידיקט דער דאָקטער, — קאָן אומקומען אַ מענטש!"

נאָר וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַ מענטש, ווען עס גייט אַ רייד וועגן „געזעצן". דער וואַכמאַן, אַ ליטווינער וואָס דינט איצט געטרײַ היטלערן, היט געוויסנדיק די „געזעצן פון דער נײַער אָרדענונג", וועלכע זענען פאַר די העכסטע שטראָף פאַרן ניט באַגריסן אַ פאָרשטייער פון דער מאַכט. עפּעס אַ קלייניקייט: אַ ייִד האָט צו דער צײַט ניט אַראָפּגענומען ס׳היטל! לסוף האָט דער וואַכמאַן אַרויסגעוויזן „גרויסהאַרציקייט". „פאַל אויף די קני און בעט מחילה, ווען ניט"... — האָט ער באַפוילן אַראָפּנעמענדיק די ביקס פון דער פּלייצע.

— וואָס האָט ער געזאָגט, וואָס? — קרעכצט דער פאַרווונדיקטער. — קניִען? איר הערט, כ׳וועל ניט קניִען! ניין, ניין!

ער האָט ניט געקניט און דער רוצח האָט געהאַלטן וואָרט. זײַן קויל האָט בלויז ניט אָפּגעטאָן איר אַרבעט אויף אַן אָרט. און אָט — אַ שווער געטראָפענער גוססט דער דאָקטער.

דער שטאַרבנדיקער רײַסט ווידער פונאַנדער זײַנע בלוי־אויפגעלאָפענע אויגנלעפלעך און, ווי זיך באַפרײַענדיק פון אַ שרעקלעכן ווייטיק, טוט ער אַ שמייכל:

— ער האָט געפילט, געפילט, אַז איך, איך שפּײַ אים אין פנים...

און דאָס זענען געווען זײַנע לעצטע, מיט די לעצטע כּוחות אַרויס־געפּרעסטע ווערטער.

## היטלעריסטישער און הינטישער „הומאַניזם"

ווער מיט אַ בינטל טרוקענע צווײַגן, ווער מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס, ווער בכלל מיט ליידיקן — פאַר נאַכט צו האָבן מיר זיך צוריקגעקערט פון

דער צוואַנגאַרבעטער. פּלוצעם — אַן אויסגעשריי אין אונדזער קאָלאָנע. וואָס איז געשען? מיר זעען — אַן אומגעפאַלענער מאַנצביל קאָרטשעט זיך פאַר ווייטיק און קרעכצט:

— מײַן פוס, מײַן פוס!

גייענדיק אין שיך מיט האָלצזוילן, האָט דער ייִד זיך אויסגעגליטשט און אויסגעלונקען אָדער גאָר געבראָכן אַ פוס. חברים האָבן געפּרוווט אים אויפהייבן, נאָר דער געליטענער, ניט קאָנענדיק אײַנשטיין, האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד.

אונדזער קאָלאָנע האָט זיך פאַרהאַלטן. די רייען האָבן זיך צעמישט, צעשאָטן. זענען די קאָנוואָירן אַרײַנגעפאַלן אין גרימצאָרן — געזידלט זיך, געשריִען, אַז אין אַלץ איז שולדיק דאָס „מיסט" און זייער „גוטהאַרציקייט"...

„מיסט" האָט בײַ זיי געהייסן דער אָפּפאַל פון די קאַרטאָפל, וועלכע מיר האָבן איבערגעקליבן. דערמיט זענען טאַקע פול געווען די טאַרבעס, וואָס אַ סך פון אונדז, צווישן זיי אויך דער אומגעפאַלענער, האָבן געטראָגן אויפן רוקן. און זייער „גוטהאַרציקייט" האָט באַטײַט די דערלויבעניש מיטצונעמען אין געטאָ דאָס דאָזיקע „מיסט". די דײַטשן האָבן בעת־מעשׂה גאָר פאַרגעסן, אַז אָט די דערלויבעניש האָט באַצוועקט אײַנצושפּאָרן די הוצאות פון אַרויס־פירן דעם אָפּפאַל אויף די שטאָטישע מיסטהויפנס.

ווי מיר שטייען אַזוי און קאָנען זיך קיין עצה ניט געבן מיטן געניזוקטן, פאַרהאַלט זיך לעבן אונדז אַ לײַכטע מאַשין. פונעם אויפגעפּראַלטן טירל רוקט זיך צו ערשט אַרויס אַ ברוין, קײַלעכיק היטל און נאָך דעם — דער ברוינהעמדלדיקער שטורמאַוויק אַליין. דערוווּסט זיך וואָס דאָ איז געשען, פרעגט ער פאַרוווּנדערט די קאָנוואָירן:

— וואָס וואַרט איר נאָך? צו וואָס זאָל אַ באַשעפעניש זיך מאַטערן?

אין זײַן האַנט טוט אַ בלאַנק דער שוואַרצער שטאָל פונעם פּיסטאָלעט. אַ בליץ, אַ פאַרטויבנדיקער קנאַל און אַ טויטע שטילקייט, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט פאַרהאַלטן איר אָטעם...

דאָס אויטאָטירל ווערט פאַרקלאַפּט. ס׳טוט אַ ברום דער אײַנגעשלאָסענער מאָטאָר, און די מאַשין רײַסט זיך אָפּ פון אָרט.

און אָט איז אַ צווייטער עפּיזאָד, וואָס בעט זיך צו פאַרגלײַכן מיטן ערשטן.

צום אַזוי גערופענעם „סאַניטאַרן פונקט" פונעם אַרבעטספּלאַץ האָט מען אויף אַ טראָגבעטל געבראַכט אַ ייִדן, אַ געחלשטן בעת דער אַרבעט. צום שלימזל איז פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן דער קאָמענדאַנט פון דער

וואָך מיט זײַן וואָלפהונט. באַמערקט דאָס טראַגבעטל מיטן מענטשן, האָט דער דײַטש אַ ריטשע געטאָן:

— סאַנאַטאָריעס וועט איר מיר דאָ מאַכן? אויפשטיין! צו דער אַרבעט!

געזאָגט און געגעבן דעם הונט אַ צייכן אָנצולערנען דעם „פוילער".

דער הונט, גוט אויסגעדרעסירט אָנצופאַלן אויף אַרעסטאַנטן, האָט דאָס מאָל ניט געפאָלגט. דער דײַטש האָט איבערגעחזרט זײַן באַפעל אַ צווייט מאָל, אַ דריט מאָל. און ווידער אָן רעזולטאַטן. דער הונט, ציטערנדיק מיטן גאַנצן קערפּער, איז געשטאַנען אויף אָן אָרט, מיט די פונאַנדערגעשפּרייטע פיס צוגעוואַקסן צו דער ערד. פּלוצעם האָט ער גענומען זיך דרייען אַרום זײַן בעל־הבית, ביטער וויִענדיק, ווי בעטנדיק רחמים און מחילה פאַר זײַן אומגעהאָרכיקייט.

דער קאָמענדאַנט איז אין גאַנצן אַרויס פון די כּלים און אַ שאַרפן שמיץ געטאָן דעם הונט מיט דער נאַהײַקע. (אַזוי באַהאַנדלען זײַן פירפיסיקן דינער איז ער ניט געווען געוווינט. דעריבער האָט זײַן פּנים זיך אַזש פאַרקרימט אין אַ ווייטיק־גרימאַסע.)

ערשט איצט האָט דער הונט געפאָלגט: זיך אַ וואָרף געטאָן צום פאַר־שלאָפטן. נאָר אַנשטאָט בײַסן, רײַסן פון אים שטיקער, האָט ער גאָר גענומען לעקן זײַנע הענט, זײַן פּנים... דער ניט־געשריבענער „ריטערלעכער" געזעץ — אַ ליגנדיקן שלאָגט מען ניט!

ערגעץ ווערט געזאָגט בײַ דאָסטאָיעווסקין, אַז מען טאָר ניט באַליידיקן קיין חיות, באַצייכענענדיק מיטן עפּיטעט „חייהשע אַכזריות" גרויזאַמקייט פון מענטשן...

**„האָפנונגסלאָז"**

איז בעסער צו וויסן וואָס אונדז שטייט פאָר, אָדער, מחמת מען קאָן זיך סײַ ווי ניט העלפן, בעסער לעבן אין אומוויסן? די אַ פראַגע קומט אָפט בײַ מיר אויף, ווען איך באַגעגן מײַן גוטן באַקאַנטן אי. ס'איז אַ סאָלידער, גוט אינפאָרמירטער מענטש. דערפילנדיק פליכטן אין דער יידישער געטאָ־אַדמיניסטראַציע, האָט ער געוויסע קאָנטאַקטן מיט דער „אויסנוועלט". די־רעקט צי אומדירעקט דערוויסט ער זיך עפּעס פון דעם, וואָס מען וועבט אַרום אונדז. געוויס, ניט אַלץ ווייסט ער. אָבער — אַ סך מער, ווי מיר.

ווען איך דערזע אָט דעם באַקאַנטן, טוט ניט ווילנדיק אַ טיאָכקע דאָס האַרץ. אָפּגעבנדיק איינער דעם צווייטן שלום־עליכם, וועל איך דאָך שטעלן

די אַלט־נײַע קשיא, וועלכע מען שטעלט איינער דעם צווייטן בײַם באַגעגענען זיך אין געטאָ: „וואָס הערט זיך נײַעס?" ער ווען אפשר האָבן „נײַעס" און זײַן וועלן עס ווידער ביטערע בשורות.

— וואָס הערט זיך? — פרעג איך אים בעת איינער אַ באַגעגעניש. — ווי איז פאָרט אונדזער לאַגע?

— האָפנונגסלאָז, — גיט ער אַ זאָג, אַ מאַך טוענדיק מיט דער האַנט. — קיינער וועט ניט בלײַבן, קיינער ניט!

אין שלעכטס ווילט זיך ניט גלייבן. פרווו איך דערווידערן: אפשר דאַכט זיך אים בלויז. פאַרטרויט ער מיר, אַז ס'איז, משמעות, פאַראַן אַן אָנווײַזונג פון „העכער" צו ליקווידירן אונדז אַלעמען. ביז איינעם! די ייִדן וואָס מען וועט לאָזן זשיפּען אַ געוויסע צײַט, וועלן ווערן סטעריליזירט...

— האָפ־נונגס־לאָז, — זאָגט ער נאָך אַ מאָל אויסצײַענדיק יעדן טראַף.

דערהערנדיק עס, ווערט וואַך אין מײַן זכרון אַ בילד פון דער פריִער קינדהייט: ס'איז סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיר לײַדן הונגער, קעלט. און דאָ איז מײַן ייִנגערער ברודער קראַנק געוואָרן, הוסט שרעקלעך, איז זייער אָפּגעצערט — הויט און ביין. די מאַמע דערשלאָגט זיך צום בעסטן קינדער־דאָקטער אין שטאָט, קומט אָבער צוריק אַ צעבראָכענע, אַ באַגאָסענע מיט טרערן. „ער האָט אים אַנטזאָגט, — וויינט זי ביטער. — ער זאָגט — האָפנונגסלאָז"... און אויסגעוואָקסן איז דער ברודער אפשר דער קרעפּטיקס־טער פון אַלע דרײַ קינדער אין אונדזער משפחה.

דערצייל איך מײַן באַקאַנטן דעם פאַל מיטן ברודער. אָט האָט אים בשעתו אַ גרויסער ספּעציאַליסט אָפּגעזאָגט דאָס לעבן, באַנוצנדיק דאָס זעלבע וואָרט „האָפנונגסלאָז". און געהאַט האָט ער אַ טעות.

— אשרי המאמין. ווייל איז דעם וואָס גלייבט, — געזעגנט זיך דער באַקאַנטער, שטאַרק אַ דריק טוענדיק מיר די האַנט.

## געלע שטערן

האָט ווער געזען שטערן אין אַ כמאַרנעם האַרבסטיקן פרימאָרגן? איך האָב הײַנט געזען שטערן אינעם פאַרכמאַרעטן האַרבסטיקן פרימאָרגן. זעקס־עקיקע שטערן פון אַלערליי געל־שאַטירונגען: העל געלע און טונקל געלע, אָראַנזשעווע, ברוינלעך־געלע, ראָזלעך־געלע. פרישפאַרביקע און אָפּגעבליאַקעוועטע, זויבער־ריינע און פאַרשמוצטע. מיט אַרומגעדריוולטע און מיט

זאַרגעווודיק אַרומגעזוימטע ראַנדן. צוגענייטע און צוגעשפּיליעטע געלע שטערן אויף בגדים. שטערן, ווי שטעמפּלען אויף מענטשלעכע גורלות.

אַ מאָל האָט מען געהאַלטן (פאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן אויך הײַנט), אַז יעדער מענטש האָט זיך זײַן שטערן אין הימל. יעדערער פון אונדז פאַר־מאָגט הײַנט אַזש צוויי — אויף דער לינקער זײַט ברוסט און אויפן רוקן. איצט, ווערנדיק געטריבן צו דער צוואַנגאַרבעט, זע איך פון מײַן ריי אין דער קאָלאָנע בלויז שטערן אויף רוקנס. פונעם גרויען הימל ביז צו דער גרויער, קויטיקער ערד — אַ טונקעלע וואַנט פון באַשטערנטע רוקנס.

דעם באַפעל צו טראָגן מערקצייכנס אויף דער ברוסט האָבן מיר ניט אַזוי טראַגיש אויפגענומען. אָנגעטאָן זיי מיט אַ סטאָיִשן קרעכץ. ס׳איז, אייגנטלעך, ניט געווען פאַר אונדז נײַ. אונדזערע אורעלטערן האָבן אינעם מיטל־עלטער געטראָגן אויפן זעלבן אָרט די קײַלעכיקע געלע לאַטע. דעמאָלט האָט זי געזאָלט זײַן אַ צייכן פון שאַנד. די וואָס צווינגען אונדז טראָגן דעם געלן שטערן איצט, אין מיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, שטײַגן איבער זייערע מיטלעלטערלעכע פאָרגייער. ווערלנדיק אונדז וואָס מער דערנידעריקן, האָבן זיי דעם מגן־דוד, דעם סימבאָל פון יידישן נאַציאָנאַלן שטאָלץ, פאַר־וואַנדלט ניט בלויז אין אַ צײַכן פון שאַנד און שפּאָט, נאָר אין אַ טויט־שטעמפּל און באַפוילן אים טראָגן סײַ אויף דער ברוסט און סײַ אויפן רוקן — ער זאָל אונדז דורכדרינגען אויף אַדורך און דורך.

שווער צו פאַרגעסן דעם ערשטן שטערן, וועלכן כ׳האָב דערזען אויפן רוקן פון אַ ייִדן. דער שטערן האָט אים אײַנגעהויקערט און געדריקט מיט אַ שרעקלעכער לאַסט. כ׳האָב באַלד דערפילט דעם אייגענעם שטערן אויפן רוקן. ער האָט זיך אָנגעצונדן און געברענט, אויסגעברענט אין מײַן פלייש אַ ווונד...

כ׳ווייס ניט, צי אַ מאָל, אין מיטל־עלטער, האָבן אַלע געטאָ־תושבים אָן אויסנעם געדאַרפט טראָגן די געלע לאַטע. הײַנט מוזן מיר עס אַלע, אָן אונטערשייד פון געשלעכט און עלטער. אַפילו קינדער אין די וויגן ווערן געחתמעט.

כ׳ווייס ניט, צי די אַמאָליקע מושלים האָבן מקפיד געווען אויפן אויסזען און קאָליר פון דער געלער לאַטע. הײַנט מוז דער יידן־צייכן, דער מגן־דוד, האַלטן אַכט סאַנטימעטער אין דיאַמעטער. אויך די פאַרב איז פעסטגעשטעלט — געל. די פאַרב פון ברוגז, שינאה און פאַראַכטונג — געל — איז איצט אויך די פאַרב פונעם טויט. (פאַר וואָס איז דווקא געל די פאַרב פון שינאה און פאַראַכטונג, פאַרשטיי איך ניט. די זון — דער אייביקער מקור פון לעבן,

די לבנה — די אייביקע טרײַע באַגלייטערין פון דער ראָמאַנטיק אין לעבן — זענען דאָך אויך געל.)

מחמת דוחק אין געלן שטאָף האָבן זיך אײַנגעפונען אין געטאָ שטערן מיט פאַרב־שאַטירונגען, מיט אָפּווײַכן פונעם פעסטגעשטעלטן „סטאַנדאַרט״. און ווי יעדער אָפּווײַך פון די גילטיקע פאַר אונדז באַשטימונגען, קאָסט ער קרבנות. מען באַצאָלט מיטן לעבן פאַר טראָגן רויטלעכע שטערן. (די מענטשן ווערן באַשולדיקט אין קאָמוניזם...) איינעם האָט מען געשאָסן פאַר ניט גענוג האַפטיק צונייען די שטערן צום בגד, אַ צווייטן — פאַרן טראָגן זיי בלויז צוגעשפיליעט מיט אַ זיכער־נאָדל. אויפגעוואָרפן האָט מען די אַ מענטשן, אַז זיי האָבן בדעה אַראָפּצונעמען די ייִדן־צייכנס און אַנטלויפן.

די שטערן פלעגן זיך אָפּניצן און ס׳איז ניט געווען קיין שטאָף צו מאַכן זיך נײַע. האָט מען אויסגעשניטן שטערן פון קאַרטאָן, פון דיקט, אָפּגעפאַרבן זיי אויף געל. אַזוינע שטערן האָט מען געפּרווּוט טראָגן, אויפגעהאַנגענע אויף אַ טאָפּל־שטריקל, וואָס פלעגט זיך אָנטאָן איבערן קאָפּ. לײַכט אָנצוטאָן און לײַכט אַליין אַראָפּצונעמען דעם שטערן פון רוקן, בעת מען גנבעט זיך אַרויס פונעם אַרבעטספּלאַץ זוכן אַ ביסל שפּײַז, צי גאָר בײַם אַנטלויפן פון דער באַוואַכטער בריגאַדע. אויף אַ דין שטריקל הענגעדיקע שטײַפע שטערן רופן פונדערווײַט ניט אַרויס קיין חשד. אָבער אַז די דײַטשן באַמערקן עס יאָ... צאָלט מען ווידער מיט איין און דער זעלבער וואַלוטע — מיטן לעבן.

טראָגן אויף זיך דעם געלן שטערן באַטײַט טויט. אים אַראָפּנעמען — ווידער טויט. ווו איז לעבן?

פאַר מײַנע אויגן וויגט זיך, פאַרשטעלנדיק אַלץ און אַלעמען, אַ וואַנט פון באַשטערנטע מענטשלעכע רוקנס. אַן אַראָפּגעלאָזטע טונקעלע וואַנט פונעם גרויען הימל ביז צו דער גרויער ערד.

אין אַ פאַרכמאַרעטן האַרבסטיקן פרימאָרגן — געלע שטערן? אפשר זענען עס גאָר געלע קליאָנבלעטער, אַראָפּגעפאַלענע פונעם וועלקנדיקן מענטשהייטבוים? און אפשר — קראַנקע, אויסגייענדיקע שטערן אין דער אונטערגאַנג־דעמערונג פון דער וועלט?

### געפשרטע רציחה

מיט קירקעס האַקן מיר אַן שטיקלעך ליים, וואַרפן זיי אַרויס מיט לאָ־פּעטעס. פאַמעלעך, פאַמעלעך זינקען מיר אין דער שמאָלער און זייער לאַנגער טראַנשיי, וואָס מיר גראָבן.

דער מײַסטער פֿון דער בויפֿירמע וואָס נעמט אונדז אויף אַרבעט, האָט יעדן איינעם פֿון אונדז גלײַך אין דער פֿרי אָפּגעמאָסטן און אָפּגעמערקט צו גראָבן אַ שטיק טראַנשיי — די הײַנטיקע „נאָרמע". פֿון צײַט צו צײַט קומט ער קאָנטראָלירן, צי מיר סימולירן ניט. די וואַכלײַט שפּאַצירן זיך לענג־אויס דער טראַנשיי, גלײַכגילטיק צו דעם, וואָס מיר טוען. זיי גייט אָן איינס: מיר זאָלן ניט אַנטלויפֿן. ווען דער אַרבעט קימערט זיך דער אָפּגע־פּרעסענער ציווילער מײַסטער אין דעם העלן היטל מיטן גלאַנציקן קאָזירעק, אין דער העלער ברעזענטענער קורטקע מיטן צייכן פֿון דער נאַצי־פּאַרטיי אויפֿן לאַץ. אַ פֿלאָקן — דער שטענדיקער באַגלייטער פֿונעם מײַסטער — רוט ניט אײַן אין זײַן האַנט. מיט איין וואָרט, מיר זענען אַרײַנגעפֿאַלן צום „ווײַסינקן היטעלע".

„דאָס ווײַסינקע היטעלע" — מיטן דאָזיקן צונאָמען האָבן ייִדן געקרוינט דעם מײַסטער און אים אַפֿילו „פּאַראייביקט" אין פֿאַרפּאַסטע פֿערזן וועגן אונ־דזערע צרות און פּלאָגן. איצט באַקענען מיר זיך אַליין מיטן דאָזיקן וואָלף־פֿערסאָנאַזש פֿון אַ שפּאָגל־נײַער, גרוילפֿולער מיסטעריע.

באַלד ווערט קלאָר, אַז אויף הײַנט האָט דאָס „ווײַסינקע היטעלע" זיך שוין צוגעקליבן אַ קרבן — אַן עלטערן ייִדן וואָס איז געבליבן סטאַרטשען איבער דער ערד־אייבערפֿלאַך, בעת מיר אַלע האָבן גראָבנדיק, באַוויזן זיך אַראָפּצולאָזן אין דער ערד ביז איבער די קני. יעדן מאָל ווען דער מײַסטער מאַכט זײַן אינספּעקציע, דערלאַנגט ער אַ זעץ מיט זײַן אומרויִקן פֿלאָקן איבערן רוקן פֿון דעם מענטשן, וואָס שטייט אָפּ אין דער אַרבעט, און באַפֿעלט אים פֿלײַסיק אַרבעטן ווײַטער.

— ייִדן, איך בין אַ פֿאַרלוירענער, — רופֿט פֿאַרצווייפֿלט אויס דער געשלאָגענער, ווי נאָר דער מײַסטער טראָגט זיך אָפּ. מאַכנדיק מיט דער קירקע נײַע אומזיסטע באַמיִונגען צו ברעכן די עקשנות פֿון דער ליים, רופֿט ער ווידער פֿאַרצווייפֿלט אויס, אַז ער איז פֿאַרלוירן.

מיר קוקן פֿון דער ווײַטן אויפֿן אומגליקלעכן ייִדן, ניט ווייסנדיק ווי אים צו העלפֿן. פֿון אָרט טאָר זיך קיינער ניט רירן. בעת דער אַרבעט איז אַפֿילו פֿאַרווערט צו רעדן צווישן זיך. וואָס וועט זײַן? מיט אַ מאָל קריכט אַרויף צום אָפּשטייענדיקן זײַן אַרבעט־שכן, אַ קליין אָבער פּיזיש קרעפּטיק בחורל, וואָס האָלט שוין אין פֿאַרענדיקן זײַן אייגענע „נאָרמע", און נעמט מיט דער קירקע האַסטיק־האַסטיק דלובען די ליים...

אַ וואַרעם געפֿיל כאַפּט אונדז אַלעמען אַרום: ס'וועט געהאָלפֿן ווערן אַ מענטשן, וואָס האָט זיך געהאַלטן פֿאַר פֿאַרלוירן.

נאָר דאָ, ווי פון אונטער דער ערד, הילכט אויף די טרוקענע שטים פונעם „ווײַסינקן היטעלע". ניט נאָר ער שרײַט. ער שלאָגט אויך מיט זײַן פּלאָקן, שלאָגט אומברחמנותדיק דעם וואָס איז געקומען צו הילף, און באַגלייט זײַן יעדן קלאַפּ מיט די ווערטער:

— איך וועל פון אײַך אַרויסקלאַפּן, אַרויסהאַקן וועל איך דעם קריסטלעכן מיטלײַד־געפיל!

אָט אין וואָס עס גייט!

דעם „קריסטלעכן" רחמנות־געפיל האָט בשעתו פרידריך ניטשע גאַליק אָנגעגריפן אין זײַן פילאָסאָפישער דאָקטרין. היטלער, ראָזענבערג און די אַנדערע נאַצישע גדולים באַצייכענען איצט דאָס עלעמענטאַרע געפיל פון הומאַנישקייט ווי אַ „ייִדיש־מינדערווערטיקע" דערשײַנונג און כּשרן רציחה. און מיר האָבן אַפילו ניט חושד געווען, אַז דאָס „ווײַסינקע היטעלע" באַגרינדט זײַן אַכזריות פילאָסאָפיש, אידעיש...

## שניי און פרייד

ערשטער ווײַסער שניי און ערשטע ווינטערפרייד, אַראָפּגענידערטע צו אונדז אין געטאָ, איר וועט דאָ ניט דערקוויקן קיינעמס האַרץ, ניט אָנצינדן וועט איר קיין שײַן דאָ פון אַ העלן יום־טוב.

בלויז ווייטיקן דערוועקט ער, אָט דער ערשטער שניי וואָס פאַלט אויף דער געשענדטער ערד פון געטאָ — ווײַסע זאַלץ אויף ווונדן, ווײַסע זאַלץ...

אַ מאָל, אַ מאָל... ווי לאַנג צוריק איז עס געווען אָט דער „אַ מאָל"? קוים אַ האַלבן קרײַז ארום דער זון געמאַכט האָט אונדזער ערדקײַלעך און אָפּגעטראָגן זיך צוריק אויף צענדליקער יאָרהונדערטער אין חושכפולן עבר.

אַ מאָל, אַ מאָל — דער ערשטער ווײַסער שניי און זיין פאַרבינדעטע, די ערשטע ווינטערפרייד... איצט זענט איר ווידער דאָ. ווילט איר באַשטעטיקן דעם אַלטן כּלל, אַז ס'קאָן אַ דיקער שיכט פון לויטער־קלאָרן וואַסער דעם וועג פאַר ליכט פאַרשטעלן, און בלענדיק־ווײַסע פליטערלעך דעם הימל־בלוי פאַרדעקן קאָנען?

אָ, ניין, איר ווילט הײַנט ניט באַשטעטיקן דעם אַלטן כּלל, און ס'איז ניט אײַער שולד, וואָס ס'וועבט תּכריכים הײַנט דער ערשטער ווײַסער שניי, און ערשטע ווינטערפרייד אַ קינה ווערט גאָר.

און ניט אין אײַך איז עס געווענדט, אויב ס'וועט דער ערשטער שניי פאַר אונדז צו גלײַך דער לעצטער ווערן, און אויב די ערשטע ווינטערפרייד

קאָן איבערלעבן אונדזער לעצטע רגע. ניט אײַער שולד און ניט אין אײַך איז עס געווענדט, שליחים פון די הימלען.

אין אונדז, די מענטשן אויף דער ערד, אין אונדז אַליין איז אַלץ געווענדט. טאָ העלפט אונדז אומקערן אײַך אײַער הימלישן באַטײַט און גיט אונדז כּוח ווידער צו פאַרוואַנדלען אײַך אין ערשטן ווײַסן שניי און אין דער ערשטער ווײַסער ווינטערפרייד.

## דער צווייטער פורים

הויך אָנגעשאָטענע שנייען, ברענענדיקע פרעסט. לענדער קרעכצן, געטראָטענע פונעם היטלעריסטישן פאַרכאַפּער. מיר שמאַכטן און קומען אום אין דער אַרומגעקראָטעוועטער געטאָ.

ווי ווײַטע, דורך געדיכטע נעפּלען און שווערע וואָלקנס אַדורכגעדרונגענע אָפּהילכן, דערגייען צו אונדז ידיעות וועגן די שלאַכטן בײַ מאָסקווע, וועגן די ערשטע ביטערע קלעפּ, וואָס די נאַצישע חיילות כאַפּן אַריין אין מיזרח. מיר צווייפלען ניט, אַז דעם שונא דערוואַרט אַ שענדלעכער סוף און אַ גערעכטע האַרבע שטראָף. צי וועלן מיר עס אָבער דערלעבן?

הײַנט איז נײַיאָר. טרײַבט מען אונדז ניט צו דער צוואַנגאַרבעט. קאָן מען בײַ טאָג, געהיים אויספאָרשן דאָס, וואָס מיר דערוועגן זיך טאָן געוויינטלעך שפּעט אין די אָוונטן. מיר זענען זאַלבעדריט אינעם צימערל פון אַ חבר, וואָס האָט מיט זײַנע טויגעוודיקע הענט אויסגעמײַסטרעוועט אַ דעטעקטאָראויפנעמער. פאַרריגלט די טיר און אַ קאָנטראָליר געטאָן, צי דאָס פענצטערל איז גוט פאַרהאַנגען, ציט אונדזער ראַדיאָ־מײַסטער אַרויס פון אַ באַהעלטעניש דאָס אַפּאַראַטל.

ליידער קאָן דער פּרימיטיווער אויפנעמער כאַפּן בלויז די אָרטיקע סטאַנציע. מיר זענען געצוווּנגען צו הערן דעם שונא. נאָר פּונקט ווי מיר האָבן זיך אויסגעלערנט לייענען צווישן די שורות פון דער פײַנדלעכער צײַטונג, אַזוי כאַפּן מיר עפּעס טרייסטנדיקס אַרויס אויך פון די נאַצישע ראַדיאָ־אוידיציעס, מיט וועלכע ס׳איז פאַרפעסטיקט דער עטער.

דאָס מאָל דערוואַרט אונדז אַ ווייניק אײַנגענעמער סורפּריז. די מעמבראַנעס צערײַסט אַ היסטעריש געבריל: היטלערס נײַיאָר־רעדע.

נײַיאָר 1942. וואָס וועט דאָס אָנקומענדיקע יאָר ברענגען דער וועלט און אונדז, פאַרשפּאַרטע הינטערן שטעכלדראָט?

די איינציקע פאַר הערטרײַבלעך גייט בײַ אונדז פון האַנט צו האַנט.

אַלע פאַרשטייען מיר דײַטש און שפּעטער וועלן מיר איינעם דעם אַנדערן איבערדערציילן, וואָס איטלעכער האָט וויכטיקס געהערט. ס׳דערגייט מײַן ריי. איך בין, משמעות, בלייך געוואָרן אָדער מײַן פּנים האָט אַ צוק געטאָן פון ווייטיק, ווײַל די חברים האָבן זיך אָנגעשפּיצט, גענומען אומגעדולדיק פרעגן:

— וואָס, וואָס האָט ער געזאָגט?

ווער האָט געקאָנט ווײַטער הערן דאָס משוגעת פונעם מענטשנפרע־סערישן מטורף? כ׳האָב אַראָפּגעריסן פון זיך די הערטרײַבלעך און אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש. די חברים האָבן זיי געפּרוווט אָנטאָן. ניט הערנדיק מער קיין אויסערגעוויינלעכס, זענען זיי ווידער צוגעשטאַנען:

— נו, וואָס האָט ער סוף־כּל־סוף געזאָגט?

אין מײַנע אויערן האָט ניט אויפגעהערט צו קלינגען די פראַזע, וואָס איז שפּעטער אַזוי טרויעריק באַרימט געוואָרן. היטלער האָט זי דעמאָלט צום ערשטן מאָל עפנטלעך אַרויסגעבראַכט. ער האָט מער ניט באַהאַלטן זײַנע בלוטיקע פּלענער און געמאָלדן, אַז דער קריג וועט זיך ענדיקן מיט דער טאָטאַלער אויסראָטונג פון די ייִדן. קיין צווייטן פּורים וועלן זיי ניט האָבן...

ווען כ׳האָב עס איבערגעחזרט פאַר מײַנע חברים, האָבן זיי עטלעכע מאָל איבערגעפרעגט, צי כ׳האָב זיך ניט טועה געווען. אפשר האָט דער גזלן פאָרט ניט אויסגעדריקט זיך אַזוי שאַרף? איז עס מעגלעך? אַ טויטאורטייל אויף אַלעמען אָן אויסנעם, אויף אַ גאַנץ פאָלק!

די מעמבראַנעס האָבן געהודעט פון די „הײַל״־געשרייען און פון דער בלאַזאָרקעסטער־מוזיק, און מיר דרײַ זענען געבליבן זיצן ווי צום טויט פאַרמישפּטע.

נאָך אַ מאָדנע איראָניע: היטלערס אַש האָט דער ווינט פאַרטראָגן צו אַלדי רוחות, און מיר דרײַ וואָס זענען דעמאָלט געזעסן בײַם ראַדיאָ־אַפּאַראַטל, האָבן יאָ דערלעבט דעם צווייטן פּורים...

## זײַן דאַרשט און אומרו

מען האָט געקאָנט מיינען, אַז לייבל לײַדט מערער פון אונדז אַלעמען. ער האָט זיך אַרומגעדרייט שטענדיק אַ צערייצטער, אַן אומגעדולדיקער, בייזער. ער איז געווען אין כּעס אויף יעדן איינעם, ווי אַלע וואָלטן געווען שולדיק אין זײַן ביטערער לאַגע. און מיט וואָס טאַקע איז זי געווען טראַ־גישער פון דער לאַגע פון אַ ליאַדן ייִדן אין געטאָ? צי זענען זײַנע אבדות

גרעסערע, צי איז זײַן פאַרלאַנג צו לעבן שטאַרקער, ווי בײַ אַלע אַנדערע? האָט ער מער רעכט צו לעבן?

בײַ אַ געלעגנהייט האָט ער זיך מתוודה געווען:

— איך ווער דערשטיקט, איר פאַרשטייט? כ'ווייס ניט, ווי איר, נאָר מיר פעלט אָטעם.

די פאַרשטיקטע שטים זײַנע, די אָנגעשטרענגט־וויבערירנדיקע מוסקולן אויף זײַן האַלדז האָבן ווי עדות געזאָגט, אַז ער מאַטערט זיך פיזיש.

לייבל איז געווען שרעקלעך עלנט. נאָכן קומען אין איינעם אַ פאַרנאַכט פון דער צוואַנגאַרבעט אין שטאָט, האָט ער ניט געפונען ניט טאַטע־מאַמע, ניט דעם ברודער און די שוועסטער. ווען ער בלײַבט דעם טאָג אין געטאָ, וואָלט ער מסתּמא אויך „אַוועק אין דער אַקציע" צוזאַמען מיט זיי. נאָר ער האָט זיך ניט געקאָנט מוחל זײַן, למאַי ער איז ניט געווען מיט זײַנע אייגענע אין יענער שרעקלעכער רגע. צו דער אַרבעט איז ער ניט געווען אַוועק פרײַוויליק. מען האָט אים געכאַפּט און אַוועקגעטריבן. פון דעסטוועגן איז געווען גרויס דער כּעס אויף זיך. ער האָט אויך ניט געקאָנט זיך מוחל זײַן, למאַי פרווונדיק לויפן פון די היטלעריסטן אָנהייב מלחמה, האָבן זיי זיך פאַרלוירן — ער און זײַן געליבט מיידל. איצט איז ער עלנט ווי אַ שטיין, האָט ניט וועגן וועמען צו טראַכטן און זאָרגן. סײַדן — טראַכטן און זאָרגן וועגן זיך אַליין, דעם געפּאַנגענעם און פאַרשפּאַרטן אין אַ שטײַג.

— איך וואָלט געקאָנט הרגענען אַ דײַטש מיט דער קירקע, מיט וועלכער מיר גראָבן די טראַנשייען. איך וואָלט אַפילו געקאָנט פלעטן מיט אַ לאָפּעטע דעם הינטישן שאַרבן פון אַ נאַצי. אָבער... אָבער... מײַנע אייגענע זענען אומגעקומען בעת אַן אַקציע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן ווי אַ שטראָף פאַרן מכלומרשטן שיסן פון דער געטאָזײַט אין אַ דײַטשישן זעלנער. אַלע ווייסן, אַז קיינער האָט ניט געשאָסן. ס'איז געווען אַ בילבול, וואָס האָט אָפּגעקאָסט דאָס לעבן פון טויזנט מענטשן. וויפל אומשולדיקע לעבנס וועט אַוועקנעמען איין באמת אַוועקגעלייגטער היטלעריסטישער בלוטהונט?

אַזוי האָט לייבל אַראָפּגערעדט זיך פון האַרץ. עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז מאַכנדיק אויפן קול דעם דאָזיקן חשבון־הנפש, איז ער אויסן געווען צו געפינען אַ פאַרענטפערונג פאַר זײַן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט.

בײַ אַן אַנדערער געלעגנהייט (און דאָס איז געווען אונדזער לעצטע באַגעגעניש) האָט ער בייזלעך געטאָן אַזש אַ ברום:

— אויב איר וועט זען אַ שׂרפה, פלאַמען, זײַט ווייסן, אַז אויך מײַן האַנט שטעקט אין דעם.

באַלד דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז לייבל איז געלאָפן פון געטאָ. טוענדיק עס האָט ער ריזיקירט מער פון אַן אַנדערן, שוין צוליב זײַן אויסזען: פעך־שוואַרצע קוטשעראַווע האָר און שוואַרצע אויגן, אַ טונקלהויטיק פּנים מיט אַ טיפּישער „סעמיטישער" נאָז. פון דעסטוועגן האָט ער זיך דעצידירט.

...אין איינער אַ פּראָסטיקער פעברואַר־נאַכט 1942 האָבן אויפגעלויכטן די הימלען איבער קאָוונע. אויפן ברעג פון דער ווילִיע האָבן געפלאַקערט מיט איין מאָל דרײַ גרויסע אונטערנעמונגען, ווו מען האָט געמאַכט הילצערנע פעלדבעטלעך פאַר די פרירנדיקע היטלעריסטן אויף די פראָנטן.

מיר, הינטערן שטעכלדראָט, האָבן ניט געקאָנט אָפּרײַסן אונדזערע בליקן פון דער ריזיקער שׂרפה, וואָס האָט איבערגעדעקט די שטאָט מיט אַ צונטער־רויט צעגליטן קופּאָל; ניט געקאָנט זיך אָפּלויבן פון אָט דעם גראַנדיעזן בילד. די, ווּעמען לייבל האָט זיך געהאַט פאַרטרויט, האָבן איבערגעלעבט אַ טאָפּעלע פרייד: צו דער שׂרפה האָט דאָך צוגעלייגט אַ האַנט אונדזערער אַ חבר!

ער האָט זיך מער ניט אומגעקערט, לייבל, איז פאַרשוווּנדן, ווי ער וואָלט אין יענער נאַכט אַרויף אין די הימלען אין איינעם מיט די פונקען, מיט די פלאַמענצינגער, אין וועלכע ער האָט געלינדערט זײַן דאָרשט צו פרײַהייט און דעם ווייטוענדיקן אומרו פון זײַן נשמה.

## איבער קרײַעס

ווער האָט קלײנערהייט ניט פאַרגאָסן קיין טרערן בײַם לייענען „אָנקל טאָמס שטיבל"? און ווער קאָן פאַרגעסן די האַרצרײַסנדיקע סצענע וועגן דער אַנטלויפנדיקער פון אירע פאַרפאָלגערס עליזען מיטן קינד אויף די הענט? איבער שווימענדיקע קרײַעס אויפן טײַך האָט זי זיך געלאָזט, ווען די שקלאַפן־הענדלער האָבן זיך געיאָגט נאָך איר. דאָס אײַז שפּאַלט זיך אונטער די פיס. עליזע שפּרינגט פון איין קרײַ אויף דער צווייטער. רויטע שפּורן לאָזן איבער אויף זיי אירע צעבלוטיקטע פוסטריט. זי דער־גרייכט אָבער דעם אַנטקעגנדיקן, פרײַען ברעג...

מײַן אייגענע פּרוי איז איצט געגליכן צו עליזען. מיט אונדזער אייניאָריק טעכטערל אויף די הענט האָלט זי אין שטענדיקן לויפן פון די היטלעריסטישע מענטשן־יעגער. דער פילעוודיקער מוטערשער אינסטינקט טרײַבט צו טאָן אַלדאָס מעגלעכע און אוממעגלעכע פאַר איר אומבאַהאָלפן עופעלע, וואָס היטלער האָט פאַרמישפּט צום טויט.

אַ פּראָסטיקער אָוונט פון סוף דעצעמבער 1941. עס רוקט זיך אָן די

פּאָליציי־שעה. באַלד טאָר מען זיך שוין ניט באַוועגן אין די גאַסן. אַלע זענען מיר אויף די ערטער, גרייטן זיך שלאָפן גיין. מיר וואַרטן אויפן ברודער. אויך דאָס מאָל וועט ער מסתּמה אַנלויפן אין דער לעצטער רגע.

אַזוי איז עס טאַקע. ער קומט אַ פאַרסאָפּעטער, אַ דענערווירטער און אין אַ גאָר שלעכטער שטימונג. ער פילט בחוש, אַז עפּעס גרייט זיך, עפּעס רוקט זיך אָן אויף אונדז — די פאַרשטאַרקטע באַוואַכונג און די אומגעהײַערע שיסערײַ הײַנט אָוונט בײַ די צוימען. שטענדיק איז אַזוי ערב אַ נײַעם גזר אָדער אַן „אַקציע". ס'איז אָפּצושרעקן די יעניקע, וואָס טראַכטן צו לויפן פון געטאָ.

ס'קומט אויך אויף בײַ אים אַזאַ השערה: אַזוי ווי ביז איצט האָט די געסטאַפּאָ קיין „פּאָליטישע" אָבלאַוועס אין געטאָ ניט געהאַט דורכגעפירט, קלײַבט זי זיך אפשר מאָרגן עס טאָן. מיר דערמאָנען זיך באַלד, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק האָט בײַ אונדז אין שטוב אַ חשודיקער פאַרשוין געסדרט, אַז ערשט נאָך דעם ווי מען וועט מאַכן אַ טאָלק מיט די אַלע געבליבענע אין געטאָ קאָמוניסטן, אַנטיפאַשיסטן, אַזוי גערופענע „פּראָגרעסיווע", וועלן די דײַטשן זיך באַרויִקן און ס'וועט נעמען אַ סוף צו די צרות... דער ברודער וואָס האָט אין געהיים שוין אָרגאַניזירט ווידערשטאַנד־קעמערלעך, האָט געהאַט אַ גרונט צו זײַן באַזונדערש וואַכיק.

— איך ריזיקיר. כ'וועל גיין דורכן צוים, — גיט האַסטיק צו וויסן דער ברודער. ער איז שוין ניט איין מאָל, אַנגעטאָן אין אַ דאָרפיש טולפּל, אַרומגעגאַנגען אין שטאָט אָן לאַטעס. כּדי אויסצוזען „אַריש", האָט ער זיך געהאַט פאַרלאָזט לאַנגע וואָנצעס, אָפּגעפאַרבן אויף העל די האָר.

— איך ריזיקיר אויך. און מיטן קינד! טאָמער כאַפּט מען מאָרגן קינדער? פאַר היטלערן זענען יידישע קינדער אומזיסטע עסערס, — זאָגט אַנטשלאָסן מײַן פרוי. און שוין אין די רייד נעמט זי אָנטאָן אונדזער שלאָפנדיק מיידעלע. אָנגעפּעלצט אויף דעם וואָס נאָר געפונען אונטער דער האַנט, אַליין אָנגעטאָן אויף זיך וואָס עס לאָזט זיך, איז זי מודיע: — איך בין פאַרטיק.

דער ברודער האָט געוואָרט די גאַנצע צײַט אָן אָנגעטאָנענער.

מיר האָבן כּמעט ווי זיך ניט געזעגנט. ניט צעקושט זיך, קיין צײַט איז ניט געווען. קיין טרער ניט אַרויסגעלאָזט — ניט געווען קיין טרערן. מיר האָבן, פאַרקלעמטע, געטאָן אַ קוק איינער אויפן צווייטן, מעגלעך — צום לעצטן מאָל...

שטאָק פינצטער אין דרויסן. דער חושך האָט אײַנגעהילט מײַן פרוי, מײַן ברודער, וואָס האָט איבערגענומען דאָס קינד. פראָסט און חושך. בלויז דער

סקריפּענדיקער שניי... שניי, שניי, מאַך ניט יד־אחת מיט היטלערן, גיב ניט אַרויס מײַנע טײַערסטע!

געבליבן זענען מיר אין שטוב צוויי אבלים — איך און דער פּאָטער. אין איין רגע פֿאַרלוירן די לעצטע לייבלעך־אייגענע. פֿאַרלוירן? און אפשר, אפשר בלײַבן מיר דאָ אין געטאָ אויף אומקום, און זיי וועט באַשירמען דער גאָט פֿון די דרייסטע? עמעצער וועט אויף יענער זײַט זיי אויסשטרעקן אַ האַנט, געבן אַ צײַטווײַליקן אָפּדאַך, פּונקט ווי עליזען פֿון „אַנקל טאָמס שטיבל״?

אין געטאָ האָט דער עולם אויף מאָרגן אין דער פֿרי אַ קאָפּ לײַכטער אָפּגעאָטעמט. ס׳האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן אַן „אַקציע״, אָבער... אויף פּעלצן, פוטערוואַרג, וואָלענע יאַקן, הענטשקעס, סקאַרפּעטקעס... דעם פירערס סאָל־דאַטן זענען אַרײַנגעפֿאַלן אין פּאַסטקע פֿונעם רוסישן ווינטער, דאַרף זיי אַרויסהעלפֿן די געטאָ... יאָ, אונדזער נעכטיקע שרעק איז געווען, קאָן מען זאָגן, אומזיסט. נאָר רײַסן זיך אויף דער פֿרײַ, דערוועגן זיך מוז מען. אין דעם שטעכלדראָטענעם אַרומצוים דערוואַרטן אונדז בלויז פּורעניות, גזרות, אומקום.

עס וועלן אַוועקגיין אַ גוטע פּאָר וואָכן, ביז מירן זיך דערוויסן וואָס מיט אונדזערע אייגענע, די געלאָפֿענע אין יענער ווינטערנאַכט, איז געשען. במשך פֿון דער דאָזיקער צײַט האָבן מיר איבערגעטראַכט דאָס ערגסטע: מען האָט זיי פֿאַרהאַלטן בײַם קריכן דורכן צוים; מען האָט זיי געכאַפּט בײַם אַראָפּ־נעמען די געלע לאַטעס; זיי זענען אַרײַנגעפֿאַלן אין אַבלאַווע; געסטאַפּאָ האָט זיי אַרעסטירט בעתן דורכפֿירן אַ נאַכט־קאָנטראָל בײַ די ליטווינער, וואָס האָבן זיי צוגעטוליעט; עמעצער האָט זיי אויף דער גאַס דערקענט און אָנגעוויזן פּאָליציי (איטלעכער שטאָטישער אײַנוווינער האָט ניט נאָר רעכט, ער איז מחויב צו פֿאַרהאַלטן אַ ייִדן און איבערגעבן געסטאַפּאָ). די פֿאַנטאַזיע האָט געמאָלט בילדער, איינס שרעקלעכער פֿאַרן צווייטן. ביז איינעם אַ פֿראָסטיקן נאָכמיטאָג...

פֿון דער צוואַנגאַרבעט קערן מיר זיך פֿרי אום אין געטאָ. מיר האָבן הײַנט געראַמט שניי. דער שאַרפֿער ווינט און טרוקענער פֿראָסט האָבן ווי געצוווּנגען אונדזערע קאַנוואָירן מאַכן וואָס קירצערע מחזקות. זיי האָבן אונדז פֿאַרגעבן אָפּצוראַמען אַ געוויסן שטח און צוגעזאָגט פֿירן „נאָך האַוזע״, ווי נאָר מירן פֿאַרענדיקן. אַרום צוויי בײַ טאָג איז אַלץ געווען פֿאַרטיק און די דײַטשן האָבן געהאַלטן וואָרט.

אַן אומגעוויינטלעך געפֿיל — אין מיטן העלן טאָג אַרײַנצוקומען אין

געטאָ. ס׳איז קאַלט און יעדערער איילט א צופרידענער צו זיינע אייגענע. צו וועמען זאָל איך איילן?

וויניק פאַרביַיגייער אין די געסלעך. בלויז ביַים אַזוי גערופענעם „העל־דזל״, ווו דער צוים קוועטשט צונויף די געטאָ, איבערלאָזנדיק אַ פאַרבינדונג פון די צוויי געטאָטיילן דורך אַ שמאָל געסל, איז אַ געזעמל. אַ ייִדענע שטייט און ברעכט מיט די הענט:

— אַ בעלנות פון אַ וויַיבל! אָט אָ דאָ, אָקערשט, אונטער דער נאָז פון דיַיטשן, קריכן דורכן צוים! און מיט אַ קינד אויף די הענט...

„עס זאָלן אַ מאָל ניט זיַין מיַינע?״ — פאַלט מיר איַין און איך נעם לויפן אין איין אָטעם „אַהיים״.

מיין פאַרגעפיל האָט מיך ניט אָפּגענאַרט.

— געמוזט, געמוזט זיך צוריקקערן, — איז זייער אויפגערעגט און קאָן צו־זיך ניט קומען מיַין פרוי. — ס׳האָט געקאָנט ווערן צו שפּעט. איינער אַ טיפּ האָט זיך איַינגענאַדיעט, איז געוואָרן צודרינגלעך, געגעבן אָנצוהערן אַז ער ווייסט, וואָסער ליטווינערין איך בין... און דאָס שוואַרצהאָריקע מיי־דעלע, ווייסט ער, איז פון דער מענטשן־בוינע אַרויסגעטראָגן... סיַידן איך וועל זיך אויסקויפן... מיט גאָלד, מיט ליבלעכקייט. כ׳האָב אים געבעטן האָבן געדולד ביז אין אָוונט. כ׳וועל באַשטימט באַזאָרגן גאָלד־חפצים... ער איז מסכים געווען צו וואַרטן. און איך האָב מיך אָפּגעטראָגן...

ניט האָבנדיק אין שטאָט מער קיין אָפּדאַך, האָט זי געזוכט אַ רעטונג אין געטאָ.

עליזע איז ווידער, לויפנדיק מיטן קינד איבער די שווימענדיקע און אונטער די פיס זיך קרישלענדיקע קריַיעס, ניצול געוואָרן פון אירע פאַר־פאָלגער.

ערשט איצט האָב איך זיך דערוווּסט פרטים פונעם שפּרונג „אויף דער פריַי״, וואָס מיַינע אייגענע האָבן געטאָן אין יענער נאַכט.

פאַרזיכטיק האָבן זיי אָוועקגעטאָפּטשעט איבערן הויך אָנגעשאָטענעם שניי צום געטאָצוים. דער שניי האָט אויפגעהעלט דעם אַרום, געסקריפּעט אונטער די פיס. און ס׳איז אַזוי נייטיק געווען חשכות און שטילקייט. אויף יענער זיַיט צוים שפּאַנט דער פּאָסטן. לויטן סקריפּ פון זיַינע טריט אינעם שניי פילט מען, ווען ער דערוויַיטערט זיך. די צוויי וואָס דערוועגן זיך צו פאַרלאָזן די געטאָ, נעמען האַסטיק אַראָפּ זייערע געלע לאַטעס. דער ברודער הייבט אויף דעם אונטערשטן דראָט פונעם צוים־געפלעכט. מיַין פרוי ציט זיך אויס אויפן שניי, פּויזעט אַרויס אויף דער „אַרישער״ זיַיט. דאָס קינד — מיט

איר. אַ גליק, אָן אמת גליק, עס האָט קיין פּיפּס ניט געטאָן, ווי ס׳וואָלט געפּילט די סכּנה. האַסטיק טראָגן זיך אָפּ די אַנטרונענע פון געטאָ און גייען זיך פונאַנדער. איצט טאָר מען ניט זײַן צוזאַמען. איינער קאָן שטערן דעם צווייטן. וווהין אָבער איצט? מײַן פרוי איז אײַנגעפאַלן אַרײַנצוכאַפּן זיך אין דעם דערבײַיִקן קלויסטערל. בײַם אַרײַנגאַנג שטויסט זי זיך אָן אין אַ הויכן, פולבלעכן מאַנצביל. ניט באַטראַכטנדיק וואָס זי טוט, פאַרטרויט זי אים דעם גאַנצן אמת... אָן אַ וואָרט צו זאָגן עפנט יענער די שווערע קלויסטערטיר און לאָזט אַרײַן די נאַכט־וואַנדלערין מיטן קינד, טוענדיק דערבײַ אַ וואָרטשע: „בלײַב דאָ ביז אין דער פרי״. דער ערשטער באַגעגנטער מענטש אויף דער „אַרישער זײַט״ האָט ניט אַרויסגעגעבן.

אָפּגעטרייסלט פון זיך דעם שניי, אײַנגעניורעט זיך אין אַ ווינקל, זענען מײַן פרוי און קינד איבערגעקומען די נאַכט. דערוואַרט געקומענע זיך מאָליען, לאָזן זיי זיך אין וועג. געהאַט בדעה, ווי מיר האָבן פריִער געטראַכט, אויס־פּרוּוון אונדזער געוועזענע ליטווישע באַדינערין. צו איר איז אָבער — פאָלג מיר אַ גאַנג! צוויי באַוואַכטע בריקן דאַרף מען אַריבער! שוין בײַ דער ערשטער, וואָס איבערן ווילִיע־טײַך, בלײַבט מײַן פרוי אַ דערשלאָגענע: די וואַכפּאָסטנס אויף דער בריק טיילן זיך דײַטלעך אויס אינעם פרימאָרגן־גרוי. עס קאָן זיי אײַנפאַלן קאָנטראָלירן דאָקומענטן. דאָס אייגענע לעבן מעג מען שטעלן אין קאָן. צי מעג מען אָבער ריזיקירן מיטן קינד? דער מוטערס האַרץ האָט עס ניט דערלאָזט. זי קוקט זיך אַרום נאָך הילף: אַן אָרעם געקליידטע עלטערע ליטווינערין גייט בײַ דער זײַט. אַ גוט פּנים וואַרפט אויף מײַן פרוי מיטליידפולע בליקן. ווענדט זי זיך צו דער פאַרבײַגייערין, בעט טאָן איר אַ טובה: אַריבערטראָגן דאָס קינד איבער דער בריק, ווײַל זי אײַלט מיט דעם צום דאָקטער, איז אויסגעשעפּט און האָט נאָך אַ ווײַטן מהלך... די ליטווינערין האָט אַ נעם געטאָן אונדזער טעכטערל, צוגעדריקט צו זיך, זאָגנדיק: „די נאַכט האָט זיך מיר געחלומט אַ קינד״... הגם מײַן פרויס אויסזען האָט ניט געקאָנט פאַרראַטן, ווער זי איז און פון וואַנען זי קומט, האָט די ליטווינערין אַלץ פאַרשטאַנען און זיך ניט דערשראָקן. פאַרקערט, זי איז געווען צופרידן צו קאָנען העלפן. זי לעבט דאָ גלײַך דערבײַ און מען קאָן בײַ איר נעמען אַ קינדער־וועגעלע. מײַן פרוי האָט זיך דערפרייט: אַ וועגעלע וועט זײַן אי באַקוועם, אי אַ גאָר גוטע מאַסקירונג. וועט דען עמעצן אײַנפאַלן, אַז געלאָפענע פון געטאָ פירן זייערע קינדער אין וועגעלעך? אויך איבער דער צווייטער, דער ניעמאַן־בריק, האָט די ליטווינערין געפירט אונדזער קליינס. טאָמער אַ קאָנטראָל, האָט זי געהאַט מיטגענומען איר

פּאַספּאָרט. מײַן פֿרוי איז געגאַנגען פֿון דער ווײַטן. זי האָט אויך בײַם גע־זעגענען זיך דעם נאָמען פֿון דער ליטווינערין ניט געפֿרעגט. זאָל יענע שלאָפֿן רויִק...

ווען מײַן פֿרוי און קינד זענען געבליבן „אויף דער פֿרײַ", האָט זיך ערשט אָנגעהויבן זייער וואָגלעניש. אַ קורצע צײַט איז זיי אַפּילו אויסגעקומען אויסצובאַהאַלטן זיך אין צענטער שטאָט, אין אַ דאַכשטיבל פֿון אַ הויז, וווּ ס'האָט זיך געהאַט אײַנגעקוואַרטירט עפּעס אַ נאַצישער אַנשטאַלט. דווקא דעמאָלט האָט אונדזער מיידעלע גענומען שטעלן אירע ערשטע זעלבשטענ־דיקע טריטעלעך. ס'איז געווען אַן אמתע סאַטיספאַקציע: אונטן — אָפּגע־פֿרעסענע היטלעריסטן אין אויסגעצאַצקעטע מונדירן — פֿאַרריסענע „וועלט־באַצווינגער", און דאָ, איבער זייערע קעפּ — אַ קליין ייִדיש נפֿשל וואָס זיי האָבן צום טויט פֿאַרמישפּט, האָט אָנגעהויבן זײַן מאַרש אין לעבן. די שׂונאים אויף צו להכעיס! קלאָר, אַז מען האָט זיך שטאַרק געמוזט היטן פֿאַר אַ בייז אויג, פֿאַר אַ שלעכטן שכן, פֿאַר אַ מסור. מען האָט ניט געטאָרט שטעלן אין סכּנה די הילפֿסגרייטע מענטשן. איז מען טאָקע געווען געצווונגען זוכן נײַע ערטער, נײַע מעגלעכקייטן. אָבער אַז די מעגלעכקייטן האָבן זיך אויסגע־שעפּט... איז מײַן פֿרוי אין מיטן העלן טאָג אַרײַנגעקראָכן דורכן צוים אין געטאָ מיטן קינד אויף די הענט.

דער וואַכיקער מוטערשער אינסטינקט האָט איר אָבער אַלץ רוען ניט געלאָזט. זי האָט עקשנותדיק זיך געהאַלטן בײַ דער מיינונג:

— מען טאָר ניט זאָגן: „זאָל עס גיין, ווי עס גייט". די קינדער זענען אין געטאָ אויפֿן ערשטן פֿײַער. זיי מוזן אַרויס פֿון דאַנען!

אײַנשטעלנדיק דאָס לעבן האָט זי ווײַטער געזוכט און לסוף געפֿונען אַ נײַ אָרט פֿאַר אונדזער קליינס. מיר האָבן זיך אַנטשלאָסן צום נײַעם פּרווו.

דאָס אַרויסגיין מיטן קינד אין שטאָט האָבן מיר דאָס מאָל, אַזוי צו זאָגן, אָרגאַניזירט. בײַם טויער איז מצד דער ייִדישער געטאָ־אַדמיניסטראַציע געווען אָוועקגעשטעלט אַ „ציילער" פֿון די אַרויסגייענדיקע צו דער אַרבעט — אַ פּיפּיק און דרייסט בחורל, וועלכן אַלע האָבן היימיש גערופֿן יאַנקעלע. האָבנדיק אַ געוויסן קאָנטאַקט מיט די וואַכלײַט, האָט ער זיך דערוואָרבן צווישן זיי „אייגענע" מענטשן. פֿאַר שוחד פּלעגן זיי זיך צו מאָל מאַכן ניט זעענדיק, ווי ס'גייען אַרויס און אַרײַן אין געטאָ ייִדן, ניט אַרײַנגע־רעכנטע אין די בריגאַדעס. פֿאַר אַ זילבערן רינגעלע האָט יאַנקעלע דורכגע־מאַכט, דער וואַכמאַן בײַם טויער זאָל אַרויסלאָזן מײַן פֿרוי און קינד — „צו אַ דאָקטער אין שטאָט".

אַ קאַלטער, רעגנדיקער האַרבסטאָוונט. אין פּירהויז פון אַ שטוב בײַם טויער שטייען מיר — איך, מײַן פרוי און אונדזער מיידעלע, וואַרטן אויף יאַנקעלעס צייכן, אַז מען מעג שוין... בײַם טויער לעשן זיך פלוצעם אויס די פּראָזשעקטאָרן. מיר פאַרשטייען, אַז די „פאַרטונקלונג" איז אַראַנזשירט פון אונדזערטוועגן. אָן אמת בראָוועד יאַט, דער דאָזיקער יאַנקעלע! ער הייבט אויף זײַן האַנט... מײַן פרוי כאַפּט דאָס קינד אויף די הענט און טוט זיך אַ ריס פאָרויס. איר סילועט, דערזע איך, שאַרט זיך אַדורך דעם קוים געעפנטן טויער. די שרעקלעכע שפּאַנונג לאָזט אָפּ. גאָט צו דאַנקען, זי איז שוין אויפן טראָטואַר פון דער „אַרישער זײַט"! נאָר אומדערוואַרט צינדט אָן דער וואַכמאַן זײַן לאַמטערנדל און לאָזט אַרויף אויף מײַן פרויס רוקן אַ בלענדיק־שאַרפן ליכטסנאָפּ. עס דאַרף קומען אַ שאָס...

— יאַנקעלע! — שרײַ איך ווילד אויס, אַ וואָרף טוענדיק זיך צום טויער.

יאַנקעלע האָט ניט געוואַרט אויף מײַן הילפרוף. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם וואַכמאַנס האַנט מיטן לאַמטערנדל און אַראָפּגעקוועטשט צו דער ערד צו.

דער וואַכמאַן האָט בלויז געטריבן קאַטאָוועס...

מײַנע אייגענע האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט דער השכות פון דער פאַר־טונקלטער שטאָטישער גאַס.

און ווו זענען זיי איצט?

מיטן קינד אויף די הענט לויפט אַוודאי מײַן פרוי איבער שווימענדיקע קרײַעס אויפן מוטנעם לעבנס־שטראָם. דאָס אײַז שפּאַלט זיך אונטער אירע בלוטנדיקע פיס. זי שפּרינגט פון קרײַע אויף קרײַע. די וואָס יאָגן איר נאָך, קאָנען זי דערגרייכן מיט זייערע קוילן. זיי גייט דאָך ניט אַזוי אין כאַפּן און פאַרקויפן פאַר שקלאַפן, ווי אין אומברענגען, אויסראָטן, פאַרטיליקן. פאַר די הונדערטער יאָר וואָס זענען פאַרבײַ, זינט עליזע איז געלאָפן פון די שקלאַפן־הענדלער, האָבן די פעלקער־מערדער שטאַרק פאַרפולקומט זייערע כלי־משחית.

אַנטרין, טײַערע, לויף! טראָג אונדזער קינד הויך איבער דער צעבור־שוועטער סטיכיע. דערטראָג עס צו אַ זיכערן ברעג, דערוואַרט זיך אויף אַן אויסגעשטרעקטער האַנט און פאַרבאַהאַלט עס אין אַ באַוואָרנט ווינקל. וואָס טונקעלער, וואָס פאַרהוילענער זאָל עס זײַן...

## גלײַכגילטיק?

די שטילע, שטאָק פינצטערע ווינטערנאַכט איז געווען אײַנגעדעקט אין שנייען און אַרומגעכאַפּט מיט שטײַפע פראָסטרייפן. אויף זייערע פּאָסטנס בײַם געטאָצוים האָבן אונטערגעפרוירן און געלאַנגווײַליקט זיך די וואַכלײַט, ביז ס׳איז זיי נימאס געוואָרן צו פרירן אין דער שטילקייט און פינצטערניש. אויך האָבן זיי, מסתמא, אונדז ניט פאַרגונען דעם צײַטווײַליקן אויסלייז, וואָס מיר האָבן געפונען אינעם שלאָף, און זענען אַרויס אין אַ געוועט: ווער וועט אויסלייגן מער יידן, שיסנדיק אויף „בלינד״ דורך די ווענט פון די געטאָ־שטיבער. אַרויסגעלאָזט אַ צאָל קוילן און געגאַנגען קאָנטראָלירן, וויפל גע־טראָפענע זענען פאַראַן.

באַגינען דערוויסן מיר זיך: די ווענט פון די הײַזלעך וואָס בײַם צוים, האָבן גוט געשיצט זייערע אײַנוווינער. פאַראַן בלויז איין קרבן. עפּעס אַ בוכהאַלטער, אַן אַלטער בחור, איז געטראָפן געוואָרן. און נאָר דערפאַר, ווײַל ער האָט בשום־אופן ניט געפאָלגט די צימער־שכנים — צוזאַמען מיט אַלעמען אויסצײַען זיך אויפן דיל בײַ דער דרויסנוואַנט. אַן אַרײַנגעפלויגענע קויל דורכן פענצטער האָט אים געטייט אויפן געלעגער.

איך האָב געקענט דעם מענטשן. ניט וועגן יאָ־פאָלגן אָדער ניט־פאָלגן איז דאָ געגאַנגען. גיכער פון אַלץ איז ער געווען גלײַכגילטיק צו דער בײַנאַכטיקער שיסערײַ, צו די וואָרענונגען פון זײַנע שכנים, ווי גלײַכגילטיק ער איז געווען צו דעם וואָס געשעט אַרום אונדז.

אין געטאָ איז ער אַרײַן דעם סאַמע לעצטן טאָג, האָרט פאַרן שליסן זי. ביז דער לעצטער רגע איז ער געזעסן אין זײַן צימער פון דער שוין אויס־געליידיקטער שטאָטישער דירה. איבערגעלאָזט זײַן ביסל אייגנס אויף הפקר, איז ער געקומען אין געטאָ ווי ער שטייט און גייט. די וואַך האָט אים בײַם טויער אָנגעבייקערט די ביינער, פאַר וואָס ער האָט אַזוי לאַנג געלאָזט אויף זיך וואַרטן.

געקומען דער לעצטער, האָט ער קיין ווינקל ווו זיך צוצוטוליען, ניט געפונען און אויך ניט שטאַרק געזוכט. ער האָט זיך געוואָלגערט אונטערן פרײַען הימל — ווו אַ טאָג, ווו אַ נאַכט. נאָר אַז אין געטאָ איז נאָך די „אַקציעס״ געוואָרן „גראַמער״, האָבן באַקאַנטע אים מיט גוואַלד אײַנגע־קוואַרטירט מיט נאָך אַ משפחה אין אַ צימער פון עפּעס אַ האַלב־חרובער שטוב.

פאַרוואָקסן, אָפּגעריסן, קויטיק און תּמיד הונגעריק איז ער געווען. פון הונגער און קעלט האָבן אים געציטערט הענט און פיס. דער הונגער האָט

אין אונדז אַלעמען געוויעט ווי אַ חיה־רעה, געריסן שטיקער פון אונדזער אינגעווייד און אַרויסגעטריבן פון די באַהעלטענישן — זוכן מיטלען אויפ־צוהאַלטן די נשמה. דער בוכהאַלטער האָט זיך אין געטאָ ניט געהאַט רעגיס־טרירט און ניט באַקומען אַפילו די בידנע אָפיציעלע שפּײַזנאָרמע. ער האָט אויך אויסגעמיטן גיין אויף אַרבעט, ווו מען פלעגט קריגן אַ צוגאָבלעך שטיקל ברויט און אַ טעלער פּאָסטנע זופּ. האָט מען אים שוין יאָ מיט אַ קאָנוואָי געבראַכט צו דער אַרבעט, פלעגט ער פאַרגליווערט בלײַבן שטיין מיט דער לאָפּעטע, זיך פון אָרט ניט רירן און אַרײַנכאַפּן דערפאַר גוטע קלעפּ. איין מאָל האָט זײַן גלײַכגילט אַרײַנגעבראַכט אין גרימצאָרן אַ יונגן דײַטשל, וואָס האָט וועלנדיק אויספּלײַסן זיך פאַר די עלטערע קאָלעגן, אַראָפּגע־פּאַטשט אים די ברילן און זיי צעטראָטן. געבליבן אָן ברילן, האָט ער שוין קיין נײַע גאָר ניט געזוכט און געקוקט אויף דער וועלט מיט צוגעזשמורעטע מוטנע אויגן.

נאָר טאָמער פלעגט עמעצער זאָגן, אַז מיר האָבן קיין ברירה ניט, מען מוז פּאָלגן, מען מוז שלעפּן דעם יאָך, פלעגט ער, שוין גאָר ניט אַזוי גלײַכ־גילטיק, ענטפערן:

— וואָס גייען זיי מיר אָן? איך וויל זיי קיין זאַך ניט געבן און פון זיי קיין זאַך ניט נעמען.

חוץ הונגער און קעלט האָט דער מענטש נאָך געליטן שרעקלעכע יסורים פון די געשווירן, וואָס האָבן באַזעצט זײַן אויסגעשעפּטן קערפּער. נאָר קיין מעדיצינישע הילף האָט ער ניט געזוכט. ס׳האָט אויסגעזען, ווי ער זאָל וועלן שטאַרקער מאַכן זײַנע לײַדן, וועלכע ער פלעגט פאַרטויבן מיט די ניגונים, וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין אונטערברומען, באַזונדערש — דעם „מחמת וואָס?״ פון אַנס־קיס „דיבוק״. איך כאַפּ זיך, אַז פאַר דער מלחמה האָט ער גאָר ניט געהאַט קיין נטיה צו אַפּזונדערן זיך. ער איז געווען אַ בינע־ענטוזיאַסט, אַ בעל־נגינה. געזונגען אין אַן אַמאַטאָרישן כאָר, גענומען אָנטייל אין ליבהאָבער־ספּעקטאַקלען. מעגלעך טאַקע, אַז ער האָט אַליין געשפּילט אינעם „דיבוק״ און פאַרדבקעט געזונגען דעם ניגון, מיט וועלכן עס עפנט זיך די פאָרשטעלונג: „מחמת וואָס נידערט די נשמה אַראָפּעט... דאָס נידערן, ס׳אַראָפּזינקען איז נייטיק דעם אַרויפשטײַג״...

ניטאָ קיין דערהויבונג אָן נסיונות און לײַדן?

גלײַכגילטיק? צי איז ער בלויז גלײַכגילטיק געווען צו זיך און צו דער וועלט, דער קרבן פון דער בײַנאַכטיקער „בלינדער״ שיסערײַ?

מאיר יעלין

## אַ באַגעגעניש אין שטאָט

ווינטער, אָנהייב 1942. שוין די דריטע וואָך ווי דער ברודער איז פאַר־שוווּנדן פון געטאָ. ווי אַזוי קומט ער דאָרטן אויס, אין דער פײַנדלעכער שטאָט? האָט ער געפונען אַ שטיקל מקום־מקלט? איז אים געראָטן אויפצוזוכן מענטשן, גרייטע צו העלפן די אַנטינאַצי־קעמפּפערס פון געטאָ, אין וועמענס שליחות ער איז געוועזן אַרויס אויף דער „אַרישער" זײַט? נאָך און נאָך אַזוינע פראַגעס קומען אויף, מאַטערן. די כּוחות גייען אויס אין וואַרטן אויף אַ וועלכער ניט איז ידיעה פון ברודער.

אין איינעם אַן אָוונט איז אומגעריכט צו אונדז אַרײַן אַ באַקאַנטער יונגערמאַן, אַן אָנפירער מיט אַ בריגאַדע, וועלכע מען נעמט צו צוואַנגאַרבעט אין שטאָט. ער האָט געבראַכט אַ גרוס. בײַ טאָג איז צו אים אויפן אַרבעט־פּלאַץ געווען געקומען דער ברודער, אָנגעטאָן אין אַ שינעל און מיט אַ היטל פון דער פריִערדיקער ליטווישער אַרמיי, נאָר אָן עפּאָליעטן... און געבעטן האָט ער מיר איבערצוגעבן, אַז ער האַלט זיך אויף בײַ אַן אָרעמער ליטווישער משפּחה אויף אַ בוידעם. ס'איז דאָרטן מוראדיק קאַלט, גאָר שלעכט איז מיט אַכילה. בעט ער ברענגען אים עפּעס אַ חפץ, וועלכן מען זאָל קאָנען אויס־בײַטן אויף שפּײַז. חוץ דעם, וויל ער אָנהאַלטן אַן ענגערע פאַרבינדונג מיט דער געטאָ. שלאָגט ער פאָר, עמעצער זאָל מאָרגן אַרויסגיין מיט דער בריגאַדע פון אָט דעם באַקאַנטן, וואָס אַרבעט בײַם אײַזנבאַן־וואָקזאַל. בעת דעם מיטאָג־איבעררײַס וועט ער וואַרטן אינעם עפנטלעכן אָפּטרעט.

איך רעד אָפּ מיטן בריגאַדיר, ער זאָל מיך מאָרגן מיטנעמען אין שטאָט.

וואָס טראָגט מען אַוועק דעם ברודער? אין געטאָ איז אונדזער משפּחה אַרײַן ממש נאַקעט־הויל — באַגזלט און באַראַבעוועט. ווי גיט מען זיך אַן עצה? אַרויסגעהאָלפן האָט אַ חברטע, פאַרלייגנדיק אירע וואַרעמע שטי־ווועלעך.

צו מאָרגנס, גאַנץ פרי בין איך טאַקע מיט דעם באַקאַנטנס בריגאַדע אויף איר אַרבעטפּלאַץ. די דײַטשן שטעלן אונדז אויס אין אַ שערענגע און אָפּמעסטנדיק יעדן איינעם פון קאָפּ ביז פוס, נעמען זיי אָפּקלײַבן אַ גרופּע אויף אַרבעט אַנדערשוווּ. כ'לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ, האָב מורא אויפצוהייבן די אויגן.

— דעם בײַלינג אַהער! — דערהער איך אַ שנײַדיקן אויסרוף אין דײַטש.

קיין ספק ניט, אַז דאָס מיינט מען מיך. כ'גיב זיך אָבער ניט קיין ריר.

פּלוצעם טוט מען מיך אַ כאַפּ פאַר די לאַצן און אַ שלײַדער צו די אָפּגעקליבענע. זידלענדיק מיט די געמיינסטע ווערטער און שלאָגנדיק מכּות־

רצח, שטופּט מען אונדז צו צו אַ געדעקטן לאַסטאויטאָ און מען באַפעלט „איינשטייגן".

הייסט עס, אַז פון דער פאַרטראַכטער באַגעגעניש וועט שוין קיין זאַך ניט אַרויס. אונטערן אייבערהעמד אויפן בויך זענען ביי מיר צוגעפעסטיקט די שטיוועלעך. אַנדערש וואָלט איך זיי דאָך פון געטאָ ניט אַרויסגעטראָגן. ווי וועל איך איצט, מיטן פעקל אונטערן האַרץ, אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג? און ווי וועל איך עס צוריק אַריינטראָגן אין געטאָ? ביים טויער טאַפּט מען אונדז דאָך אויס ביזן לייב. בעת מען געפינט עפּעס, נעמט מען צו און, אַז גאָט גיט, ציילט מען נאָך אַריין אַ גוטע פּאַרציע מלקות. נאָר דער עיקר — די באַגעגעניש מיטן ברודער וועט דאָך ניט פאַרקומען!

מען ברענגט אונדז, די אָפּגעקליבענע, אין אַ הויף זעגן און האַקן האָלץ. צוועלף אַ זייגער באַקומען מיר „מיטאָג". באַוואַכט פון אַ פּאָסטן, זעצן מיר זיך אויס אויף ניט־צעזעגטע קלעצער און כליאַבען זשעדנע די פּאַרציע וואַסערדיקע קרויטזופּ.

מיר געפינען זיך אין אַ דורכגאַנג־הויף. פון צוויי זייטן קומען מענטשן אַריין און אַרויס. עפּעס אַ שלעפּער ריזעט זיך אינעם מיסטקאַסטן, קלייבט אָפּפאַל און וואַרפט אַלץ בליקן אין אונדזער זייט. כ'טו אויך צו מאָל אַ קוק אויף אים. דערפילנדיק עס, קומט יענער צו אַ ביסל נענטער. כ'זע, ס'איז אַ מיטלוווקסיקער, שרעקלעך אָפּגעריסענער מענטש, אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שטריק. זיין פּנים פאַרדעקט אַ טיף אַראָפּגערוקט, צעשמאַטעט פעלצהיטל מיט אַראָפּגעלאָזטע אויערלעך. עס זעט זיך אַ ברייטלעכע נאָז, גרויסע געלבלעכע וואָנצעס. מיר קוקן זיך אָן. אין די אויגן פונעם מענטש דערזע איך טרערן... דער ברודער! ער גיט אַ וווּנק אויפן ווייסן מויערל אין הויף, דעם עפנטלעכן אָפּטרעט, און שאַרט זיך אַהין אַוועק. כאַפּט זיך אַריין אינעווייניק...

— הער פּאָסטן, דערלויבט אַרויסצוגיין. אַ דרינגענדע זאַך... — ווענד איך זיך צום וואַכמאַן.

— אויף איין מינוט! — וואָרנט דער דייטש. — איך פּאַס אויף!

ווען כ'האָב מיך אומגעקערט און בין צו גלייך מיט די איבעריקע ייִדן געזעסן אויף די קלעצער, איז פון מויערל אַרויס דער „שלעפּער" און האַסטיק אָפּגעטראָגן זיך. דער וואַכמאַן האָט אים באַמערקט און געזאָגט צו מיר:

— נאָ, האָסטו מיט יענעם דאָרט געטריבן גוטן שאַכער־מאַכער? אויסגעביטן דיינע וואַנצן אויף יענעמס לייז, האַ? — דער דייטש האָט ממש געקוואָלן פון זיין קלוגשאַפט...

„איצט קאָנסטו חוזקן" — האָב איך געטראַכט. מיר איז אַן אמתער שטיין אַראָפּ פון האַרץ. אונדזער באַגעגעניש האָט געדויערט אַ רגע און אַלץ איז דערליידיקט. איך האָב דעם ברודער איבערגעגעבן דאָס פּעקל, און ער, ווי שטענדיק, אַן אויפגעהײַטערטער, גוט אויפגעלייגטער, האָט שעפּטשענדיק מיר אָנגעזאָגט:

— גיב איבער חברה, אַז איך טו אַלץ וואָס מעגלעך. כ'זוך פאַרבינדונגען, זוך קאָמפּס־חברים. שווער, געפערלעך... זאָל קיינער ניט מיינען, אַז איך בין אויסן צו ראַטעווען די אייגענע פעל... און לאָמיר פרווון זיך טרעפן אין דרײַ טעג אַרום. אויפן וואָקזאַל צי דאָ. כ'וועל אויסזען אַנדערש...

## דער נסיון בײַ צוואַנציק גראַד פראָסט

איך נעם שוין טראַכטן, אַז די היטלעריסטישע בעסטיע וואָס איז אַרײַנגעפאַלן אין די קלעמען פון רוסישן ווינטער, איז געצוווּנגען זיך צו רעכענען מיט רעאַלע פאַקטן. ווי דען אַנדערש קאָן מען דערקלערן, וואָס אינעם לאַגער פאַר סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע אויפן זעקסטן פאָרט בײַ קאָוונע, ווו עס זענען שוין פאַרפײַניקט געוואָרן עטלעכע צענדליק טויזנט פון זיי, האָט מען פלוצעם אָנגעהויבן בויען אַ באָד, אַ דעזינפעקציע־קאַמער. צי דען האָבן די פעלקער־מערדער אויסגעניכטערט זיך אַ קאָפּ פונעם בליצקריג־טשאַד און זיך דערשראָקן פאַר די אייגענע גרויל־מעשים? צי אפשר, טראַכטנדיק וועגן אומזיסטער אַרבעטסקראַפט, האָבן זיי באַשלאָסן דערווײַלע אויפצוהערן פאַרטיליקן די געפאַנגענע? ווי עס זאָל ניט זײַן, אויפן פאָרט האָט מען אָנגעהויבן בויען אַ געמויערטן סאַניטאַרן־אַנשטאַלט און צו דער אַרבעט טעגלעך גענומען אַ גרופּע אינזשענערן און בוי־אַרבעטער פון שטאָט און געטאָ. אין אָט דער גרופּע ביך איך אויך אַרײַנגעפאַלן.

אַרבעטן אין פאָרט האָט געהאָט אַ שטיקל זין: אפשר וועט געלינגען מיט עפּעס צו העלפן מוראדיק לײַדנדיקע מענטשן? דערצו זענען צו אונדז געווען דערגאַנגען ידיעות, אַז אין די אַרומיקע וועלדער פאַרטיזאַנעווען געלאָפענע פון די לאַגערן סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע. אפשר וועלן מיר קאָנען אויפכאַפּן אַ פאָדעם צו די קעמפער?

דאַנטעס גיהנום האָט אויסגעזען ווי אַ קינדערשפּיל אין פאַרגלײַך מיט דעם, וואָס מיר האָבן דערזען אין זעקסטן פאָרט. שוין בײַם טויער האָט אונדז באַגעגנט אַ פּראָצעסיע פון לעבעדיקע מתים — אין גרוי־ברוינע שמאַטעס, מיט טראָגבעטלעך, אויף וועלכע עס זענען געלעגן נאַקעטע סקעלעטן, באַ־

צװיגענע מיט אַ דינער, װאַקס־געלער אָדער בלױער הױט, די ביינער זאָלן זיך ניט צעשיטן. אין דער פֿאַרפֿרוירענער ערד האָט מען ניט באַוויזן אויס־צוהאַקן געגוג גריבער פֿאַר דעם טעגלעכן טויטשניט. האָט מען דערוויילע, ביז דער פֿראָסט וועט אָפּלאָזן, צונויפֿגעלייגט די מתים אין שטאַבעלן ווי פֿלאַכטעס האָלץ.

מיר זענען אַריינגעפֿאַלן אין אַ סביבה פֿון קוים זשיפּענדיקע, אָפּגעריי־סענע, אָפּגעשליסענע מענטשן־שאָטנס, פֿון וועלכע די מערהייט האָט גע־קרענקט אויף טיפֿוס, דיזענטעריע, און מיט איבערמענטשלעכער אָנשטרענ־גונג באַהאַלטן פֿון די דײַטשן זייערע חולאתן. אין קעגנפֿאַל וואָלט מען זיי דאָך תּיכּף דערשאָסן.

איך קאָן ניט פֿאַרגעסן דעם הויכן, מאָגערן בחור מיטן אײַנגעפֿאַלענעם מילך־ווײַסן פּנים, אויף וועלכן ס'פֿלעגט צו מאָל אַ ברען טאָן דער גלאַנץ פֿון זײַנע שוואַרצע אויגן, ווי נאָר ער פֿלעגט אויפֿהייבן די וויעס. בעת מיר האָבן זיך באַוויזן אויפֿן פֿאָרט, האָט ער אויסגעמאַרקירט אַ געלעגנהייט, צוגעשלײַכט זיך און פֿאַרטרויט אין דער שטיל:

— כ'בין אַ ייִד פֿון לענינגראַד. כ'באַהאַלט עס. ווען ניט, וואָלט מען מיך שוין לאַנג געהאַט דערשאָסן. כ'האָב איבערגעקרענקט פֿלעקטיפֿוס אַרומ־גייענדיק אויף די פֿיס. אויסער דעם הונגער וועלן מיר צעפֿרעסן פֿון לײַז. העלפֿט מיט וואָס איר קאָנט, וועט איר פֿאַרדינען אַ גרויסע מיצווה.

גערעדט האָט ער רוסיש. דאָס וואָרט „מיצווה" און די שוואַרצע אויגן האָבן געזאָלט באַשטעטיקן, אַז ער זאָגט אמת.

וואָס האָבן מיר, אויך אַסירים פֿון הינטער אַ שטעכלדראָט, געקאָנט טאָן פֿאַר די מוראדיקע געפּײַניקטע מענטשן? אָבער העלפֿן מיט אַן אָפּגעריסן פֿון זיך שטיקל ברויט, מיט אַ ריין העמד — זענען מיר יאָ געווען אין שטאַנד. מיר האָבן פֿאָרט געהאַט אַ גרעסערן קאָנטאַקט מיט דער אויסנוועלט, פֿאָרט געווען אָרטיקע תּושבים, געהאַט באַקאַנטע אין שטאָט, וואָס האָבן צו מאָל אונדז אויסגעשטרעקט אַ האַנט. האָבן מיר צונויפֿגעקליבן אין געטאָ און גע־טראָגן פֿאַר די קריגס־געפֿאַנגענע אין לאַגער ברויט, זייף, אונטערוועש, רפֿואות. געוויס האָבן מיר אײַנגעשטעלט די אייגענע קעפּ. צי האָט מען אָבער געקאָנט האַנדלען אַנדערש?

ס'האָבן זיך באַשטעטיקט די קלאַנגען, וואָס האָבן אונדז פֿריִער דער־גרייכט, אַז פֿונעם לאַגער האָלט מען טאַקע אין איין לויפֿן. ווײַ איז אָבער געווען צו די, וועלכע מען האָט געכאַפּט. די דײַטשן און זייערע אוקראַיִנישע אַרויסהעלפֿערס פֿלעגן די געכאַפּטע צעקאַטעווען, אַרײַנוואַרפֿן אין אַ קאַסטן

בײַם טויער און פֿאַרקלאַפּן מיט טשוועקעס די דעק. אַזוי האָט מען געלאָזט די מענטשן אויסגיין פֿון הונגער און פֿאַרפֿרוירן ווערן. אין דרויסן איז דאָך געשטאַנען אַ ביטערע קעלט. בײַם אַרײַנקומען און אַרויסגיין פֿון לאַגער האָט אײַך דעמאָלט באַגעגנט אַ קרעכצן אָדער אַ יאָמערלעך פּישטשען פֿון שטאַרבנדיקע אין שוידערלעכע עינויים. פֿון דעסטוועגן האָט מען ניט אויפֿגעהערט צו לויפֿן פֿון לאַגער. מיר האָבן געפּרוווט דערגיין, ווּהין, אויפֿגעשטעלט פֿאַרבינדונגען, געבויט פּלענער.

צי די לאַגערוואַך האָט עס חושד געווען, צי זי האָט סתּם אַזוי אונדז געוואָלט „פּראָפֿילאַקטיש" אָנלערנען, אָנשרעקן — שווער צו זאָגן, ווײַל איין מאָל אָוונט־צו, ווען מיר זענען שוין געווען אויסגעשטעלט צו גיין אין געטאָ, האָט אונדז אַרומגערינגלט אַ סוואָרע צעיושעטע און ווילד צעהאָלדערטע קאָנוואָיִרן. זייער אָנפֿירער איז אַרויס מיט די גרייטע פֿאַר ייִדן זידלווערטער, אָנגערופֿן אונדז „היגטישע זין", „וועלט־פֿאַרברעכער", „קריגסהעצער", „וועלט־אונטערצינדער" וכדומה. דער דאָזיקער אויסצוג פֿונעם נאַצישן לעקסיקאָן איז געווען נאָר אַ הקדמה. ס'איז געקומען דער באַפֿעל: זיך אויסטאָן!

דער פֿראָסט האָט געברענט, פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם. אויסטאָן זיך בײַ אַזאַ קעלט פֿון אפֿשר צוואַנציק גראַד אונטער נול! ס'איז אָבער ניט געווען קיין פּוסטער שפּאַס. אין אונדז האָבן געצילט ביקסן.

אַליין ניט באַנעמענדיק וואָס מיר טוען, האָבן מיר אָנגעהויבן אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך די בגדים. די קאָנוואָיִרן האָבן זאָרגעוודיק אויסגעקערט יעדע קעשענע, דורכגעטאַפּט יעדן פֿאַלד, אויפֿגעריסן יעדע חשודיקע נאָט. מיר האָבן זיך אויסגעטאָן ביז צום אונטערוועש. אויך דאָס איז געווען ווייניק. מען האָט בײַ אונדז געזוכט געהיימע בריוולעך, פֿאַרשיפֿרירטע קאָרעספּאָנדענץ...

די גאַנצע צײַט פֿון דער אונטערזוכונג האָבן זיך געשאָטן דראָונגען צו צעשיסן אונדז אויפֿן אָרט, אויב מירן ניט אויסזאָגן מיט וועמען פֿון די קריגסגעפֿאַנגענע האָבן מיר זיך באַקענט און געהאַט צו טאָן, מיט וועמען האַלטן מיר בכלל אויף אַ פֿאַרבינדונג אויסער דער געטאָ.

מיר זענען געשטאַנען אויסגעטאָנענע אויפֿן שניי. דער פֿראָסט האָט אַרײַנגעכאַפּט אין זײַן חלף־שאַרפֿן פּיסק אונדזערע הענט און פֿיס, געבראָכן די גלידער. נאָר מיר האָבן אויסגעהאַלטן. אונדז האָט אַפֿילו צוגעשפּילט דאָס גליק פֿון קנעכט — מען האָט אונדז ניט געשלאָגן. מעגלעך, אַז דער אַכזריותדיקער פֿראָסט וואָס האָט געזאָלט אונדז אײַנברעכן, האָט ווי אַ בומעראַנג געטראָפֿן אין די פּײַניקער. דורכגעקעלטערטע און שטאַרק אַנטוישטע האָבן זיי פּלוצעם אָפּגעשטעלט די „אָפּעראַציע".

דעם נסיון ביי צוואַנציק גראַד פראָסט זענען מיר אָפּגעקומען מיט עט־לעכע לייכטע צוקילונגען. קיינער פון אונדז איז ערנסט ניט קראַנק געוואָרן. אַ פּנים, אַלע כּוחות און נערוון, דער שׂכל און דער ווילן האָבן זיך מתיחד געווען צו איין כּוונה — אויסהאַלטן!

## אין דער פינצטער

אין דער פרי האָבן זיך באַוויזן מעלדונגען, אַז אַלע ביכער — וועלט־לעכע, אָן אונטערשייד פון שפּראַך און אינהאַלט, רעליגיעזע, אָן אונטערשייד פון זייער כאַראַקטער און באַשטימונג — זענען פון היינט אָן פאַרווערט אין געטאָ. מען מוז זיי צונויפטראָגן אין זאַמלפּונקטן, וואָס ווערן אָנגעוויזן, און פאַרן עובר זיין אויפן באַפעל, ווי געוויינטלעך — די העכסטע שטראָף!

פאַר נאַכט צו זענען מיר פּלוצעם געבליבן אָן עלעקטריע.

דווקא היינט, צו גלייך מיט דער נייער גזרה — די פינצטערניש. אויב ס׳איז אַפילו צופעליק און צייטווייליק, מאי קא משמע לן דער צופאַל?

צו גלייך מיטן פאַרבאָט צו האָבן ביכער איז פאַרווערט געוואָרן יעטווידע קולטור־טעטיקייט אין געטאָ. ספּעקטאַקלען, לעקציעס, קאָנצערטן — זענען די גאַנצע צייט פאַרבאָטן. (אגב, וואָלט עס גאָר קיינעם ניט איינגעפאַלן זיי איינצואָרדענען.) ביבליאָטעקן, קינדערשולן האָבן שוין לאַנג ניט געטאָרט זיין טעטיק. איצט איז פאַרווערט געוואָרן לייענען. (אַזאַ פאַרבאָט איז ביז איצט חל געווען בלויז אויף צייטונגען). מיט קינדער טאָר מען פון היינט אָן ניט לערנען אַפילו אינדיווידועל.

פון היינט גילט נאָך אַ פאַרבאָט: ניט דאַוונען! די אַרייַנגעפאַלענע אין געטאָ־ראַיאָן בתּי־מדרשים זענען די גאַנצע צייט געווען פאַרמאַכט. איצט איז פאַרווערט יעדע צונויפקומעניש פון רעליגיעזן כאַראַקטער אַפילו אין פּריוואַטע הייזער. מען טאָר אויך ניט דאַוונען ביחידות...

קלאָר, די נאַציס גייט עס אין ניט דערלאָזן, קנעכט זאָלן באַפרידיקן אַ וועלכע ניט איז גייסטיקע הצטרכות. אַלע אָן אויסנעם דאַרפן מיר איינ־זינקען אין חושך.

איך בלאָנקע איבער די פאַרנאַכטיקע געסלעך, אָנגעזעטיקטע מיט מרה־שחורה. דער לאַנג שוין אויסגעפאַלענער שניי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויער מאַסע, וואָס קוואַטשט אונטער די פיס. אַן עסריקע קאַלטע נעץ נעמט אַדורך די ביינער. איך בלאָנקע און טראַכט, צי זענען ניט אַ מאָל די נייע גזרות אַן ענטפער אויף דעם, וואָס נאָך די אַלע קלעפּ, אבדות און

אויפטרייסלונגען נעמען די לעבנגעבליבענע יידן קומען צו־זיך. מענטשן ווערן ווידער מענטשן... עפּעס רירט זיך אין דער אונטערערד, ווידערשטאַנד־כּוחות זאַמלען זיך הינטערן שטעכלדראָט. מען שטעלט אויף קאָנטאַקטן מיט מענטשן אויסער דער געטאָ, וואָס זענען גרייט צו העלפן יידן און קעמפן קעגן די היטלעריסטן. צי דען האָבן די צוררים עפּעס־וואָס דערשמעקט?

אַזוי אַרומבלאָנקענדיק באַגעגן איך איינעם, אַ צווייטן באַקאַנטן און דערוויס זיך, אַז ביי טאָג האָט מען מיט מאַשינעס אַרויסגעפירט די ספרים פון דער באַוווּסטער סלאָבאָדקער ישיבה, און ביז מאָרגן אָוונט מוזן אַלע אַליין צונויפטראָגן זייערע ביכער.

איך דערוויס זיך, אַז די וואָך האָט שוין דורכגעפירט אירע טרויעריק באַרימטע „שטיכפּראָבן”, ס׳הייסט, פּרווו־קאָנטראָלן — באַזוכט שטיבער, כּדי פעסטצושטעלן, צי מען האָט אָפּגעגעבן די ביכער. בעת די דאָזיקע רעוויזיעס האָט מען צוגענומען ניט בלויז ביכער, נאָר אויך שרייבפּאַפּיר, העפטן, פּילפּעדערס, בלייערס. אין איין אָרט האָבן די זוכערס דערזען אַ פּלעשל טינט און געצווונגען די איינוווינער פון דער דירה עס אויסטרינקען. האָט דער עולם גענומען אויסגיסן דעם פאַראַנענעם טינט אין שטוב, אַרויס־וואַרפן בלייערס, פעדערס, צערייסן העפטן און שרייבפּאַפּיר.

קנעכט דאַרפן זיין בלינד. די פינצטערניש אַרום זיי מוז זיין אַ פולשטענ־דיקע. ערב דער פיזישער פאַרטיליקונג וויל מען, קענטיק, דערשטיקן אין אונדז דאָס מענטשלעכע, פאַרשטאַרקן אין אונדז דאָס געפיל פון אומפּאַר־מיידלעכן אומקום, צו נישט מאַכן יעדע אילוזיע פון אויסלייז.

ס׳איז פינצטער אין געטאָ. מיר זיצן אָן עלעקטריע. אויך די מענטשן זעען דאָ היינט אויס נאָך מער פאַרחושכט, נאָך מער צעבראָכן.

איך פאַרהאַלט זיך ביי איינעם אַ רעקוויזיציע־פּונקט. ווער עס ברענגט אַהער ביכער אונטערן אָרעם, ווער — אין אַ זאַק אויף דער פּלייצע. מען דערציילט, אַז אַנדערע פאַרברענען זייערע ביכער, ניט געקוקט אויף דער סכּנה. פאַראַן אָבער מענטשן וועלכע קאָנען קיין ביכער ניט ברענען. שרייבן זיי אַרויף אויף זיי זייערע נעמען און טראָגן אַהערצו מיטן געדאַנק, אַז דווקא ביי די דייטשן וועלן די ביכער זיך אויסהיטן ביז ס׳וועט שלאָגן די שעה...

איך האָב ניט געהאַט קיין אייגענע ביכער. זיי פאַרלוירן צוזאַמען מיט אַלץ, וואָס כ׳האָב געלאָזט אויף הפקר ביים פּרווו צו אַנטרינען קיין מיזרח. האָב איך פאַרשפּאָרט זיך שטעלן די פראַגע: אָפּגעבן מיינע ביכער צי ניט? נאָר טראַכטן איז געווען איבער וואָס. בין איך געגאַנגען, פאַרזונקען אין ניט קיין פריילעכע מחשבות. פּלוצעם האָב איך עפּעס אַ שטויס געטאָן מיטן פוס.

אַפילו אין דער טונקלקייט האָט מען באַלד געקאָנט פעסטשטעלן — ס׳איז אַ בוך. אַוודאי האָט אים עמעצער פאַרלוירן אונטערוועגנס צום רעקוויזיציע־פונקט. האָב איך אויפגעהויבן דאָס בוך, זאָרגעוודיק אָפּגעווישט פון די טאָוולען דעם נאַסן שניי, באַהאַלטן אים אונטערן מאַנטל און אַוועק אַהיים טראַכטנדיק: „וואָס פאַר אַ בוך האָט מיר דער צופאַל אונטערגערוקט?״

אונדזער שותּפותדיק צימער האָט קאַרג באַלויכטן אַ ברענענדיק קנייטל אין אַ פלעשל מיט נאַפט. בגנבה פון די אַרומיקע איז מיר געראָטן כאַפּן אַ קוק אויפן געפינס. ס׳איז געווען אַ באַנד שעקספּירס טראַגעדיעס אויף דײַטש. „וועט מיר נאָך זײַן באַשערט צו לייענען שעקספּירן פאַרן ענדיקן די חשבונות מיטן לעבן?״ — טו איך פרעגן זיך אַליין.

כ׳האָב פאַררוקט דאָס בוך אין אַ שטעלכל און געוואַרט אויף דער געלעגנהייט אין אים בשתיקה אַרײַנצובליקן.

אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך אין גיכן געמאַכט, און כ׳האָב, ווי מען זאָגט, ממש אײַנגעשלונגען דאָס בוך. פון לייענען דעם שטאַרקן שעקספּירישן ווײַן האָט דער קאָפּ אַזש גענומען שווינדלען ווי בײַ אַ דאָרשטיקן, וואָס טרינקט זיך אויף אַ מאָל אָן ביז צום פּלאַצן.

מיר האָבן ניט געוווּסט גענוי, צי פּאַפּיר און שרײַבגעצײַג זענען נאָך דער ביכער־גזרה דערלויבט אין געטאָ. און בכלל, ווו וועסטו זיי קריגן, ווו וועסטו זיי האַלטן? האָב איך גענומען אײַנחזרן אויף אויסנווייניק באַזונדערע ערטער, צָפילו גאַנצע מאָנאָלאָגן פון די העלדן, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט אין שעקספּירס אויפגעבויטער וועלט. גייענדיק צו דער צוואַנג־אַרבעט און אויפן צוריקוועגס אין געטאָ, האָב איך די אויסגעחזרטע ערטער איבערגעזועצט אין קאָפּ אויף ייִדיש. אַ סך פון זיי האָבן זיך אַזוי איבערגערופן מיט מײַנע געדאַנקען און שטימונגען, אַזוי בולט אויסגעדריקט אונדזערע אַלעמענס געפילן. למשל: „פון נקמה ברויזנדיקער אַ רפואה לאָמיר גרייטן, צו היילן אונדזער וויי און בראָך״.

אַ סענטענץ פון „האַמלעט״ האָט ווי געטרייסט: „שאַנדטאַטן — מעג זיי צודעקן די ערד — זיי וועלן זיך אַליין פאַרראַטן״.

מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט האָט פאַר אונדז אַלעמען איצט געקלונגען דער אָנהייב פון האַמלעטס אומשטערבלעכן מאָנאָלאָג: „זײַן אָדער ניט זײַן, אין דעם באַשטייט די פראַגע. צי בכבודיקער איז געדולדיק־שטיל די שאַרפע פײַלן און די קלעפּ פון צאָרנדיקן גורל איבערטראָגן, אָדער — זיך אַנטקעגנשטעלן יענעם ים פון לייד און אינעם טויטגעשלעג אַ סוף מאַכן צו אַלע פּלאָגן?״

אין ראַמעאַ און דזשוליעטעס טראַגעדיע האָב איך געפונען שורות, וואָס קאָנען גילטן ווי אונדזערע אַ צוואה אויף דורות: „פאַרנעמט מײַן וואָרט — ווען גנאָד דעם מערדער שאָנעוועט, באַגייט זי מאָרד!"

די דאָזיקע און ענלעכע שורות האָב איך אײַנגעחזרט אויף אויסנווייניק. אין גיכן איז מיר אַפילו געראָטן זיי צו פאַרשרײַבן.

כ'וויל דערגעבן, אַז ניט נאָר איך אײנער האָב אויפן חושך־גזר קײן אַכט ניט געלייגט.

**וויסנשאַפטלעכע אַרבעט...**

באַלד נאָך דער ביכער־אַקציע באַקומט די געטאָ אַ נײַעם באַפעל: צוצר־שטעלן פינף געלערנטע ייִדן — יודאַיִסטן — צו וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אינעם „ראָזענבערג־שטאַב".

מען האָט געוווּסט, אַז די דאָזיקע היטלעריסטישע אינסטיטוציע „פאָרשט" די ייִדנפראַגע, „דעקט אויף" די „ייִדישע פאַרשווערונג" קעגן דער וועלט... און דאָ — אַרבעטן וויסנשאַפטלעך אינעם „ראָזענבערג־שטאַב". אַוודאי בינדט זיך עס מיט די ביכער, וואָס מען האָט פון געטאָ אַהין געטראַנספּאָר־טירט, — זענען מיר כּמעט ווי איבערצײַגט.

מ'קאָן ניט זאָגן, אַז די ייִדן צו וועלכע מען האָט זיך געווענדט מכּוח גײן אינעם נײַעם אַרבעטפּונקט, זענען געווען באַגײַסטערט פונעם פאָרשלאָג. נאָר די האָפענונג אַז ס'וועט דאָרטן ניט אויסקומען שווער צו האָרעווען, און אַרבעטן וועט מען אונטער אַ דאַך, די דאָזיקע האָפענונג האָט געהאָט איר השפעה.

ס'האָבן זיך געשטעלט די מענטשן, און אַ קאָנוואָי האָט זיי געבראַכט אין „שטאַב". דאָ האָט מען זיי געהייסן אײנציקווײַז אַרײַנגײן צום „שעף", וואָס וועט זיי עקזאַמענירן.

די ייִדן האָבן געשיקט צו ערשט דעם געבילדעטסטן פון זיי — אַ באַ־וווּסטן לינגוויסט און געשיכטע־קענער. פאַרן „שעף" איז ער געבליבן „שטראַמשטיין", מיטן אַראָפּגענומענעם היטל אין דער רעכטער האַנט, אַזוי ווי דער דין איז פאַר ייִדן, און אָן אַ וואָרט צו זאָגן געוואָרט.

דער ברוינהעמדלדיקער „שעף" האָט אים פון הינטערן שרײַבטיש, בײַ וועלכן ער איז געזעסן, באַטראַכט פון אויבן אַראָפּ, געפרעגט אין העברעיִש, צי ער קען די שפּראַך, צי ער קען דקדוק.

באַקומען אַ פּאָזיטיווע תּשובה, האָט ער געפרעגט שוין אין דײַטש:

— זאָג מיר, אויב אַזוי, וואָס איז דער אונטערשייד פון אַ שוא־נע און אַ שוא־נח?

דער ייִד האָט, פאַרשטייט זיך, באַלד געענטפערט. דערצו נאָך אין אַ פליסיקן דײַטש.

— יאַוואָל! שטימט! — איז דער נאַצי געווען צופרידן און אַ פּאַטש געטאָן מיט דער דלאָניע אין טיש:

— איצט קאָנסטו זיך שטעלן טראָגן ביכער!

## איינער פאַר אַלעמען

פאַרבײַסן די ליפּן, אַראָפּשלינגען אַלע שרעקלעכע עוולות, אַלע דערנידעריקונגען און שווײַגן, שווײַגן. אָדער... נו, אָדער? קעמפן? שטעלן אַ ווידערשטאַנד? ווי אַזוי זאָלן קעמפן מענטשן, באַראַבעוועטע פון אַלדאָס מענטשלעכע, איזאָלירטע פונעם לעבן, פאַרשפּאַרטע הינטער אַ שטרענג באַוואַכטן שטעכלדראָט־צוים? קיין עפעקט קאָן אַזאַ ווידערשטאַנד ניט געבן. ער וואָלט בלויז באַטײַט דעם באַלדיקן אייגענעם טויט און, מעגלעך, אויך דעם פריצײַטיקן סוף פון אַלעמען...

אַזוינע און ענלעכע געדאַנקען מאַטערן, צעפרעסן ממש די מוחות און הערצער בײַ אַ סך פון אונדז. די מוראדיקע צאָל קרבנות, די טויזנטער אַרויסגעפירטע פון דאַנען און פאַרשוווּנדענע אָן אַ שפור, די טויזנטער אַלמנות און יתומים — דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן פאַרצווייפלונג און אַפּהענטיקייט.

אַ פאַרכאַפּטער פון די דאָזיקע שטימונגען, האָט מײַנער אַ באַקאַנטער געפרוווט אַזוי פילאָסאָפירן:

— דאָ דאַרף זײַן שטיל, זייער שטיל. ווען איך טו אַ קוק אויף די פרויען, קינדער און אַלטע לײַט, איבערצייג איך זיך נאָך מער, אַז אונדזער אייציק וואָפן איז — געדולד, אויסדויער. נאָר אַ דאַנק דעם וועט אַ טייל פון אונדז איבערקומען דעם בראָך און זיך דערוואַרטן די ישועה. זאָל בלײַבן כאָטש אַ שטיקל אָפּשפּראָץ, פון וועלכן ס׳וועט אויף ס׳נײַ אָנהייבן וואַקסן דאָס פאָלק... אויב מירן שטעלן אַן אָפענעם ווידערשטאַנד, וועט מען אומברענגען אַלעמען. איר זאָגט — מענטשלעכע ווערדע, כבוד פון פאָלק און דעריבער מוז מען זיך אַנטקעגנשטעלן. ווי אַזוי זאָל קעמפן אַ פליג קעגן אַ העלפאַנד? דערצו נאָך אַ געפענטעטע פליג. פשוט לעכערלעך. ווי האָבן פעסטגעשטעלט אונדזערע חכמים: „טוב כלב חי מארי מת״. דערפאַר זאָג איך: געדולד,

אויסדויער און שווייַגן, שווייַגן! מען טאָר אויך ניט פאַרגעסן אַז דאָ גילט קאָלעקטיווע אַחריות. גיט די קוילערס נאָר אַ צוטשעפעניש, זענען מיר אַלע פאַרלוירן. האָט איר פאַרגעסן, אַז פאַר אַ געפונענער בוטאַפאָרישער שווערד בייַ עפּעס אַ יאַטל האָבן ביטער באַצאָלט זייַן משפחה און אַלע אַנדערע אייַנוווינער פונעם שטיבל? אין געטאָ צאָלן אַלע פאַר איינעם!

אָט דער אויסגעמאַטערטער, דורך זיבן טויטן אַדורכגעגאַנגענער ייִד האָט לאַנג זיך געהאַלטן בייַ זייַן דאָזיקער מיינונג, זי פאַרטיידיקט בייַ פאַר־שיידענע געלעגנהייטן, איבער הויפּט ווען אין געטאָ האָט זיך אייַנגעשטעלט אַ געוויסע רו. ביז איין מאָל...

דאָס איז געווען נאָך דעם, ווי מען האָט ווידער אַכזריותדיק צונויפ־געכאַפּט עטלעכע טויזנט ייִדן און זיי פאַרשלעפּט ווער ווייסט וווּהין. מיר האָבן זיך באַגעגנט מיטן פּרעדיקער פון געהאָרכיקייט און הכנעה. ביידע — צעבראָכענע, פאַרפינצטערטע, האָבן מיר צוערשט שווייַגעוודיק זיך אָנגע־קוקט, דערנאָך זיך דערפרייט וואָס מען זעט זיך ווידער, שפּעטער אַ ווייַלע — זיך אָנגעקוקט מיט נייַגער צו וויסן, ווי אַזוי מען איז ניצול געוואָרן.

די ווייפולע שווערקייט אויפן האַרץ האָט אונדז ביידן געהאַט פאַרפּרעסט אויך די ליפּן.

מייַן באַקאַנטער איז דער ערשטער בייַגעקומען דאָס שווייַגן, אומדרייסט אַ פרעג טוענדיק:

— איר האָט זיך באַהאַלטן?

— און ווי האָט איר געמיינט, וואַרטן אויף זיי? צי גאָר אויסקוקן אויף אַ נס? ביז איצט זענען גערעכט געווען די, וואָס האָבן געטאָן דעם היפּוך פון די אָפיציעלע באַפעלן...

— אוי, אוי, — האָט אָפּגעזיפצט דער באַקאַנטער, — געוויס זענען גערעכט די בונטאָווטשטשיקעס. אויב ס'איז ווידער אַזוי געשען, אויב עס געשעט אַזוינס אָן אויפהער... הערט, ווי לאַנג וועלן מיר לייַדן און שווייַגן?! אַ גראַנאַט, אַ באָמבע, ווען איך קריג... צי כאָטש אָפּשרויפן אַ רעלס פון דער אייַזנבאַן... וואָלט לייַכטער געווען צו שטאַרבן. און אפשר וואָלטן מיר ערשט דעמאָלט געהאַט אַ שאַנס צו בלייַבן לעבן?

— דאָ צאָלן אַלע פאַר איינעם... קאָלעקטיווע אַחריות... — האָב איך אים דערמאָנט זייַנע אייגענע ווערטער.

— אויב אָבער דער איינער רעדט פאַר אַלעמען, דריקט אויס אַלעמענס באַגער? — האָט אַזש אויסגעשריִען דער געוועזענער פּרעדיקער פון הכנעה.

**ווּהין פירט הכנעה?**

און אַט איז נאָך אַ פאַל מיט אַ מענטשן, וואָס האָט געפּרעדיקט נאַכגי־ביקייט, פאַלגעוודיקייט. דעם דערוויז „אויספילן באַפעלן און שווייַגן!" האָט ער דערהויבן ביז צו אַ געבאָט, וועלכן ער האָט איבער גוואַלד געוואָלט אַרויפצווינגען אויף אַלעמען. טאַקע אַרויפצווינגען, מחמת ער האָט פאַרנומען אַ העכערן פּאָסטן אין דער יידישער געטאָ־אַדמיניסטראַציע.

פון באַרוף איז ער געווען אַ יוריסט, געאַרבעט ביז צו דער מלחמה ווי אַן אויספאָרשער. דאָס „אָפיציעל גילטיקע געזעץ" איז פאַר אים געווען דער העכסטער פּרינציפּ, דער יסוד פון דער געאָרדנטער מענטשלעכער געזעלשאַפט. אים האָט ער מעכאַניש איבערגעטראָגן אויף די נייַע באַדינ־גונגען.

געוויס, ער האָט געהאַסט דעם היטלער־רעזשים, זייַנע פונקציאָנאַרן און יוצר־משרתים. פאַרשילטנדיק זיי, האָט ער אָבער צו גלייַך פּינקטלעך דערפילט זייערע באַפעלן. און פון אַנדערע עס פאַרלאַנגט צו טאָן. די אַרבעט־פליכט האָט ער באַטראַכט ווי אַ הייליקן חוב פון יעדן געטאָ־איינוווינער, וויַיל נאָר זי האָט, לויט זייַן מיינונג, געזיכערט דעם פיזישן קיום פון די יידן. ער האָט זייַן דאָזיקע מיינונג ניט געענדערט אַפילו דעמאָלט, ווען אַ סך ענלעכע צו אים האָט דאָס לעבן געעפנט די אויגן און אויסגעניכטערט.

— אַן שום רייד פאָלגן! — האָט ער ניט אויפגעהערט צו פאָדערן פון זיך און פון אַנדערע, האַלטנדיק עס פאַר דער איינציקער אַלטערנאַטיוו אין דער שפּיל מיטן נאַצישן מלאך־המוות.

ווען ס'האָט זיך אָנגערוקט די לעצטע שעה פון דער געטאָ, און מען האָט אָנגעהויבן דעפּאָרטירן די יידן ווער ווייסט ווּהין, האָט ער באַשייַמפּערלעך דערזען, אַז זייַן פּאָליטיק פון פאָלגן און געהאָרכן איז דורכגעפאַלן. האָט ער געבעטן זייַן פרוי אויפצוקאָכן אַ געקעכץ אויף „אָפּצועסן פאַרן אָפּטראַנס־פּאָרט" און אַרייַנגעטאָן אַהין סם...

דער סם האָט אָבער זיך אַרויסגעוויזן פאַר צו שוואַך און געווירקט בלויז אויף זייער קינד. ברענגען די דערוואַרטע „אויסלייזונג" פאַר טאַטע־מאַמע האָט דער טויט זיך ניט געאייַלט. אַנשטאָט אים האָבן זיך אַרייַנגעריסן אין שטוב די שליחים פונעם מלאך־המוות.

דערוויַילע האָבן זיי געטריבן די געטאָ־אַסירים צו די טראַנספּאָרטן און פאַרזיכערט, אַז מען עוואַקויִרט אַלעמען אין דייַטשישע אַרבעטס־לאַגערן.

די עלטערן פונעם טויטן קינד האָבן אָבער געבעטן מען זאָל זיי דערשיסן אויף אָן אָרט. צו וואָס טרייַבן, ערגעץ פירן? סיי ווי האָבן זיי אייַנגענומען

סם, וועלן אַוודאי אונטערוועגנס אַוועקפאַלן, וועלן צו קיין אַרבעט ניט טויגן, אויב אַפילו זיי וועלן דערפאָרן. צי קאָן מען ניט טאָן זיי דעם חסד — דערשיסן אויף אָן אָרט?

היטלערס דינער זענען גרייט געווען צו טייטן ייִדן צו יעדער צײַט און אויף יעדן אָרט. פאַר דעם האָבן זיי געקאָנט פאַרדינען בלויז אַ לויב פון דער קאָמאַנדשאַפט. נאָר דאָס מאָל האָט געגאָלטן דער באַפעל צונויפטרײַבן אַלעמען צום צענטראַלן זאַמלפונקט און ניט אויסברענגען אומזיסט קיין קוילן, סײַדן ווען ס׳איז אומפאַרמײַדלעך. צום בײַשפּיל, שיסן אָן וואָרענונג די וואָס וועלן קריכן צום צוים.

דערהערט עס, זענען די עלטערן פונעם טויטן קינד צוגעפאַלן מיט די הענט צום שטעכלדראָט ווי צו אַ רעטונג...

## „איבערזידלונג"

„איבערזידלונג" צי „אומזידלונג" — דאָס דאָזיקע דײַטשישע וואָרט האָט אַזוי אײַנגעבירגערט זיך אין אונדזער אומגאַנגשפּראַך, אַזוי אַרײַן אינעם אַלטעגלעכן געברויך, אַז מען שפּירט ניט די פּרעמדקייט פון וואָרט גופא און די האַרבקייט פונעם באַגריף, וועלכן עס דריקט איצט אויס.

„איבערזידלען", „אומזידלען" באַטײַט אויף דײַטש פּראָסט און פּשוט — איבערקלײַבן זיך אין אַ נײַ וווינאָרט, אין אַ נײַער דירה. אַ מאָל וואָלט עס אָנגעווייעט דעם ריח פון נײַע היימען, דעם אַראָמאַט פון בלומען, דאָס געראָך פון פרישע קאַלך און אייל‏פאַרב, די פרייד פון חנוכּת־הבית. איצט באַטײַט עס — אומקום.

„איבערזידלונג" — וווהין ווײַטער? מען האָט אונדז דאָך שוין „איבער־געזידעלט" פון דער אײַנגעזעסענער היים. אַ טייל ייִדן „אומגעזידעלט"... אָ, מיט דעם קאָן מען גאָר ניט שלום מאַכן! ציניקער זאָגן קלאָר און אומ־ברחמנותדיק: „מען האָט די מענטשן איבערגעפּעקלט אויף יענער־וועלט"...

אַנדערע ווילן גלייבן די אָפיציעלע ווערסיעס, אַז מען האָט די ייִדן אַרויסגעפירט אויף אַרבעט אין פאַרשיידענע לאַגערן. מען האָפט, מען וויל ניט אָנווערן די אילוזיע... קליגערע שווײַגן, פאַרשטשעמענדיק אין זיך די ביטערע שאַנד און דעם שנײַדיקן ווייטיק.

מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען ווידער פאַרקלענערט דעם געטאָ־שטח. אַ קוואַרטאַל וואָס איז באַשטימט געוואָרן „אומצוקערן דער שטאָט", האָבן מיר געדאַרפט באַפרײַען אין משך פון איין שעה און זיך „איבערזידלען" אין דער

צענטראַלער געטאָ. מען איז געלאָפן ווי אַן קאָפּ: ווער ס׳האָט אין דער מהומה געשלעפּט אַ בענקל, ווער — אַ שײַט האָלץ, ווער ס׳האָט געצויגן פּאַר אַ שטריק אַן איבערגעקערטן טיש מיט די פיס אַרויף, אָנגעלאָדן מיט בעבעכעס. מען טראַכט צו לעבן, מען קלאַמערט זיך אין לעבן.

ווען מען „זידעלט" אונדז איבער אויסער דער געטאָ, ווערן אָפט צעטיילט פאַמיליעס. אײנעם לאָזט מען אויף אַן אָרט, אַ צווייטן משפּחה־מיטגליד פירט מען אַרויס. אין אַזעלכע פאַלן לאָזט מען קיין זאַכן ניט מיטנעמען.

— וואָס דאַרפט איר זיך מאַטערן, שלעפּן פּעק? אויפן נײַעם אָרט וועט אײַך קיין זאַך ניט פעלן, — פאַרזיכערן ערנסט די דײַטשן.

בלײַבט איבער די ייִדן צו גלייבן דעם אומפאַרשעמט טרייסטנדיקן שקר פון זייערע הענקערס.

פאַרן אָנהייבן אַ נײַע „איבערזידעלונג" האָבן די דײַטשן מיט טאַראַראַם געמאָלדן, אַז ווער ס׳וועט פרײַוויליק קומען צום טראַנספּאָרט, וועט באַקומען אַ לעבל ברויט, אַ שאַכטל מאַרמעלאַדע, אַ פּעקל האָלענדישע קעז און זײַן משפּחה וועט ניט צעטיילט ווערן. ס׳האָבן זיך אײַנגעפונען פרײַוויליקע. די מענטשן האָבן געוואָלט כאָטש איין מאָל אין לעבן זאָט אָפּעסן...

די משפּחות האָט מען טאַקע אין געטאָ ניט צעטיילט. אַכזריותדיק צעריסן האָט מען זיי אויף דער אײַזנבאַן, פאַרן אַרײַנטרײַבן אין די פּראַכטוואַגאָנען.

בעת איינער אַזאַ כאַפּעניש צו אַן „איבערזידעלונג" האָט אַ פרוי זיך געריסן פונעם דײַטשס הענט, בעטנדיק רחמים זי פרײַ צו לאָזן.

זאָגט צו איר דער רוצח:

— צו וואָס ווידערשפּעניקסטו? זאָוויזאָ מוזט איר אַלע אומקומען, פריִער צי שפּעטער.

האָט די פרוי גענומען היסטעריש טענהן:

— בעסער שפּעטער, האַרעלע, בעסער שפּעטער...

## וואָפן־שמידערײַ

איך גיי אים אָפּט פאַרבײַ און זע, וואָס ער טוט. אין אַ זײַטיק געסל, אין אַ הויף מיט אַ צענומענעם פּלאַנקען, לעבן אַ שטעלכל שטייט ער בײַ אַ האַנטקוזניע און טרעט, טרעט דעם פּעדאַל פונעם ראָד, וואָס בלאָזט פונאַנדער די ברענענדיקע שטיינקוילן. און אין די קוילן — אָנגעגליטע אײַזנפּאַסן, שטיקער אײַזן. ער שמידט אויך דאָס צעגליטע אײַזן אויף דער קאָוואַדלע, וואָס בײַ דער זײַט פון דער האַנטקוזניע. און כמעט שטענדיק

ווען איך גיי אים פאַרביַי, באַמערקט ער מיך, גיט לעבעדיק אַ קוק מיר אין די אויגן און כאַפּט אונטערשמייכלען. איך ענטפער איַינגעהאַלטן — מיט עפּעס צווישן אַ שמייכל און אַ קאַלטער מינע.

כ׳ווייס וואָס ער טוט. ער ווייסט מסתמא ווער איך בין, דעריבער שמייכלט ער אַזוי פּילדיַיטיק. איך מוז אָבער זיך מאַכן ניט ווויסנדיק, ניט זעענדיק. טאָר אַפילו ניט וויסן, ווער ס׳איז דאָס בחורל... כ׳ווייס אָבער: דאָס איז אַן „אייגענער יאָט״, מען רופט אים אַלטער. איז עס זיַין אמתער נאָמען? אפשר גאָר זיַין קאָנספּיראַטיווער נאָמען, ווי מיר זאָגן — זיַין „קליטשקע״, מיט וועלכער ער האָט אונטערגעשריבן דעם „פּיַיערלעכן צוזאָג״ צו היטן סודות, קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט און, אויב נייטיק, מקריב זיַין דאָס לעבן אינעם קאַמף קעגן די נאַציס.

ווייס איך ווי ער הייסט. ווייס וואָס ער טוט: שמידט וואָפן, קאַלט געווער — העקלעך, מעסערס, שטילעטן. שמידט און באַהאַלט תיכף די „פּראָדוקציע״.

וועט איר דערשטוינט פרעגן: למאַי טוט ער עס אַזוי אָפן? וויַיזט זיך אַרויס, אַז ס׳איז די בעסטע קאָנספּיראַציע. קאָן דען איַינפאַלן די דיַיטשן, אַז יידן וועלן בפרהסיה אַזוינס זיך דערוועגן? און טאָמער, טאָמער וועט אַ דיַיטש זיך יאָ פאַרהאַלטן און פרעגן, הייסט עס, אַז מען שמידט העקלעך, מעסערס פאַרן אייגענעם געברויך. מען האָט דאָך פון אונדז כמעט אַלץ צוגענומען... און אויב אַ ייִד וועט ווערן נייגעריק, גילט עס: מען פירט אויס אַ באַשטעלונג פון די געטאָ־וואַרשטאַטן.

פּרעהיסטאָריש קאַלט געווער אין דער תקופה פון אויטאָמאַטן. האָט עס אַ ממשות אָדער ס׳איז אַן אילוזיע בלויז? אַרויסגעכאַפּט זיך פון אַן אויס־באַהאַלט, קאָן מען פּלעטן דעם קאָפּ פון אַן אָנקומענדיקן היטלעריסט. מען קאָן אין דער לעצטער רגע אַרויסכאַפּן פון אונטער דער פּאָלע דאָס העקל, דאָס מעסער, דעם שטילעט... ס׳איז צו ראַטעווען אונדזער כבוד און אפשר — אונדז גופא.

אַן אילוזיע? צו מאָל איז אוממעגלעך צו לעבן אָן אַן אילוזיע. זי איז דאָך אויך דער מקור פון גרויסע מעשים.

— קאַלט געווער — קאַלטע לאָקשן, — וויצלט מען זיך.

ס׳איז אָבער אַ התחלה.

שמידט דאָס שמייכלענדיקע בחורל די התחלה. נאָך עטלעכע אַזעלכע ווי ער, טוען דאָס זעלבע. חברה האָט באַקומען דעם באַפעל צו זוכן, אַריַינ־צוברענגען אין געטאָ איַיזנפאַסן, שטיקער איַיזן. דאָס ביסל נייטיקע שטיינ־

קוילן ברענגט מען אין אַ זעקל צי גאָר אין די קעשענעס, בעת מען קומט צוריק פון די אַרבעטפּלעצער, ווו ס'ווערן אויסגעלאָדן שטיינקוילן.

איך גיי אָפּט פאַרביי דאָס דרייסטע בחורל, וואָס שמידט אין געטאָ וואָפן. פאַראַפראַזיר איך דעמאָלט אין די געדאַנקען האָפשטיינען: און גוט איז צו וויסן, עס האָט זיך דער העלדישער המשך ניט איבערגעריסן.

## דײַטשן האָבן מורא

ווי אויספּרווונדיק זייערע גאָרגלען, האָבן די סירענעס צוערשט זיך איבערגערופן, דערנאָך גענומען שרײַען, וויען, און אַלע מיט אַ מאָל. זייערע קולות האָבן שיִער ניט צעשפּאָלטן דעם בײַנאַכטיקן טיף־בלויען הימל־קופּאָל.

מיט אַן אימהפול געצוויטשער האָבן פייגל אַרויסגעשאָטן זיך פון זייערע נעסטן. אַ שאַרף געביל איז פון פאַרשיידענע זײַטן צוגעשטאַנען צום האַר־מידער. ביימער האָבן זיך פאָרכטיק פונאַנדערגעשאָקלט. זייערע בלעטער האָבן ווי געשעפּטשעט: „וואָס וועט דאָ זײַן? וואָס וועט דאָ זײַן?" און דער מענטש, די קרוין פון דער יצירה, האָט געוווּסט, אַז דער סירענע־געוווי איז שייך אים, אַז עס באַטײַט סכּנה און מען מוז זיך באַהאַלטן.

אין געטאָ האָבן די מענטשן זיך גאָר שטאַרק צעפּאָלאָשעט: אויפגע־שפּרונגען פון די ערטער, פון די געלעגערס, קאָנטראָלירט די פאַרריגלטע טירן, שטילער פאַרהאַנגען די פענצטער און בכלל אויסגעלאָשן יעטווידע שײַן — מען זאָל זיי ניט קאָנען באַשולדיקן אין עובר זײַן אויף די פאַרטונק־לונג־תּקנות. די קרומע און לאָמע הילצערנע געטאָ־שטיבלעך האָבן, צוגע־פאַלענע צו דער ערד, אין גאַנצן זיך פאַרטײַעט.

אַן אַליאַרעם אָדער מען באָמבאַרדירט טאַקע די שטאָט? אַזוי צי אַזוי, מיר האָבן זיך האַסטיק אָנגעטאָן און אָנגעשפּיצט געוואַכט צו יעדן שאָרך.

אין שכנותדיקן צימער האָבן קינדער זיך צעשריִען. האָט מען זיי באַלד אײַנגעשטילט:

— דײַטשן גייען!

טשיקאַווע, די דאָזיקע אומבאַגרינדעטע וואָרענונג האָט געווירקט אויף אויף די דערוואַקסענע — אַלע זענען פאַרשטומט געוואָרן. בלויז אַן עלטערע פרוי, אונדזערע אַ צימער־שכנה, האָט זיך שטיל צעטענהט:

— הלוואַי זאָלן זיי שוין אָנפליִען, אונדזערע אויסלייזער, טאַטע־פאָטער... זאָל אונדז אַלעמען אַ באָמבע טרעפן, צוזאַמען מיט די שונאים, און אַן עק צו די צרות.

דערווײַלע זענען די סירענעס אויסגעגאַנגען — אייניציקווײַז, צעצויגן קרעכצנדיק. ס׳האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ בית־עלמין־שטילקייט, ביז זי איז ניט צעדריוולט געוואָרן פון אַ דומפּער זשומערײַ, וואָס איז אָנגעקוואָלן פון מיזרח־דיקן הימלראַנד. די זשומערײַ איז געוואַקסן פון רגע, געוואָרן אַלץ שטאַרקער, זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מוראדיק געברום, וואָס האָט זיך דער־קליבן ביז איבער אונדזערע קעפּ און צעטרייסלט די יסודות פון דער וועלט.

— און אפשר זענען עס דײַטשן? קומען אָפּווישן די געטאָ... מיט באָמ־בעס! — האָט עמעצער אַרויסגעבראַכט בקול זײַנע שלעכטע פאַרגעפילן.

דער חשדימפּולער אומרו האָט געקאָנט זײַן באַרעכטיקט. גאָר ווײַט אויף מיזרח איז שוין לאַנג געווען אָפּגערוקט דער פראָנט, און דאָ, פּלוצעם — אַן אָנפלי. הויך איבער דער שטאָט האָבן פּראָפּעלערס מיט רוגזה געבויערט די הימלען.

כ׳בין צוגעפאַלן צום פענצטער. אַ ביסל אָפּגעשאַרט אין אַ זײַט דעם ראַנד פונעם פאָרהאַנג, אָפּגעווישט דעם טוי פון דער שויב און דערזען: אַ פולע לבנה האָט מיט איר שײַן, ווי מיט קאַלך אָפּגעגאָסן דאָס געסל — די שטיבלעך, די פּלויטן, אין שוואַרץ־ווײַס צערונצלט דעם ברוק. פּלוצעם האָט אויפן הימל זיך אָנגעצונדן אַ צווייטע לבנה, אַן אָראַנזשעווע, און פאַר־מעלעך גענומען זינקען צו דר׳ערד. אין דרויסן איז געוואָרן אַזוי אָראַנזשעווע־העל, אַז די שײַן וואָס איז אַרײַנגעדרונגען דורך דער שפּאַרונע לעבן דעם קוים־קוים אָפּגעצויגענעם פאָרהאַנג, האָט באַלויכטן דאָס גאַנצע צימער.

באַלד האָבן זיך דערהערט ווײַטע, דומפּע אויפרײַסן. די אויפרײַסן זענען געוואָרן אַלץ שטאַרקער. ס׳האָט געקראַכט שוין גאָר ניט ווײַט. די ווענט פון דער שטוב האָבן געציטערט, זיך אַזש געוויגט, די שויבן — געקלימפּערט, ווי ס׳וואָלט זיי געוואָרפן אין אַ קדחת.

און דאָ האָבן מיר אויפגעכאַפּט דעם אָפּהילך פון אַ חשודיק מענטשן־געשריי ערגעץ אין דער נאָענט. ווי קומען איצט אין דרויסן די דאָזיקע קולות? ס׳איז שוין לאַנג די פּאָליצײַ־שעה. ס׳איז שטרענג פאַרבאָטן אַרויס־צוגיין אין גאַס. אין הויף אָבער מעג מען אַרויס, עלעהיי אַ מענטשלעכע באַדערפעניש. האָבן מיר, עטלעכע מאַנצלײַט, זיך טאַקע אַרויסגעשלײַכט אין דרויסן און — צו די שפּאַלטן אינעם ברעטערנעם הויפּפּלאַנקן.

אונדזער שטוב איז געשטאַנען בײַם ראַנד פון דער געטאָ, לעבן שטעכל־דראָטענעם צוים. אַ שטח פון עטלעכע מעטער אויף זײַנע ביידע זײַטן איז דערקלערט געוואָרן פאַר אַ „טויטזאָנע״. צו יעדערן וואָס האָט זיך דערוועגט שטעלן דאָרטן אַ טראָט, האָבן די וואַכפּאָסטנס אַן אַ וואָרענונג געמעגט שיסן.

נאָר איצט, איצט האָבן מיר אויף אָט דעם שטח דערזען זיך באַוועגן סילועטן פון מענטשן. וואָס טוען זיי, דערצו נאָך אין אַזאַ געפערלעכער רגע?

אָנגעשטרענגט זיך אַײַנגעקוקט, האָבן מיר געגומען אונטערשיידן אויף די סילועטן מיליטערישע קליידונג, ביקסן. ס'האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן געשרייען אין דײַטש. ווען אין הימל איז געבליבן הענגען אַ נײַער ברענענ־דיקער קנויל און ווידער באַלויכטן דעם גאַנצן אַרום, האָבן מיר דײַטלעך דערזען, ווי אייגער נאָכן אַנדערן קריכן אין געטאָ אַרײַן דורכן צוים באַ־וואָפנטע דײַטשן. אין זייער געהאָלדער האָבן מיר אויפגעכאַפּט קלאָרע פראַזעס, וואָס זענען אָפּט איבערגעחזרט געוואָרן:

— שנעלער, קאַמראַדן, שנעלער אינ'ס געטאָ! ס'געטאָ וועלן זיי ניט באָמבאַרדירן! שנעלער אַהער!

ס'האָט געדונערט, געקראַכט. עפּעס האָט זיך אײַנגעבראָכן גאָר דערנעבן. צום צעטרייסלטן טיף־בלויען הימל־קופּאָל האָבן אַ זעץ געטאָן פון דער ערד אַרויסגעשטויסענע זײַלן פײַער — שׂרפות האָבן דאָ און דאָרטן אונטערגע־צונדן די נאַכט.

אונדז האָט דורכגענומען אַ זיסער ציטער: „בעסער פון אַ באָמבע, איידער..." אָבער דער עיקר, דער עיקר — דײַטשן האָבן מורא! ס'ציטערט אויף זיי די פעל, און בײַ אונדז איז זיכערער...

## ער האָט אויסגעקליבן געווער

אַ סך פון אונדז האָבן קרום געקוקט אויפן פאַבריקמאַכער. און ניט אָן אַ גרונט. בעת אַלע האָבן געהאָרעוועט מיט לאָפּעטעס און קירקעס, זיך געבראָכן אונטער דער לאַסט פון זעק צעמענט אָדער אײַזן־באַלקנס, איז דער פאַבריקמאַכער דורך די דײַטשן געווען פּריווילעגירט.

יעדן אינדערפרי, ווי נאָר מען ברענגט אונדז אויפן אַרבעטפּלאַץ, אַזוי גייט ער אַרויס פון דער ריי — אַ נידעריקלעכער, אַ פולבלעכער, אַן אָפּגע־ראַזירטער, אין גאַנץ זויבערע מלבושים, מיטן זויבערן מכשירים־טעשל אונטערן אָרעם, און לאָזט זיך שטאָלץ צו דער וואַכשטוב.

מיר האָבן געוווסט, אַז אַחוץ עטלעכע פאַרוואָקסענע געמבעס פון אונ־דזערע קאָנוואָירן, וואַרט דאָרטן אויף אים אַ שיסל געקעכץ, וואָס די דײַטשן גיסן אים צונויף פונעם איבערבלײַבעכץ אין זייער עסגעשיר, דערצו — אַ הייפל ברויטשטיקלעך. צום סוף פונעם אַרבעטסטאָג וועט ער מיט אַ

גלײַכגילטיק פּנים, אָן אַ וואָרט אויסצורעדן, אַרײַנשטעלן זיך דער ריי — ווידער אַ זויבערער, אַ זאַטער, אָן אויסגערוטער.

אָן אונטערלעקער, וויל נושא־חן זײַן, — האָט מען אים אויפגעוואָרפן. — וואָלט ער כאַטש איבערגעשניטן אַ נאַצי דעם גאָרגל.

ער האָט אָבער די גאָרגלען בײַ זיי ניט געשניטן און רויק, מיט דער זעלבער טעמפּלעכער מינע ממשיך געווען אויספּילן די פליכטן פונעם „הויפּישן באָרדגאָלער" פון אונדזערע קאַנוואָירן.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן, ביז ס'איז איין מאָל אַרויסגעלאָפן פון דער וואַכשטוב איינער פון די דײַטשן — אַ בלאַסער, אַ צעטראָגענער, מיט אַ פונאַנדערגעשפּיליעטן מונדיר.

— ווו איז דער פאַבריקמאַכער? ווו איז דער הונט? — האָט ער געשריִען.

אומזיסט האָבן די דײַטשן אײַנגעלייגט וועלטן, דורכגענישטערט דעם גאַנצן פּלאַץ. דער פאַבריקמאַכער איז ווי אויסגעטריקנט געוואָרן.

נאָך דער אַרבעט האָט מען אונדז באַזונדערש גרינטלעך בודק געווען, געציילט און איבערגעציילט די מענטשן, די רייען. אויסגעשטעלט אונדז און איבערגעשטעלט, אָבער אָן רעזולטאַטן — די צאָל איז געבליבן די זעלבע. ס'האָט געפעלט אַ מענטש.

„נו, — האָבן מיר געטראַכט, — אַנטלאָפן דער בחור, אַרויסגעריסן זיך. שטיל, כיטרע זיך געגרייט אַ מקום־מיקלט. מילא, זאָל אים זײַן מיט מזל".

דעם זעלבן טאָג, אָוונט־צו האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט אין אונדזער טיר. וועמען האָט עס געקאָנט אָנטראָגן אין אַזאַ שפּעטער שעה? מען טאָר דאָך שוין באַלד ניט אַרומגיין אין גאַס.

שטעלט זיך פאַר — ס'איז געווען דער פאַבריקמאַכער. נאָר אָן זײַן מכשירים־טעשל. די בגדים — צעקנייטשט, דאָס היטל — אַראָפּגעלאָזט איבער די אויגן. ער איז געווען שטאַרק צעשראָקן און געהאַלטן אין איין אַרומקוקן זיך. ער האָט געבעטן אָפּצוהונדערן זיך מיט אים, ווו קיינער זאָל אונדז ניט זען און ניט הערן. פאָנפעדיק אונטער דער נאָז און שווער אָטעמענדיק, האָט דער שטענדיקער שוויַיגער דאָס מאָל באַקומען לשון:

— איך האָב געקאָנט, יאָ, געקאָנט איינעם פון זיי איבערשנײַדן דעם גאָרגל. יאָ, דעם גאָרגל. נאָר ס'איז מיר געווען אַזוי שרעקלעך... איך בין ניט קיין דײַטש און קאָן ניט קוילען קיין מענטשן. האָב איך בעסער אויסגעקליבן אָט וואָס...

ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון די קעשענעס אַ פּיסטאָלעט, אַ הויפן קוילן. פון זײַן ווײַטערדיקער צעטומלטער דערציילונג האָט מען געקאָנט פאַרשטיין,

אַז ער האָט שוין לאַנג עפּעס געפּלאַנעוועט און נאָר הײַנט האָט עס אים אָפּגעגליקט. ער האָט געהאַלטן בײַם ענדיקן ראַזירן דעם לעצטן וואַכמאַן, ווי עמעצער האָט אים שנעל אַרויסגערופן, דעם דײַטש. ער איז אַרויס איבער־לאָזנדיק הענגען זײַן רימען מיטן געווער. דער פֿאַבריקמאַכער האָט אַרויס־געכאַפּט פֿון שייד דעם פּיסטאָלעט, די קוילן, וויפֿל זיי זענען געווען, און איז אַנטלאָפֿן. זיך באַהאַלטן צווישן ברעטער און קלעצער, געפּויזעט איבער גריבער, אַריבערגעקראָכן דעם פּאַרקן. אַראָפּגעריסן פֿון זיך די געלע לאַטעס און אַ גאַנצן טאָג, ביז ס׳איז טונקל געוואָרן, אַרומגעבלאָנקעט איבער דער שטאָט. ער האָט אין שטאָט ניט קיין באַקאַנטע קריסטן, איז ער געווען געצוווּנגען אומצוקערן זיך אין געטאָ. אַרײַנגעקראָכן דורכן צוים און דאָ, ווידער צום גליק, איז ער ניט געגאַנגען אַהין ווו ער נעכטיקט. מען האָט אים דאָרטן שוין געזוכט...

— יאָ, מיר האָט אָפּגעגליקט, — האָט זיך אָפּגעזיפֿצט דער פֿאַבריקמאַכער און צעשראָקן געפֿרעגט: — האָט מען צוליב מיר כאָטש קיינעם ניט געטשע־פּעט? ניט געשלאָגן? ווען איך שנײַד איבער אַ גאָרגל, וואָלט אַוודאי ערגער געווען. נאָר איצט, איצט וואָס זאָל איך טאָן? איך ווייס, איר האָט פֿאַר־בינדונגען... קוילן האָב איך געבראַכט ניט נאָר פֿאַר זיך. פֿריִער וואָלט איר, אַוודאי, ניט געטרויט דעם באָרדגאָלער פֿון דײַטשן. איצט וועט איר מוזן... איר האָט ניט און איך האָב ניט קיין ברירה...

ניט ווײַל ס׳איז קיין ברירה ניט געווען, האָבן מיר געהאָלפֿן דעם פֿאַבריקמאַכער. ער האָט כּשר פֿאַרדינט, מען זאָל האָבן צו אים צוטרוי.

ער איז אין גיכן געוואָרן אַ פּאַרטיזאַנער.

## דער „גײַסט"

„פֿרײַהייט איז ווי ליכט און לופֿט. דאָס דערפֿילט מען, ווען מען פֿאַרלירט זי". די דאָזיקע ווערטער פֿונעם סאָציאַליסטן־פֿירער מאַטעאָטי, וועלכן מוסאָ־ליני האָט אומגעבראַכט, קומען מיר איצט אָפּט אַרויף אויפֿן געדאַנק. ערשט איצט פֿאַרשטייען מיר ריכטיק זייער תּוך.

„דאָס לעבן איז ווי..." אָפּט זוך איך אַ קורצע און טרעפֿלעכע דעפֿיניציע פֿאַרן לעבן הינטערן שטעכלדראָט. צו וואָס קאָן מען פֿאַרגלײַכן דאָס לעבן פֿון אַ פֿאַרשפּאַרטן מענטש אין געטאָ? צו מאָל דאַכט זיך, איטלעכער פֿון אונדז איז געגליכן צו אַ שוואָך און מיד פֿלאַטערל, וואָס איז פֿאַרקראַמפּט אין אַ מוראַדיקער פֿויסט. איין קוועטש — און אויס מיטן לעבן, ווי ניט געווען.

ווען מענטש האָט ווערט צעקוועטשן דיין לעבן? צי דען די האַנט פונעם אונטעראָפיציר אַטאָ הילשער?

יעדן אינדערפרי, ווען מען ברענגט אונדז צו טרײַבן אויף דער אַרבעט, שטעלן מיר זיך אויס און וואַרטן, ביז דער אונטעראָפיציר וועט פאַרבײַגיין די קאָלאָנע, וועט אויסציילן די באַקומענע קנעכט און באַשטימען, ווער וואָס עס האָט צו טאָן. מיר זעען באַשײַמפערלעך, ווי דער דאָזיקער ברייטפּלייציקער, מיטלוווקסיקער נאָצי מיט דער צוגעפּלעטשטער נאָז אויפן רונדן פּנים לעבט אָזש אויף, דערפילנדיק זיך ווי דער פולשטענדיקער בעל־הבית איבער אונדזער גורל.

געוויס טראַכטן דעמאָלט אַ סך פון אונדז: „אונדזער לעבן איז אין זײַנע הענט, אין די גרויסע, אויסערגעווייִנטלעך ברייטע, מיט געלבלעכע האָר באַוואָקסענע הענט". נאָר דער אונטעראָפיציר צעקוועטשט ניט קיין לעבנס אין זײַנע מגושמדיקע דלאָניעס. ער באָקסט. ער קוועלט פון הנאה, בעת צילנדיק מיט דער רעכטער פויסט אין עמעצנס קין, פאַרפאַרט ער מיט דער לינקער „אונטערן לעפעלע". ווען דער געטראָפענער פאַלט און שטייט ניט אויף, איראָניזירט דער רוצח:

— אַ צו טיפער זעץ? קענגן די געזעצן פון באָקס? און דאָך אַ ריכטיקער פאַר יידן!

לעצטנס ווייסן מיר, אַז יעדן אינדערפרי וועט געשען איינס און דאָס זעלבע. ווען אונדזער קאָלאָנע וועט שטיין און פאַרגליווערט קוקן אין איין פּינטל, וועט דער אונטעראָפיציר פאַרבײַגיין עמעצן זוכנדיק. מיר ווייסן, וועמען ער זוכט. געפונען אים, וועט ער צופרידן אויסרופן:

— „גײַסט"! דרײַ שריט פאָרויסטרעטן!

דער ייִד, וועמען דער נאָצי האָט געקרוינט מיטן דאָזיקן צונאָמען, וועט פויקנדיק מיט זײַנע האָלצזוילן אַרויסגיין פון דער ריי. ער איז הויך, מאָגער. אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק זענען ביי אים די טראַנטעס, וועלכע הייסן בגדים. אַנשטאָט אַ היטל איז אויף זײַן קאָפּ אַרויפגעטאָן עפּעס אַ צעקנאָדערטע שמאַטע. זײַן פּנים איז קליין, אײַנגעדאַרט און אויסגעצויגן. גרויס איז בײַ אים בלויז די נאָז. זי סטאַרטשעט אויפן פּנים ווי אַ צוגעקלעפּטער אָדלער־שנאָבל.

דער „גײַסט" וועט אָפּציילן דרײַ טריט פאָרויס. דער אונטעראָפיציר וועט זיך פונאַנדערפאָכען און צילן אומבאַדינגט אין דער „סעמיטישער" נאָז. אָבער דער „גײַסט" וועט, ווי געוויינטלעך, פלינק אָפּקערן אין אַ זײַט דעם קאָפּ און דעם אונטעראָפיצירס פויסט וועט בלויז אַ שטויס טאָן די לופט.

דער דײַטש וועט דעמאָלט פּילדײַטיק שמייכלען. אויך דעם ייִדנס פּנים וועט אויסקרימען אַן אַרויפגעצוווּנגענער שמייכל. דער אונטעראָפיציר וועט איצט אויסדרוקספול אָפּציטירן די לעצטע שורות פון געטעס באַרימט ליד — „וואָרט נאָר אַ ווײַלע, אויך דו וועסט באַלד רוען" — און וועט באַפוילן דעם „גײַסט" טראָגן זעק מיט צעמענט צו דער בעטאָן־מאַשין. אַן אַרומגעכאַפּטער פון אַ ווילדן צאָרן וועט דער היטלעריסט בלוטיק צעממיתן דעם ערשטן ייִד פון אונדזער קאָלאָנע, וואָס וועט אים קומען אונטער דער האַנט.

און אַזוי טאָג־טעגלעך פון דעם מאָמענט, ווען אָטאָ הילשער האָט אַנטדעקט דעם דאָזיקן, דאַכט זיך, קוים לעבעדיקן, אָבער צו גלײַך מאָדנע ווידערשטאַנדספּעיִקן מענטשן. דערזעענדיק אים צום ערשטן מאָל, האָט דער אונטעראָפיציר אויסגעדריקט זײַן אומצופרידנקייט:

— צום טײַוול, וואָס שיקט מען מיר די לומפּן, וועלכע מען דאַרף בלויז באַערדיקן? ס'איז דאָך ניט קיין מענטש, נאָר אַ הוילער גײַסט...

זינט דעמאָלט איז צוגעשטאַנען צום דאָזיקן מאַנצביל דער צונאָמען „גײַסט".

איין מאָל, נאָך דעם ווי דער אונטעראָפיציר האָט געצילט און ניט געטראָפן אין דער ייִדנגאָז, און אויך נאָך דעם ווי ער האָט אָפּגעציטירט געטען, האָט ער ניט געשמייכלט נאָר בייז אַרויסגעפּלאַצט:

— אַזוי פיל רייַנראַסיקע קומען אום אויף די פראָנטן און אַזאַ מיסטפליג לעבט, אָטעמט, שלאָפט, וואַרשײַנלעך, מיט ווײַבער. צי מיינסטו ניט, „גײַסט", אייביק צו לעבן? האַ?

אין די לעצטע ווערטער האָט מען געקאָנט דערפילן אַ פאַרבאָרגענע שרעק און צוגלײַך אויך אַ דראָונג.

דאָס געוויינטלעך בלייכע, פאַרגעלטע פּנים פונעם ייִדן איז בלויז געוואָרן. די נאָז האָט עטלעכע מאָל אַ צוק געטאָן. ווי גייענדיק אויף פּראָטעזן, האָט דער ייִד זיך אַוועקגעשאַרט צו די זעק צעמענט. ער האָט געהאָרעוועט ביז מיטאָג — אין גאַנצן באַדעקט מיט שטויב, מיט אַ גרין־גרויִען צעמענטשיכט אויפן פּנים, אויף וועלכן ס'האָבן געפינקלט קליינע, פאַרפאַראָשעטע אייגלעך.

אין דער מיטאָג־הפסקה האָט ער געקאָנט אַ ביסל אָפּכאַפּן אָטעם. פאַר־קראָכן אין אַ זײַטיק ווינקל און אײַנגעמאָסטעט זיך אויף אַן איבערגעקערט פעסל, פלעגט ער דאָ אויסכליאָבען דאָס געקעכץ פון קרויטבלעטער אָדער צוקער־בורעקעס.

פון וואַנען האָט זיך מיט אַ מאָל גענומען אין דעם פאַרוואָרפנסטן העק פונעם בויפּלאַץ דער אונטעראָפיציר? דערצו נאָך אָן דעם רימען, אָן זײַן

פיסטויל. דער „גייסט" איז אויפגעשפרונגען און ווי אַ מטורף געגומען לויפן.

פאַר וואָס איז ער געלאָפן? אפשר דערפאַר, ווייל ער האָט דערזען אַ נאַצי אָן געווער? אַרום און אַרום איז דאָך אָבער אַ הויכער ברעטערנער פּאַרקן מיט גאַנצע דריי רייען שטעכלדראָט — אויבן, און די קאַנוואָירן וואַכן. קענטיק, אַז אויף אַן אויגנבליק האָט דער אינסטינקט באַקומען די אייבערהאַנט איבערן שכל.

ניט ווייט איז ער אָפּגעלאָפן אויף זיינע האַלצזוילן. דער אונטעראָפיציר האָט אים אָנגעיאָגט, געכאַפּט פאַרן קאַרק, אויפגעהויבן ווי אַ הינטל און מיט זיין לינקער האַנט, מיט דער שרעקלעכער באַקסיאָרישער „לינקער" אַריינ־געזעצט אין דער „סעמיטישער" נאָז. איצט האָט ער שוין געטראָפן און מיט עקל אָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מיט בלוט פאַרגאָסענעם מענטשן, זיגעריש אַ זאָג טוענדיק:

— ענדלעך! אויך דו וועסט איצט רוען...

„פריַיהייט איז ווי ליכט און לופט"... אונדזער לעבן אין דער געפאַנגענ־שאַפט איז ווי... מיט וואָס קאָן מען פאַרגלייכן דאָס לעבן פון דעם פאַרשפּאַרטן יידן אין געטאָ?

## יאָרצייט נאָך דער מאַמען

8טער יוני 1942. הײַנט האָב איך יאָרצייט נאָך דער מאַמען.

דער לעצטער קוש וואָס איך האָב מיין מאַמען געגעבן אינעם אייזקאַלטן שטערן, קילט ביז איצט מיינע ליפּן. צוויי יאָר זענען פון דעמאָלט אַריבער. בלויז צוויי יאָר?

ווען דער מאַמעלעס צאַרטע טריט האָבן אין דער בלוי־גרינער דעמערונג פון אַ זומערדיקן באַגין אַוועקגעוואַנדלט אין דער אייביקייט אַריין, האָב איך זיך גאָר אַנדערש ניט פאַרגעשטעלט, אַז דער אָפּשיין פון איר עניוות־דיקער געשטאַלט וועט זיך קיין מאָל ניט אָפּטון פון מיין איטלעכן קער און ווענד. אָבער דער גורל, דער גרויסער צולהכעיס־מייסטער, האָט אויסגעמעקט, צו נישט געמאַכט דעם גאַנצן עבר אונדזערן. הײַנט, צוויי יאָר נאָך יענעם באַגין, איז שוין נייטיק, אַז דאָס יאָרצייט־ליכטל זאָל אויפהעלן מיט זיין ווייפולער שיין דאָס דערווייטערט־פאַרשאָטענע פּנים פון מיין פרי פאַר־שניטענער מאַמען.

צום ערשטן יאָרצייט האָבן מיר נאָך באַוויזן צו שטעלן איר אַ מצבה און פאַרפלאַנצען בלומען אויפן קבר. די בלומען האָבן זיך אָנגענומען, איינ־

געוואָרצלט זיך אינעם אָנשיס, וואָס הויערט איבער די ערדישע רעשטן פון אַ מענטשן־לעבן אין „נאָרמאַלע" צײַטן. אין גיכן איז אויסגעבראָכן דער שרעקלעכער שטורעם און צו נישט געמאַכט דעם ווערט פון לעבעדיקע, שוין אָפּגערעדט פון טויטע. געבליבן איז אַ תּל פון אַלץ. די לעצטע שיריים פון אונדזער לעבן מאַכן נאָך אימהפולער די אַרומיקע פאַרוויסטונג.

עטלעכע מאָל אויפן וועג צו דער צוואַנגאַרבעט איז מיר אויסגעקומען פאַרבײַצוגיין דעם בית־עלמין, ווו די מאַמע איז באַהאַלטן. דעם שוואַרצן שטיין מיט איר אויסגעקריצטן נאָמען האָב איך ניט אַרויסגעזען פון צווישן דער פאַרגליווערטער עדה מצבות, וואָס איז דערווײַלע נאָך געבליבן אומ־באַרירט פון די רשעים. ער קוקט אָבער אויף מיר, דער שטיין, האָב איך געפילט, מיט די אומעטיק־גוטע גרויע אויגן פון דער מאַמען. און ווייטיקדיק־שטיל, צניעותדיק־שטיל, ווי בלויז דער מאַמעס אויגן האָבן עס געקאָנט, לאָזן זיי פאַלן אויף אונדזער גורל שווערע טרערן. דער מאַמעס טרערן... איך זע זיי פאַלן, בעת די מאַמע פלעגט לייענען די צײַטונגס־ידיעות וועגן היטלערס מעשים־נוראים אין די פאַרכאַפּטע לענדער. אונדזער בראָך איז איצט אָן אַן ערך גרעסער. דער מאַמעס האַרץ וואָלט זיכער ניט אויסגעהאַלטן, ווען זי טוט אַצינד אַ קוק אויף אונדז. וואָס זאָג איך — אַ האַרץ! אַ שטיין וואָלט, דאַכט זיך, געפּלאַצט דערזעענדיק, וואָס פון אונדז איז געוואָרן.

איך טאָר ניט אַרויס פון דער באַוואַכטער ריי, טאָר ניט צוגיין צו דער מאַמעס קבר... מיר טרעטן טאָג־טעגלעך איבערן גרויסן קבר פון אונדזער אַמאָליקן לעבן אין שטאָט, מיר, וועלכע האָבן אַלץ פאַרלוירן. איך פערזענלעך האָב אויסער אַלץ אויך פאַרלוירן מײַן בינטל כּתבים, אָנגעהויבן פון די ערשטע קינדער־לידער וואָס כ'האָב געשריבן צו צען יאָר, און ענדיקנדיק מיטן צוגעגרייטן צום דרוק בוך נאָוועלן. ס'איז פאַרלוירן געגאַנגען דער משפּחה־אַלבאָם, פון וועלכן ס'האָט אַרויסגעקוקט אונדזער עבר, ווי פון אַ שפּיגל. בלויז איין בילד, אַ בילד פון דער מאַמען איז, ווי דורך אַ נס, ניצול געוואָרן. הײַנט, צום יאָרצײַט, האָב איך עס אַרויסגענומען פון דער באַהעל־טעניש און אַרײַנגעקוקט אין דעם. משה לעווין, דער האַרציקער פרײַנד און פּען־חבר, דער וווּנדערלעכער שרײַבערישער אָפּשפּראָץ פון דער ווילנער יידישער גאַס, האָט אויס ליבשאַפט און אָפּשײַ צו מײַן מאַמען, דאָס בילד געמאָלן. טאָ זאָל עס הײַנט זײַן אַ דערמאָנונג אויך נאָך אים, וואָס איז לויט דערגאַנגענע צו אונדז ידיעות, געווען פון די ערשטע קרבנות אין זײַן היימשטאָט.

איך קוק אויפן בילד. עס טויכן אויף אים אויף שטריכן פון אונדזערע

אומגעבראַכטע קרובים און צוזאַמען מיט זיי — פּנימער, אויגן, בליקן פון נאָענטע און ווײַטע, באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע — פון אונדזער פאַרשניטענעם שבט.

## קינדער שפּילן זיך

דאָס ייִנגל האָט געכליפּעט. פון אויפרעגונג האָט עס אים געוואָרפן ווי אין קדחת, און ס׳איז ניט מעגלעך געווען אים צו באַרויִקן. האָב איך אַראָפּגענומען פון זײַן קאָפּ דאָס גרויסע, צעשמאַטעטע היטל מיטן צעבראָכענעם דאַשיק, וואָס איז אים געווען אַריבערגעפאַלן איבער די אויגן, און דערזען אַ שרעקלעך אויסגעמאָגערט, מיאוס פּנים, אָפּגעשאָטן מיט גרויסע זומערשפּרענקלעך: זייער אַ לאַנגע נאָז, אַ שפּיציקער קין, אַ זייער ברייט מויל. אונטער דער נאָז איז אים עפּעס געווען אָנגעמאָלן מיט קויל. וואָנצקעס, צי וואָס?

דאָס יאַטל האָט געטראָגן אַ פאַרברודיקט העמדל פון אַ דערוואַקסענעם; די צו לאַנגע אַרבל — אָפּגעריסן, די פּלייצעס — אַראָפּגעהאַנגען. די הויזן, אויך אין לאַטעס און לעכער, זענען געווען מסוכּן גרויס אויף אים. כ׳האָב אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ דאָס קליינע ייִדעלע מיט די געלע לאַטעס און צוריק אָנגעטאָן אים דאָס היטל. ס׳איז זומער, ס׳איז הייס, אָבער אין געטאָ טאָרן מאַנצבילן ניט אַרומגיין בגילוי־ראש. אַ נאַצישער דין אַזאַ.

אויף מײַן עטלעכע מאָל געשטעלטע פראַגע, פאַר וואָס ער וויינט, האָט דאָס יאַטל לסוף געענטפערט, אונטערכליפּענדיק:

— איך... איך וויל ניט... וויל ניט זײַן היטלער...

און ווידער זיך צעכליפּעט.

— וועסט ניט זײַן, ניט זײַן, — האָב איך אים געפּרוווט באַרויִקן, ניט פאַרשטייענדיק אַליין וואָס ער וויל ניט זײַן.

דערפילט, אַז עמעצער נעמט זיך פאַר אים אָן, איז דאָס יאַטל צו ביסלעך שטיל געוואָרן, ווי ס׳וואָלט אויסגעגאַנגען בײַ אים דער געיאָמער־קוואַל. נאָר אָפּגעריסענע געוויין־ספּאַזמעס פלעגן אַלץ זיך אַרויסשפּאַרן פון זײַן מויל.

איצט האָב איך זיך דערזען אַרומגערינגלט פון אַ גאַנצער כאָפּטע נײַגעריקע קינדער, וואָס זענען פון אַלע הויפווינקלען זיך צונויפגעקומען בײַם טויער, ווו כ׳האָב געטראָפן דאָס וויינענדיקע ייִנגל. זיי זענען זיך צונויפגעקומען, די קינדער, אַלע מיט גרויסע געלע מגן־דודס ווי בײַ דערוואַקסענע, און נײַגעריק געגאַפט: וואָס וועט דאָ געשען?

— ער וויל ניט זײַן היטלער, נעמען מיר אים ניט אַרײַן אין שפּיל, — איז פאַרשײַט אַרויסגעטראָטן אַ מיידעלע מיט צוויי סטאַרטשענדיקע צעפּלעך, איבערגעבונדענע מיט שטריקלעך.

דאָס וויינענדיקע יינגל האָט זיך גענומען טוליען צו מיר און, ווי פון עפּעס דערמוטיקט, אַרויס מיט באַשולדיקונגען קעגן זײַנע חברים:

— נאָר היטלער מוז איך זײַן, אַניט שפּילן זיי זיך ניט מיט מיר. היטלער... מען שלאָגט, מען שיסט, מען באַגראָבט מיך אין אַ גרוב...

געטאָקינדער, ווי קינדער פון דער גאַנצער וועלט, שפּילן זיך.

נאָכן פאַל מיטן יאַטל וואָס האָט געמוזט פאַרשטעלן היטלערן, האָב איך זיך גענומען צוקוקן, ווי עס פאַרברענגען איצט אונדזערע קינדער.

זיי שפּילן כּמעט שטענדיק אין „אַקציעס". עטלעכע „דײַטשן" סאָרטירן פאַרבײַמאַרשירנדיקע „ייִדן" — אויף לינקס און רעכטס. די וואָס אויף רעכטס — טרײַבט מען צום „פאָרט". די „ייִדן" פּרוּוון זיך אַרויסרײַסן, ווילן אַנטלויפן. די „דײַטשן" דערלאָזן עס ניט — מיט געשרייען, מיט קלעפּ און אַ זידלערײַ אין דײַטש... אין „פאָרט" — בײַ עפּעס אַ גראָבן אין עק הויף, „דערשיסט" מען די „ייִדן" — זיי ווערן געצווונגען זיך אַנידערצוּוואַלגערן אויף דער ערד און בלײַבן „טויט" ליגן.

אַ צווייטע, ניט ווייניקער פאַרשפּרייטע, איז געווען די שפּיל אין „געטאָ־טויער". פון דער אַרבעט אין שטאָט קערן זיך אום „בריגאַדעס" אויף נאַכט־לעגער אין געטאָ. די „ייִדן" טראָגן פּעקלעך שפּײַז, בינטלעך האָלץ. בײַם טויער ווערן זיי אַרומגעטאַפּט און דורכגעקאָנטראָלירט פון „דײַטשן".

— וואָס איז דאָס? — פרעגט שטרענג אַ „דײַטש", אַרויסנעמענדיק בײַ אַ „ייִדן" פון קעשענע אַ הויפן שטיינדלעך.

— קאַרטאָפל.

— ווער האָט דיר דערלויבט? — ווערט נאָך שטרענגער דער אָנגע־כמורעטער „דײַטש".

— פאַר מײַנע הונגעריקע קינדער, הער פאָסטן.

— אָט האָסטו פאַר דײַנע קינדער! — דערלאַנגט דער „דײַטש" דעם „ייִדן" איבערן קאָפּ מיט אַ פלעקל.

דער געשלאָגענער צעשרײַט זיך אויף אַן אמתן:

— איך וויל מער ניט זײַן קיין ייִד!

אַ נײַע באַהעלטעניש־שפּיל איז זייער אָנגענומען בײַ אונדזער קליינ־וואַרג. מען פאַרקריכט אונטער גאַנעקעס, אויף בוידעמער, אין שטעלכלעך, אין קאַסטנס, אונטער בעטן און סאָפעס, אַזוי אַז „דײַטשן" וועלכע קומען

כאַפּן מענטשן, זאָלן זיי ניט געפינען. עס איז, פאַקטיש, ניט קיין שטיפעריי פון קונדסים. ס'איז אַ רעפּעטיציע פאַר דער טראַגישער ווירקלעכקייט־שפּיל. מען דאַרף קאָנען אַזוי קונציק זיך באַהאַלטן, אַז אמתע דײַטשן זאָלן דיך ניט געפינען. די וועלכע ווערן ניט אַנטדעקט, קריכן שטראַלנדיקע אַרויס פון די באַהעלטענישן — דאָס מאָל זענען זיי געראַטעוועט!..

ווי אין לעבן, אַזוי אויך אין דער קינדערשפּיל — „ייִדן" און „דײַטשן", פאַרפאָלגטע און פאַרפאָלגערס, קרבנות און רוצחים.

די זון שײַנט, דער מלאך־המוות פאַכעט איבער אונדז מיט דער גרייטער קאָסע, און קינדער שפּילן זיך אין ווירקלעכקייט — אין לעבן און טויט.

## אויסגעשטערקטע הענט

ס'האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז מיר זענען גלײַכגילטיק געוואָרן צום טויט, וואָס לאָקערט אויף אונדז פון יעדן ווינקל, גייט אונדז נאָך פוסטריט ווי אַ שאָטן.

דער אומקום פון אַ ליטווישער פרוי בײַם געטאָצוים האָט אָבער אַלעמען דערשיטערט. מען האָט געזען, ווי זי האָט זיך דערנענטערט צום צוים, געטאָן אַ ווונק צו אַ ייִנגל אין געטאָ, ער זאָל צוגיין נענטער, און אים צוגעוואָרפן אַ לעבל ברויט. אַ וואַכמאַן האָט עס באַמערקט און קאַלטבלוטיק דערשאָסן די ווילטוערין.

שוין דעם ערשטן ווינטער האָט מען אין געטאָ דערציילט וועגן אַזאַ פאַל: אַ ייִדיש קינד, וואָס ליטווינער האָבן באַהאַלטן בײַ זיך אין שטאָט, איז שווער קראַנק געוואָרן. מען האָט עס געמוזט אַרײַנלייגן אין שפּיטאָל. פון היץ האָט דאָס קינד געשריִען אויף ייִדיש. מנוולים האָבן וועגן דעם געמאָלדן פּאָליציי. האָט מען אַרעסטירט די מענטשן, וואָס האָבן געפּרוּווט ראַטעווען דאָס קינד. געסטאַפּאָ האָט פאַרשטייט זיך, „צוגענומען" אויך דאָס קינד. די נעמען פון די געטראָפענע זענען דערוויַילע אונדז ניט באַקאַנט.

עטלעכע נעמען פון ווילטוערס האָבן מיר שוין בשעתו יאָ געקענט פעסטשטעלן.

דער דאָקטער וויטאַוטאַס זשאַקיאַוויטשיוס האָט באַצאָלט מיטן לעבן פאַרן אויסבאַהאַלטן די משפּחה פון זײַנעם אַ קאָלעגע, דעם דאָקטער מ., וואָס איז געלאָפן פון געטאָ.

דער קאָוונער תּושב בראַניוס קוטקאָ האָט אויפגענומען בײַ זיך אין שטוב ייִדן, אַנטלאָפענע פון אַ דעפּאָרטאַציע־טראַנספּאָרט. צו מאָרגנס איז ער

בעגאַנגען אין זייער שליחות צום געטאָ־טויער זיך דערוויסן, וואָס דאָרטן טוט זיך, און איז דערשאָסן געוואָרן.

אַ ליטוויש בחורל, סטאַסיס טאַמאַשײַטיס, האָט איבערן צוים אַריבער־געוואָרן אַ ייִדן אין געטאָ אַ קעפּל קרויט. אַ וואַכפּאָסטן האָט עס באַמערקט און דערשאָסן דאָס בחורל.

דער פאַל פון דער ליטווישער פרוי אירענאַ גײַזשאַוסקענע און איר ייִדישער פרײַנדין ציליע שוואַב, ווען זי איז געקומען אַרויספירן „אויף דער פרײַ״, האָט אויפגעשוידערט די געטאָ. שוין אויף יענער זײַט צוים זענען ביידע פרויען אונטערגעקאָסיעט געוואָרן פון היטלעריסטישע קוילן.

די נעמען פון ווילטועס ווערן צו מאָל באַקאַנט נאָך אַ דורכפאַל. בעסער שוין פון אַזוינע ניט הערן און בלויז וויסן, אַז פון געטאָ פאַרשווינדן בשתיקה ייִדן. מיר פאַרשטייען, אַז עמעצער פון „יענער זײַט״ האָט זיי אויסגעשטרעקט אַ האַנט, געעפנט אַ טיר. ווער דאָס זענען טאָרן מיר גאָר ניט וויסן. ס'איז קאָנספּיראַציע, אַ הייליקער סוד. נאָך דער באַפרײַונג וועט עס אַוודאי ווערן אויס סוד.

אָבער אויך איצט ווייסן מיר פון דרייסטע מענטשן, וועמען דער גורל האָט דערווײַלע געשאַנעוועט. מיט יִראת־הכבוד און ציטער פאַר איר ווילזײַן דערמאָנען מענטשן אין געטאָ די משפחה פון אַ ליטווישן דיכטער. (איצט גיב איך אָן די פולע נעמען, וועלכע איך האָב בשעתו געהאַט פאַרשיפרירט. מאַלע וואָס ס'האָט געקאָנט געשען מיט די כתבים...) דעם דיכטערס פרוי, סאָפיאַ בינקענע, און ביידע אירע טעכטער האָבן זייער דירה פאַרוואַנדלט אין אַן אמתן מקום־מיקלט פאַר צענדליקער ייִדן, געטיילט מיט זיי דעם לעצטן ביסן, געפונען ערטער, אויף אויסצובאַהאַלטן ייִדישע קינדער און דערוואַקסענע.

ניט איין מאָל, ווערנדיק געטריבן צו דער צוואַנגאַרבעט, האָב איך געזען בײַ דער געבײַדע פונעם ליטווישן אָפּערע־טעאַטער דעם באַרימטן זינגער קיפּראַס פּעטראַוסקאַס. אַ הויכער, שטאַלטנער, מיט אַ ביסל אין אַ זײַט פאַררוקטן קאַפּ, פלעגט ער אַרומשפּאַצירן הין און צוריק. אָפּגעוואַרט אַ מאָמענט, די קאָנוואָירן זאָלן ניט באַמערקן, פלעגט ער איבערגעבן עמעצן פון די פאַרבײַגעטריבענע ייִדן אַ פּעקל שפּײַז און זאָגן: „צעטיילט זיך!״. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ער און זײַן פרוי באַהאַלטן אויס אַ ייִדיש מיידעלע.

דעם ליטווישן פידלער וולאַדאַס וואַרטשיקאַס האָבן מיר געזען אפילו אין געטאָ — מיט געלע מגן־דודס אויף דער ברוסט און רוקן. ווי שפּעטנדיק

פונעם טויט, איז ער דורכגעקראָכן דעם צוים און געבראַכט שפּײַז, רפואות פאַר זײַנע גוטע פרײַנד. ניט איינעם פון זיי האָט ער אַרויסגעפירט פון געטאָ און אויסבאַהאַלטן אין שטאָט.

איך ווייס פון ניט ווייניק דרייסטע, מסירת־נפשדיקע מענטשן. דאָס זענען די דאָקטוירין העלענע קוטאָרגענע און איר זון וויקטאָראַס, די ביאָלאָגין נאַטאַליאַ ליקעוויטשענע, דער אַרבעטער יואַזאַס פּאַוולאַוויטשיוס, וועמענס שטיבער זענען שטענדיק אָפן פאַר געיעגטע און געפּלאָגטע ייִדן. מיטן דירעקטאָר פון דער שטאָטישער קינדערהיים „לאָפּשיאַליס", דעם דאָקטער פּיאַטראַס באַובליס, איז אָפּגעמאַכט, אונטערצוואַרפן בײַם אַרײַנגאַנג פון זײַן אַנשטאַלט קינדער, אַרויסגעטראָגענע פון הינטערן שטעכלדראָט...

ייִדן פאַרשווינדן פון געטאָ. עמעצער פון דער „פרײַ" איז זיי מקרב, גיט אַ שטיקל אָפּדאַך. וואָס לענגער עס געדויערט די אָקופּאַציע־נאַכט, וואָס שטאַרקער עס ווערט דער טעראָר, אַלץ מער דערוועגן זיך די ייִדן און די הילפסגרייטע מענטשן אויף דער „אַרישער זײַט". און דאָס האָט אונדז, פאַרשפּאַרטע הינטערן צוים, לײַכטער געמאַכט דעם עול פון דער געלער לאַטע. דאָס האָט אויפגעלעבט דעם גלויבן אין דער גוטער התחלה פונעם מענטש, דעם גלויבן, וועלכן די נאַצישע בעסטיע וויל צו נישט מאַכן. דאָס האָט אָנגערעגט צו האַלטן זיך, צו ווידערשטאַנד, און מען איז געוואָרן ניט אַזוי גלײַכגילטיק צום טויט.

**שוואַלבן**

אין איינעם אַ פרילינג, זייער לויטערן באַגינען האָט אַ לעבעדיקער גרוס פונעם נאָענטן פרילינג אַרײַנגעטשוויטשערט אין אונדזער פענצטער. צוויי שוואַלבן האָבן געפּאַטשט מיט זייערע פליגעלעך, געפּלאַטערט און געפּיל־דערט. זיי פלעגן פאַרשווינדן און ווידער קומען.

כ'האָב זיך צוגעקוקט און באַמערקט, אַז די שוואַלבן בויען אַ נעסט אונטערן געזימס פון אונדזער שטיבל און ס'האָט מיר באַנק געטאָן: הינטערן שטעכלדראָט, אין געפּאַנגענשאַפט — אַ נעסט פון פרײַע פייגל! זיי פאַר־שטייען, נעבעך, ניט, וווהין זיי האָבן זיך פאַרקליבן...

כ'האָב געפונען אַ שטעקן, אַרויס אין דרויסן און שוין געוואָלט צערײַסן דעם יסוד פון דער פייגלשער נעסט — די אין אַ רינג, מיט ברעקלעך ליים און בלאָטע צונויפגעקלעפּטע שטרויעלעך, פעדערלעך. אויפגעהויבן די האַנט און זי פאַרהאַלטן. אַ פאַרגאַפטער האָב איך נאָכגעקוקט די צוויי בירגער פון

די פּרײַע רחבותן, וואָס האָבן אַרײַנגעבראַכט אַ גרויס פּונעם פרילינג צו אונדז אין יאָמערטאָל. כ׳האָב אַראָפּגעלאָזט דעם שטעקן און נאָך לאַנג געשטאַנען און באַוווּנדערט די קלוגשאַפט פון דער נאַטורס באַשעפענישן.

„ווען ס׳וועט זיך אָנרוקן די סכנה, — האָב איך געטראַכט, — וועט איר, שוואַלבן, אַ פּאָכע טאָן מיט די פליגלען און הײַדאַ — אין די הימלען! ווי עס זינגט זיך אינעם ליד: „ווער ס׳האָט פליגלען, דער קאָן פליִען, איז בײַ קיינעם ניט קיין קנעכט!"

פליגלען! ווו נעמען מיר, מענטשן, די קליגסטע פון אַלע באַשעפענישן, די קרוין פון דער יצירה, ווו נעמען מיר פליגלען?

דערפאַר ביסטו, מענטש איינער, אַ מענטש, זאָלסט זיך באַשאַפן פליגלען פון שטאָל און דרייסטקייט, פון בלײַ און אַנטשלאָסנקייט.

## אינעם פאַרמעסט מיטן הונגער

און אויב מען וועט אונדז ניט אומברענגען, ווי קאָנען מיר עקסיסטירן? אונדזער אָפיציעלע שפּײַז־נאָרמע איז: 100 גראַם ברויט (אָפט מיט אַ צומיש פון קאַרטאָפל און מעל־סוראָגאַט) — אַ טאָג, צו 100 גראַם גרויפּן אָדער אַרבעס און 125 גראַם פערדנפלייש — אַ וואָך. ווי לאַנג וועלן מיר ציִען מיט אַזאַ דערנערונג? און ווי וועלן אויסקומען אונדזערע קינדער?

האָבן מיר טאַקע געמיינט, אַז דאָס וואָס די היטלעריסטישע קוילן וועלן ניט אָפּטאָן, וועט אויסענדיקן די הונגערשווערד. נאָר...

לכתּחילה זענען עס געווען אונדזערע פילגעפּרוּווטע און אײַנפאַלערישע פרויען. ווי האָט געזאָגט שלום־עליכמס טוביה וועגן גאָלדען, זײַן ווײַב: „פון גאָרניט בראָקט זי לאָקשן, מיט די פינגער קאָכט זי זאָטירקעס"... אַזוי האָבן גלײַך אין אָנהייב געטאָ אונדזערע פרויען געקאָכט זופּ פון לעבעדע־גראָז, געמאַכט קאָטלעטן פון קראָפּעווע, קוגל — פון קאַרטאָפל־שאָלעכץ...

אויך די מענער האָבן זיך אײַנגעשפּאַנט, ווען מען האָט זיי גענומען טרײַבן צו דער צוואַנגאַרבעט. מען איז געקומען אין באַריר מיט מענטשן פון דער פרײַ... מען האָט צו מאָל באַצאָלט דערפאַר מיטן לעבן, פון דעסטוועגן האָט עס ניט אָפּגעשראָקן דעם עולם פון „מאַכן אַ פּעקל", ס׳הייסט, אַרויס־טראָגן פון געטאָ אַ וועלכן ניט איז חפץ אָדער בגד, אויסבײַטן עס אין שטאָט אויף שפּײַז און אַרײַנטראָגן, ריכטיקער געזאָגט, אַרײַנשמוגלען אין געטאָ בײַם אומקערן זיך פון דער אַרבעט. און ווידער האָבן אונדזערע דרייסטע פרויען איבערגעשטיגן די מענער אין דער קונסט פון „מאַכן אַ פּעקל".

ווי איז אָבער געווען צו דעם, ווען מען די דײַטשן פלעגן כאַפּן אין אײנער פון די סטאַדיעס פון „מאַכן דאָס פעקל״. מען איז אַרײַנגעפאַלן אַרומשמײַענ־דיק אין שטאָט אָן די לאַטעס; מען איז אַרײַנגעפאַלן אין די לאַפּעס פון דער טויערוואַך, אויב זי האָט אָנגעטאַפּט די „טרייפענע סחורה״. אײנער קומט אום, די אַנדערע פרווון אויס זײער מזל ווײַטער, און אויף אונדזערע טישן באַווײַזט זיך אַ קאַרטאָפל, אַ ברעקל פעטס, אַ שטיקל צוגאָבלעך ברויט. מען טראָגט עס אַרײַן אין געטאָ, באַהאַלטן אונטער די בגדים, אין „קאָמפּרעסן״ אויפן לײַב, אין בלעכענע עסקענדלעך מיט טאָפּעלע דעקן, אין אויסגעהוילטע שײַטן האָלץ, בעת מען דערלויבט אַרײַנטראָגן ברענהאָלץ. ס'פלעגן אויפבליצן המצאות. ס'איז געווען אַן אמתער פאַרמעסט מיטן הונגער און זײַנע אַפּאָס־טאָלן — די היטלעריסטן: ווער וועמען וועט איבערקליגן.

און אַז מען לאָזט אונדז אַ געוויסע צײַט אָפּכאַפּן דעם אָטעם, ווערט אין געטאָ אַ שטיקל „וווילשטאַנד״. טוען אַ גלאַנץ אונדזערע פרויען מיט זײער קולינאַרישער פאַנטאַזיע: מען מאַכט „געהאַקטע הערינג״ פון קרויטבלעטער, „לעבער־פּאַשטעט״ — פון אַרבעס, „צימעס״ — פון צוקעררייבן. מען קליגלט זיך צו שטעלן „טשאָלנט״ אויף פערדנפלייש און ביינער. אײנע גיט איבער דער צווייטער די נײַסטע קולינאַרישע רעצעפּטן...

אָפּט דערלויבן ניט די דײַטשן לחלוטין עפּעס דורכצוטראָגן דורכן טויער. איז אײנעם געראָטן פאַרן אויסקומעניש אויפגעקומען אין געטאָ אַ נײַע „פּראָפעסיע״ — אַ גאַנצער שיכט פון הענדלער בײַם צוים. אין דער אומ־גאַנגשפּראַך האָט מען זײ אָנגערופן — „צוימניקעס״. איבערקליגנדיק אָדער אויך „אונטערשמירנדיק״ די וואַכפּאָסטנס, שמוגלען זײ אַרײַן זעק מיט מעל און קאַרטאָפל, קרויט און בורעקעס, זײַטלעך פלייש און שטיקער פעטס. דאָס אַלץ שטעלן צו שוואַרצהענדלער פון „יענער זײַט״. מען פאַרגיטיקט זײער טירחה מיט בגדים, ווערטזאַכן, וואָס דרייסטע יידן האָבן געהאַט אויס־באַהאַלטן בעת די רעקוויזיציעס. דער האַנדל גייט צו מאָל אַרײַן אין אַזאַרט. ווי אָפּטוענדיק די דײַטשן אַ צולהכעיסדיק שמדשטיקל, האָבן חברהלײַט אַרײַנגעשמוגלט דורכן צוים אַ לעבעדיק קאַלב — צו קוילען אויף כשר פאַר פרומע ייִדן...

ניט אײנעם פון די „צוימניקעס״ האָט אַ קויל פאַרשניטן בעת דער „אַרבעט״. ניט אײנעם האָבן די וואַכלײַט „גענומען״ אַ לעבעדיקן און, פאַר־שטייט זיך, האָט אים די געסטאַפּאָ פאַרפײַניקט. אָבער דאָס האָט ניט אָפּגע־שראָקן אַנדערע צו מאַכן קאָפּברעכערישע שריט, וואָס האָבן אַרײַנגעבראַכט שפּײַז אין געטאָ. ניט אומזיסט האָט עמעצער אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז

מען וואָלט געדאַרפט שטעלן אַ דענקמאָל דעם „צוימניק", וואָס האָט צו־מיינסטן ריזיקירט אין אונדזער פאַרביסענעם געראַנגל מיטן הונגער־געשפּענסט.

## אַ פּאַציִענט פון געסטאַפּאָ

איך ווייס עס כמעט ווי פון ערשטן מקור.

מען האָט דעם פאָרזיצער פון אונדזער „געטאָ־געמיינדע", דעם זייער אָנגעזעענעם דאָקטער ע. אַרויסגערופן אין געסטאַפּאָ צו אַ פּאַציִענט.

דער דאָקטער, ווי דער „יודן־פאָרשטייער", האָט געהאַט די דערלויבעניש „פרײַ" אַרויסצוגיין פון געטאָ און אָן אַ וואָך זיך צו באַוועגן אין שטאָט. (פאַרשטייט זיך, ניט, חלילה, גיין אויפן טראָטואַר, נאָר אין רינשטאָק און מיט די קענטלעכע געלע לאַטעס אויף דער ברוסט און רוקן.) געקומען אין דעם שיינעם אַנשטאַלט, האָט ער זיך פאָרגעשטעלט דעם דיזשורנעם און געזאָגט, אַז מען האָט אים אײַנגעלאַדן אַהער צו.

איז יענער געוואָרן מלא־חמה:

— דו האָסט פאַרגעסן, לויז־יודע, אַז יודן ווערן ניט אײַנגעלאַדן? דיר איז באַפוילן געוואָרן צו קומען!

— אַנטשולדיקט, — האָט זיך פאַרענטפערט דער גראַהאַריקער דאָקטער, — דאָס האָט זיך בײַ מיר אַרויסגעכאַפּט אויס געוווינהייט. כ'בין אַ דאָקטער און איבער פערציק יאָר ווער איך אַרויסגערופן צו מענטשן...

ווען ער איז געזעסן בײַם „פּאַציִענט" אין קאַבינעט (יאָ, דאָס מאָל האָט אַ דײַטש אים פאַרגעשלאָגן זיך זעצן), האָט דער געסטאַפּאָוועץ נײַגעריק־פאַרשעריש אַ פרעג געטאָן:

— ווי ועסטו, אייגנטלעך, היילן אַ דײַטש?

— אין דעם מאָמענט בין איך אַ דאָקטער און איר — אַ פּאַציִענט.

לויטן צעגאָסענעם שמייכל אויף זײַן פולבלעכן פּנים איז געווען קענטיק, אַז דער געסטאַפּאָוועץ איז צופרידן פון ענטפער. נאָר כּדי צו זײַן זיכער, אַז דער דאָקטער וועט טאַקע אָנווענדן אַלע זײַנע קענטעניש, האָט ער געוואָרנט:

— צוואַנציק פון דײַנע יודן וועל איך לאָזן קאַסטרירן, אויב וועסט מיך ניט אויסהיילן פון דער מענער־שוואַכקייט. דיך וועל איך לאָזן צו רו. פאַר דיר איז עס שוין ניט אַקטועל. און איצט, ווײַז וואָס דו קענסט...

## „אַליינשטייענדיקע"

אין „אַקציעס" און פאַרשלעפּונגען פאַרלירן אַלע לייבלעך־אייגענע, זענען זיי געבליבן עלנט ווי די שטיינער. קיינער נעמט זיך ניט אָן זייער קריוודע, קיינעם גייען זיי בכלל ניט אָן, זיי, די „אַליינשטייענדיקע", ווי מען האָט זיי גערופן אין געטאָ. מען טרייבט זיי צו די שווערסטע אַרבעטן, מען פאַרשיקט זיי אויף צוואַנגאַרבעט אויסער דער געטאָ, מען פאַרשלעפּט זיי אויף וואַנדער, וואַגל און אומקום. די האַרבע וואָר האָט געבוירן אַ נייעם חסד־באַגריף ביי דער יידישער געטאָ־אַדמיניסטראַציע: ניט צערייסן משפחות. האָט צו מאָל אַ שטיקל פּריווילעגיע צו בלייבן אויף אַן אָרט דווקא דער, וועמען דער גורל האָט אַ ביסל געשאַנעוועט — איבערגעלאָזט אַ נאָענטן מענטשן, אַ ווייב, אַ קינד. אָבער די „אַליינשטייענדיקע" — זיי זענען הפקר. קומט אָן אויפפאָדערונג צוצושטעלן מענטשן אויף אַרבעט „אַוסווערטס", ס'הייסט, ערגעץ וויט פון דער געטאָ, שטוקעוועט מען צונויף דעם געפאָ־דערטן קאָנטיגענט בעיקר פון צווישן די „אַליינשטייענדיקע".

מען האָט איין מאָל געטריבן אַ שטאַרק באַוואַכטע גרופּע פון צונויפגע־כאַפּטע „אַליינשטייענדיקע". אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, פאַרחושכטע און פאַרצווייפלטע, מיט דער בעטלער־טאָרבע איבערן אַקסל אָדער דעם וואַנדער־זאַק אויפן רוקן, פּירט מען זיי אַרויס פון געטאָ. טאַקע ערגעץ אויף אַרבעט? אָדער... שווער געווען אָנצוקוקן די, וואָס זייער עלנטקייט האָט זיי אָפּגע־מישפּט. איך קאָן אויך ניט פאַרגעסן דעם אויסרוף, וואָס האָט זיך דערהערט פון צווישן די געטריבענע:

— יידן, פאַר וואָס קומט עס אונדז? ווייל מיר זענען געבליבן „אַליינ־שטייענדיקע"? ווייל מיר זענען די לעצטע פון אונדזערע משפּחות? דאַרף מען אויך אונדז אומברענגען?

צו וועמען האָט זיך געריסן די טענה? צום זינדיקן מענטש אויף דער זינדיקער ערד? צום גערעכטן גאָט, וואָס האָט זיך פאַרקליבן הויך־הויך אין די הימלען און וויל פון אונדז ניט וויסן?

## דאָס רעכט צו באַפעלן

מיר האָבן זיך דערוואָרט אויפן סוף פונעם אַרבעטסטאָג און, אַ ביסל אויפגעלעבטע, גענומען זיך זאַמלען צום אָפּמאַרש „אַהיים" — אין געטאָ.

— צר־פיר אויסשטעלן זיך!

ניין, ס'איז ניט געווען די געוויינטלעכע קאָמאַנדע פונעם וואַכמאַן. דאָס

מאָל האָט הילכיק, מיט אַן עכטן מיליטערישן קנאַק אין דער שטים אויס־גערופן אונדזער ליבלינג — דאָס פריילעכע בחורל, וואָס איז שטענדיק געגאַנגען אין דער ערשטער ריי פון דער קאָלאָנע. גערן האָבן מיר גענומען אויספילן זײַן קאָמאַנדע. נאָר דאָ האָט זיך דערהערט אַ געשריי אין דײַטש:

— ווער האָט געוואַגט צו באַפעלן? ווער, פרעג איך?!

ס׳איז געווען אונדזער קאָנוואָיר.

— דו, דו, דו! — האָט ער, אַ צעקאָכטער, גענומען טײַטלען מיטן פינגער אויף וועמען ס׳איז אים אײַנגעפאַלן. — דרײַ טריט פאָרויס, מאַרש!

— און אַראָפּגענומען דעם קאַראַבין פון דער פלייצע.

דאָס האָט מיט קיין גוטס ניט געשמעקט.

— הער פאָסטן, — איז אַרויסגעטראָטן אונדזער קונדס, אויסגעצויגן זיך מיליטעריש, די הענט צוגעדריקט צו די זײַטן: — איך!

אַ שאָס האָט געטאָן אַ קנאַל. אַ בלוי־גרין וואָלקנדל, שמאָל און בייגעוודיק ווי אַ שלאַנג, איז געבליבן שוועבן אין דער לופט. די קויל האָט געטראָפן פינקטלעך און ס׳איז ניט געוואָרן אונדזער ליבלינג — דאָס פריילעכע בחורל, וואָס פלעגט שטענדיק מאַרשירן אין דער ערשטער ריי פון דער קאָלאָנע.

דער מערדער האָט נאָך אַלץ געבושעוועט:

— ווער האָט אים געגעבן דאָס רעכט? נאָר מיר, דײַטשן, האָבן רעכט צו הערשן און צו באַפעלן. פאָלגן דאַרף מען נאָר מײַן קאָמאַנדע: צו פיר אויסשטעלן זיך!

## „אַרויסטרײַבן די ייִדישע פאָרכט"

באַגינען, אויפן פלאַץ לעבן געטאָ־טויער, פון וואַנען מען נעמט אונדז צו דער צוואַנגאַרבעט, לעבן מיר איבער אמתן טויטשרעק, ווען ס׳לאָזן זיך אַראָפּ די צעיושעטע יונגעץ פון דער „וואַפּפען־עסעס" און נעמען כאַפּן ייִדן פאַר זייער „אײַנהײַט". מיר ווייסן, אַז שווער קומט דאָרטן אויס צו האָרעווען — אויסלאָדן לאַסטאויטאָס און טראָגן אויף הויכע שטאָקן זעק מיט פּראָוויאַנט, קאָסטנס ביר און אַמוניציע. דערצו נאָך — אַזעלכע ווילדע שיקאַנעס! זיי שטייען מיט קאַנטשיקעס, די עסעסיונגען, און ווי איז צום ייִדן, וואָס זעט ניט אויס אָדער באַוועגט זיך ניט לויט זייער געשמאַק. דערצו אָרדענען די דײַטשן דאָ אָפט אײַן „קאַרנאַוואַלן" — ייִדן מוזן אָנטאָן קליידלעך, אויסטאָן זיך ביז העלפט און אָנטאָן ווײַבערשע ליפטשיקעס צי גאָר צילינדערס, און אַזוי „קאָסטיומירט", אַרבעטן. אַ שיכורן עסעסניק האָט זיך אַ מאָל פאַרוואָלט

רײַטן דווקא איבערן קאָרידאָר פונעם צווייטן שטאָק פון דער געבײַדע. האָט ער געצוווּנגען די ייִדן אַרויפצוטרײַבן אַ פערד איבער די טרעפּ. הײַנט, דערנאָך דאָס אַראָפּטרײַבן! דאָס פערד האָט בשום אופן ניט געוואָלט אַראָפּ. זענען ווידער די ייִדן שולדיק. צעשמײַסן זיך קאַנטשיקעס איבער זייערע קעפּ און רוקנס...

אָן אַן ערך סכּנותפולער זענען דאָ געווען די פּראָצעדורן פון „אַרויס־טרײַבן די ייִדישע פּאַרכט״... אויפן קאָפּ פון אַ ייִדן פלעגן די עסעסניקעס אַרויפשטעלן אַ קאָנסערוון־פּושקע אָדער אַ ליידיקע ווײַנפלאַש און שיסן אין זיי פון פּיסטאָלעטן און קאַראַבינער. אויך האָט מען דאָ צוגעשפּאַרט אַ ייִדן צו דער וואַנט, געהייסן פונאַנדערשפּרייטן די הענט, און די דײַטשן האָבן געשאָסן אַרום אים אַזוי לאַנג, ביז די קוילן האָבן אויסגעדלובעט אינעם טינק זײַן קאָנטור. מען האָט אויך אָװעקגעשטעלט אַ ייִד אין „פּראָפיל״, אַרײַנ־געשטעקט אים אַ ציגאַרעט אין מויל און געצילט אין ציגאַרעט. זיי זענען געווען גוטע שיסערס, די פּראָצים פון עסעס, און די ייִדן זענען אָפּגעקומען מיט שרעק. ס׳האָט געהייסן, אַז פון די יעניקע וואָס האָבן דורכגעמאַכט די „פּראָצעדור״, איז אַרויסגעטריבן געוואָרן די ייִדישע פּאַרכט...

איין מאָל, אין מיטן אַזאַ שיסן האָט אַן עסעסניק זיך פאַרהאַלטן און אַרויס מיט אַ קשיא צו זײַנע קאַמראַדן:

— אַרויסטרײַבן פון די ייִדן זייער ייִדישע פּאַרכט, זייער אַנגסט? צו וואָס דאַרפן מיר עס? נייטיקן מיר זיך דען אין דרייסטע ייִדן?

האָבן זיי טאַקע אויפגעהערט מיטן אַרויסטרײַבן די „ייִדישע פּחדנות״... אויף ווי לאַנג אויפגעהערט? אָבער דערוויַילע האָט די כאַפּעניש אויף אַרבעט בײַ דער „וואַפּפען־עסעס״ אויפגעהערט אָנצוואַרפן אַזאַ מורא.

## מײַגלעקלעך

אַ ייִנגל מיט אַ לענגלעך אויסגעצערט פּנים, מיט לאַנגע אַראָפּגעלאָזטע וויִעס און אַ הויכן בלאַסן שטערן איז געזעסן און געצייכנט. פּאַמעלעך האָט זיך באַוועגט זײַן האַנט, און די אויגן זענען נאָכגעגאַנגען די באַוועגונגען פון די פאַרביקע בלײַערס, וואָס האָבן געמאָלט אויפן פּאַפּיר אַ צוים פון שטעכלדראָט און בלומען לענג־אויס דעם צוים. די בלומען, אומנאַטירלעך גרויסע, האָבן זיך געצויגן אויף אַרויף, געוואָלט אַריבערוואַקסן די דראָטן, די סלופּעס.

ס׳האָט זיך פּלוצעם אָן עפן געטאָן די טיר. דאָס ייִנגל האָט אויפגעצאַפּלט.

האָסטיק פֿאַרדעקט דאָס געמעלעכץ און שאַרף זיך אַ קער געטאָן צום אַרײַנ־גאַנג. זײַנע אויגן, גרויסע, טונקעלע, האָבן איצט געפֿינקלט ווי רײַפֿע פֿלוימען, ווען די שקיעה טוקט זיך אין זיי. געוווען אַרײַן איז דער פֿאָטער. ער איז צו צום זון, אים אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ:

— באַהאַלטסט עפּעס?

— ס׳איז גאָרניט, — האָט דאָס ייִנגל זיך פֿאַרענטפֿערט. — מיר האָבן אויפֿן בוידעם געפֿונען די אַ בלײַערס, האָב איך געמאָלט... און זיך דער־שראָקן, טאָמער איז עס אַ פּרעמדער. — אַ פֿאַרשולדיקטער האָט ער אָפּגעג־דעקט די צייכענונג: — כ׳האָב געמאָלט מײַגלעקלעך.

דער פֿאָטער, אַן אײַנגעבויגענער איבער דער צייכענונג, אַ זייער ערנס־טער, האָט אַ שמייכל געטאָן:

— מײַגלעקלעך, זאָגסטו? פֿון ווען אָן זענען עס מײַגלעקלעך רויט?

דאָס ייִנגל האָט פֿאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און גענומען ווידער צודעקן די צייכענונג.

— מײַגלעקלעך זענען ווײַס, — האָט דער פֿאָטער דערקלערט זײַן אַכט־יאָריקן זון, וואָס האָט הינטערן געטאָצום שוין לאַנג קיין בלימל ניט געזען, און באַלד זיך פֿאַרכאַפּט: — און אפֿשר ביסטו גאָר גערעכט. בלוט־רויט זענען די בלומען פֿון לעבן. איבער די צוימען, העכער פֿון די צוימען בליט און ס׳גליט דער מײַ... געוויס קאָן אַזוינס געמאָלט זײַן...

**דאָס געוויין פֿון די ניט־געבוירענע**

האָט איר ווען געהערט וויינען ניט־געבוירענע קינדער? אויב ניט, זאָלט איר דערפֿון אָפּגעהיט ווערן! איך האָב, לײדער, יאָ געהערט.

כ׳האָב געהערט דאָס געוויין פֿון ניט־געבוירענע קינדער, און ביז איצט הילכט עס אין מײַנע אויערן. ס׳איז שרעקלעך. מען קאָן פֿון זינען אַראָפּ.

...אויף דער גאַס אין געטאָ האָט דער שאַרפֿירער שטיץ, דער ממונה פֿון געסטאַפּאָ אויף דער געטאָ, דערזען אונדזערע אַ שכנה, וואָס איז געווען שוואַנגער. ער האָט זי אָפּגעשטעלט, פֿאַרשריבן איר שקלאַפֿן־נומער און אַדרעס. כּדי נאָך זיכערער צו זײַן, פֿאַרשריבן אויך איר פֿאַמיליע־נאָמען און אָנגעזאָגט, אַז דאָס קינד וואָס וועט געבוירן ווערן, זאָל מען ברענגען צו אים אין אַנשטאַלט.

— דאָס... דאָס איז דאָך נאָך פֿון פֿריִער... פֿון פֿאַר דער געטאָ, אַן ערשטלינג, — האָט דערשראָקן געפּרעפּלט די צוקונפֿטיקע מוטער.

דער געסטאַפּיסט האָט אַרײַנגעלייגט זײַן נאָטיצביכל אין קעשענע און שאַדנפרײדיק געוואָרנט:

— אַ לעבעדיקס ברענגען, אַ צאַפּלדיקס! פאַרשטאַנען? אין קעגנפאַל ביסטו מיט דײַן הער געמאַהל — קאַפּוט!

אַ גאַנצע נאַכט נאָך דעם האָט אונדזער שכנה געוויינט. איר געוויין איז צולעצט זיך פאַרגאַנגען אין אַ שטילער, אומענדלעך צעצויגענער, אייג־טאָניקער יללה. ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס קלאָגט, באַקלאָגט זיך אַליין דאָס נפשל, וואָס איז אַ ניט־געבוירנס פאַרמישפּט אומצוקומען. ס'האָט געמאָנט, געפאָדערט זײַן רעכט...

אונדזער אָרעמע, אומגליקלעכע שכנה איז געווען דער ערשטער קרבן. דעם זעלבן טאָג האָט מען עפנטלעך אַלעמען מודיע געווען, אַז אין געטאָ איז פאַרבאָטן צו געבוירן קינדער. ווער עס וועט געבוירן, ווערט געטייט...

דאָקטוירים, געזעלשאַפטלעכע טוערס, פּענמענטשן האָבן זיך באַראָטן ווי צו באַגעגענען די דאָזיקע מוראדיקע גזרה. די מיינונגען זענען געווען פאַרשיידן. געקומען איז מען אָבער צום אויספיר: ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך, העלפן געהיים די פרויען, וועלכע ס'דראָט די סכנה צו ווערן מוטערס, ס'הייסט, איבעררײַסן זייער שוואַנגערשאַפט.

איין מענטש איז געווען קאַטעגאָריש קעגן. דער באַוווסטער אַדוואָקאַט און רעכט־פּראָפעסאָר פון קאָוונער אוניווערסיטעט ס.ב. האָט נעמענדיק אַ וואָרט אין דער דיסקוסיע, אויפגעהויבן זײַן האַנט און קאַטעגאָריש דער־קלערט:

— ווי אַ יוריסט, וואָרן איך — אַבאָרט איז מאָרד!

איבערחזרנדיק עטלעכע מאָל די דאָזיקע אַלט־באַקאַנטע פאָרמולירונג, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט. ווילד האָבן געגלאַנצט זײַנע אויגן... אָרעמער פּראָפעסאָר! פון איבערלעבעניש און הונגער איז ער געוואָרן צעמישט. אויף די פליגלען פון קראַנקן דימיון האָט ער זיך, מסתּמה, אַוועקגעטראָגן צום פּולט אין געריכטזאַל צי אוניווערסיטעט־אוידיטאָריע.

כ'האָב אים געזען, געהערט ווי ער האָט אויסגעדריקט זײַן שטאַנדפּונקט. און ס'איז מיר אויסגעקומען, אַז אין זײַנע ווערטער מישט זיך אַרײַן דאָס געיאָמער פון אונדזער שכנהס ניט־געבוירן קינד. עס האָט געפאָדערט זײַן נאַטירלעך רעכט געבוירן צו ווערן און לעבן.

ניין, ניין, מיר האָט זיך עס ניט אויסגעדאַכט. איך האָב דאָך אויף דער וואָר געהערט דאָס געוויין פון אַ ניט־געבוירן עופעלע... אַ דאָקטער האָט אַרויסגערופן בײַ אונדזער שכנה אַ פריגעבורט. און ווי אויף צו להכעיס,

אַקעגן די געזעצן פון דער נאַטור, האָט דאָס פינף־זעקסחדשימדיקע נפשל געאָטעמט, געלעבט. אַ גאַנצע נאַכט האָט עס געפּישטשעט, עפּעס געבעטן...
די מוטער האָט ליגנדיק אַ פאַרחלשטע, שטיל געטענהט:
— גיט עס ניט אָפּ. וואַרט אָפּ. גיט עס ניט אָפּ, כּל־זמן עס לעבט. זאָל עס נאָך אַ ביסל לעבן...
ס'האָט געלעבט ביז באַגינען.
דאָס מאָל איז פונעם הענקער צוגענומען געוואָרן די הנאה פון אומברענגען אַ לעבעדיק, אַ צאַפּלדיק ייִדיש קינד.

## בעת איינער אַ נסיעה

שטעלט זיך פאָר, איר זענט אַ שקלאַף, איר געפינט זיך באַגינען אויפן שקלאַפנמאַרק און וואַרט, די האַרן זאָלן קומען נעמען אײַך צו דער קאַטאָרגע־אַרבעט. געוויינטלעך ווייסט איר פון פריִער, ווו איר זענט באַשטימט צו אַרבעטן, און איר שליסט זיך אָן צו דער געהעריקער בריגאַדע. נאָר דאָ טוט מען אײַך מיט כּוח אַ שלעפּ אַרויס פון דער ריי און מיט אַ שטויס, מיט אַ זעץ אין דער זײַט צווינגט מען אײַך ערגעץ גיין. איר קוקט פאַרלוירן זיך אַרום, בעט מיטן בליק הילף בײַ די וואָס בלײַבן אויף אָן אָרט. יענע באַגלייטן אײַך מיט אַ צעשראָקענעם און הילפלאָזן באַדויער, ווי איינער זאָגט: וואָס קאָנען מיר דיר העלפן? איר מאָלט זיך אויס אין די געדאַנקען דעם סוף פון אײַער בידנעם לעבן אויף דער ערד, נעמט טראַכטן וועגן אײַערע לײַבלעך־אייגענע, וועגן ווײַב און קינד, וואָס אָן אַ זײַ־געזונט לאָזט איר זיי איבער אויף גאָטס באַראָט — אין געטאָ, הינטערן שטעכלדראָט...
די איינציקע שוואַכע טרייסט איז דאָס מאָל דער דײַטשישער אונטער־אָפיציר, וואָס איז זיך מתעסק מיטן צונויפכאַפּן די ייִדן — אַ קליין מענטשל מיט גראָבע ליפּן און גרויסע אַרויסשטאַרטשנדיקע אייבערשטע ציין, פּרוּווט אײַך באַרויִקן:
— האָט ניט קיין אַנגסט, דומע יודן. איר פאָרט אַרבעטן. און לויט אײַער ספּעציאַליטעט — אַרבעטן. אין אַ וואָך אַרום קומט איר צוריק.
מיר — דאָס זענען די צונויפגעכאַפּטע פינף בוי־אינזשענערן און פינף „הילפס־אַרבעטער".
דער קליינער לאַסטאויטאָ מיט דער ברעזענטענער בויד וווהין מען האָט אונדז אַרײַנגעשטויסן, הוידעט איבערן צעפּאָרענעם ברוק פון די פאָר־שטאָט־געסלעך. בײַ דער אָפענער זײַט פון דער בויד זיצן צוויי וואַכלײַט מיט

ביקסן אויף די קני. זייערע פּנימער זענען געוועגד'ט צו אונדז. מיר קוקן אָנגעשטרענגט אויף זיי, דער עיקר אָבער — פאַרביי זיי.

איינס מערקן מיר תּיכּף: מען פירט אונדז באמת ניט אין דער ריכטונג פון נײַנטן פאָרט — דאָס עקזעקוציע־אָרט פון קאָוונער ייִדן. פאָרן מיר טאָקע אַרבעטן? וווהין?

מיר זעען, אַז דער אויטאָ לאָזט הינטער זיך די שטאָט און טראָגט זיך געשווינד איבערן אַספאַלט פון אַ שאָסיי. עס אַנטלויפן פון אונדז אַ קילאָ־מעטער נאָך אַ קילאָמעטער. עס אַנטלויפן טעלעפאָן־סלופּעס, סאָסנע־וועלד־לעך, דערפלעך. מיר דערווײַטערן זיך אַלץ מער און מער פון געטאָ, פון אונדזערע אייגענע, פון די לעצטע ייִדן אויף דער ליטווישער ערד. וווהין, וווהין?

מיר זיצן און שווײַגן. טאָרן איינער מיט צווייטן ניט רעדן, טאָרן זיך פון אָרט ניט רירן. גראָבט זיך איטלעכער אין זײַנע אייגענע ביטערע מחשבות און ווערט פון זיי ווי געפּענטעט.

פּלוצעם פאַרטאָרמאָזירט די מאַשין מיט אַ שטאַרקן גרילץ. דאָס אונטער־אָפיצירל וואָס איז געפאָרן אין דער קאַבינע, איז באַלד בײַ דער אָפענער זײַט פון דער בויד, לאָזט אַראָפּ דעם באָרט און הייסט אַלעמען אַרויסקריכן.

פאַר אונדזערע אויגן — אַ קליינשטעטלשע גאַס, צעוואָרפענע שטיבלעך, אײַנגעטונקענע אין גרינס. אין עק גאַס — אַ גרויסער דרײַשטאָקיקער מויער פון טונקל־רויטע ציגל, אַרומגעצוימט מיט אַן אײַזערנעם שטאַכעטן־פּאַרקן.

בקיצור, מען האָט אונדז באמת געבראַכט אַרבעטן: אויסמעסטן די אויסגעליידיקטע געבײַדע און אָנצייכענען אַן עסקיז פון איר איצטיקן מצב. די אַלטע פּלענער זענען פאַרפאַלן געוואָרן, און די דײַטשן האָבן בדעה איבערצובויען דעם מויער צו עפּעס אַ נײַעם צוועק. מיר דערוויסן זיך באַלד, אַז דאָס איז דאָס באַוווסטע אין ליטע קאַלוואַריער משוגעים־הויז, וואָס איז דורך די דײַטשן „אָפּגערייניקט" געוואָרן פון די חלאָים... מען האָט זיי פּשוט געשאָסן, אומגעבראַכט אין איין טאָג מיט די שטעטלשע ייִדן.

אונדזער אונטעראָפיצירל וויל, מיר זאָלן האַסטיק פאַרענדיקן די אַרבעט, כּדי ער זאָל קאָנען וואָס גיכער אומקערן זיך קיין קאָוונע צו זײַן ליבכען. ער וויל אויך מיר זאָלן זען, אַז ניט בלויז ער האָט אויף אונדז די פולע דעה, נאָר איז בכלל אַ כּל־יכול. גיט ער אונדז פון העלער הויט „פרײַהייט" — באַפוילט צו גיין איבער די טראָטואַרן און נאָר איבער זיי, ווײַל קיין דײַטשן זענען אין שטעטל ניטאָ, די וואַכלײַט האָט ער צוריקגעשיקט מיט דער מאַשין, און די „ליטווישע שווײַנע" מעג אָנשטיין זיך צו באַנוצן מיט די טראָטואַרן,

וועלכע עס באַטרעטן ייִדן. ער ברעכט ווי בכּיוון אויך אַנדערע, פאַר אונדז גילטיקע פאַרבאָטן: פּירט אונדז אַוועק אין דער שטעטלשער באָד, פירט יעדן איבערטאָג זיך ראַזירן אין דער שטעטלשער שערערײַ...

מיר גייען ווידער ווי מענטשן איבערן טראָטואַר. ליידיק זענען די גאַסלעך פונעם ייִדישן שטעטל. ניטאָ די אײַנוווינער! אַ סך שטיבער זענען אויך בײַ טאָג מיט פאַרמאַכטע לאָדנס. זעלטן ווען מיר באַגעגענען אַ פאַרבײַגייער. ער קוקט אונדז דעמאָלט אָן מיט גרויס חידוש און אַפילו דערשרעקט. איינע אַן אַלטע ליטווינערין האָט דערזעענדיק אונדז, גענומען אָפּטרעטן אויף צוריק, זיך איבערגעצלמט און אויסגערופן:

— אָ, יעזוס־מאַריאַ, זשידײַ! (ייִדן).

מיר פאַרשטייען אַלעמענס שטוינונג. דאָס שטעטל, די גאַנצע געגנט זענען שוין איבער אַ יאָר „ייִדנריין"...

און איצט, נאָך דער פאַרצויגענער הקדמה קום איך צום עיקר, וואָס איך בין אויסן געוועזן צו דערציילן.

איין פרימאָרגן גייען מיר אַזוי אַלע צען ייִדן פון דער שערערײַ, גייען צעוואָרפן איבערן טראָטואַר, באַגלייט פון דעם גלײַכגילטיק זיך נאָכשלעפנ־דיקן אונטעראָפיציר. מיר דערזעען שטיין אויפן זעלבן טראָטואַר אַ ניין אָדער צען יאָריק אָפּגעריסן מיידעלע, אַנגעשפּאַרט אין דער וואַנט פון אַ הילצערן שטיבל. דאָס מיידעלע לאָזט פון אונדז דעם בליק ניט אַראָפּ. מיר באַטראַכטן איר טונקלהויטיק פּנימל, די שוואַרצע אויגן און קוטשעראַווע שוואַרצע הערלעך, דאָס שמאָלע, „טיפּישע" אָדלער־נעזל... וואָס איז דאָ נאָך פאַראַן צו צווייפלען — ס'איז אַ ייִדיש קינד, אפשר דאָס איינציקע לעבנ־געבליבענע נפשל פון אַ גאַנצער עדה. אַ גוטהאַרציקע און דרייסטע ליטווישע משפּחה האָט עס, מסתּמא, צוגעטוליעט...

מיר בלײַבן אַ רגע שטיין, די אויגן אַרײַנגעלאָזט אינעם קינד. מיר האָבן צווישן זיך גערעדט ייִדיש. איצט זענען מיר אַלע ווי שטום געוואָרן. אָט־אָט און אַלע צען פאַלן מיר צו צום מיידעלע פרעגן, ווער זי איז.

דערפילט אונדזערע פאַרשעריש־אַנגעשפּאַנטע בליקן, נעמט דאָס מיי־דעלע זיך אײַנשרומפּן. אירע ליפּן ציטערן און טרערן נעמען רינען איבער אירע באַקן. איינער פון אונדז האַלט זיך ניט אײַן, דערנענטערט זיך צו איר, נעמט איר עפּעס זאָגן שטיל־שטיל אין ייִדיש, נאָר אַלע האַלטן מיר אים אָפּ, ציִען אים אָפּ אויף צוריק: ניט שטעלן דאָס קינד אין סכּנה! ניט האָבן קיין צוטרוי אַפילו צו אַ „גוטן" דײַטש!

פאַמעלעך טרעטן מיר אָפּ פונעם וויינענדיקן מיידעלע. אויך מיר וואָלטן

גרײַלעך זיך צעווײנט, צעיאָמערט... נאָר מיר שפּרײַזן אַוועק, ניט אומקוקנדיק זיך אויף צוריק...

און ווידער אַ פּונק נחמה: דאָס מײדעלע וועט אפשר בלײַבן לעבן. היטלערן אויף צו להכעיס!

## אַ שטיקל בלויער הימל

איך האַלט אין האַנט אַ בלוי בלעטל פּאַפּיר. אויף אים איז אָפּגעדרוקט אין ליטוויש אַן אײבערקעפּל: „אַ טויט די דײַטשישע אָקופּאַנטן!" און ווײַטער... איך לײען און גלײב קוים די אײגענע אויגן. כ'לײען ווידער, לײען איבער דעם שוואַרץ אויף בלוי אָפּגעדרוקטן טעקסט. ס'איז די ערשטע פּראָקלאַמאַציע, דאָס ערשטע פלוגבלעטל, וואָס איז אַרײַנגעפאַלן צו אונדז הינטערן שטעכלדראָט. ס'איז דער ערשטער פרײַהײט־אַנזאָגער, וואָס האָט דערגרײכט צו אונדז.

— פון וואַנען? — פרעג איך מײַן ברודער.

דאָס האָט ער מיר אונטערגערוקט דאָס בלעטל און ווי געוואַרט אויף מײַן רעאַקציע.

— לײען, און שוין, — טוט ער אַ ווונק אויפן הימל און צעשמײכלט זיך.

איך אײַל זיך ניט, לײען אויף ס'נײַ אות בײַ אות, וואָרט בײַ וואָרט. כ'וויל ניט אויסטרינקען מיט אײן שלונג דעם דערפרישנדיקן און דער־מוטיקנדיקן עליקסיר.

דעם זײער שטאַרקן טעקסט שרײַבן אונטער... מיך כאַפּט אַרום אַ וואַ־רעמער ציטער, ווען כ'דערזע די נעמען פון באַקאַנטע און גוטע פרײַנד: סאַלאָמײע נעריס, גיראַ, צווירקאַ, ווענצלאַוואַ, שימקוס... ס'איז דער שטאָלץ, דאָס שײַנדל פון דער ליטווישער ליטעראַטור. זײ זענען מיט אונדז, זענען קעגן די נאַציס...

אַ צעטומלטער שטײ איך מיטן פלוגבלעטל אין האַנט. כ'פאַרגעס אויף אַ רגע, ווו מיר זענען. אין זכרון קומט אויף די חומש־מעשה וועגן דער טויב, וואָס האָט געבראַכט אַן אײלבירטבלעטל נחן און די אײַנוווינער פון זײַן תּיבה, וועלכע האָבן אַרומגעוואָגלט איבער די אַנסופיקע וואַסער־רחבותן. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז ערגעץ איז שוין פאַראַן יבשה, ס'גרינען דאָרטן בײמער, ס'קומט אַ סוף צום מבול...

ניט ווײניקער האָט פאַר אונדז באַטײַט דאָס פלוגבלעטל, וואָס אַ דרײס־טער יונג האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער איזאָלירטער פון דער וועלט געטאָשטײַג.

די „דעראָבערער פֿונעם אָסטראָום״ האָבן געהאַלטן אין איין פּאַסמאַ־קעווען זיך, שילדערנדיק מיט כּלערליי פּישטשעווקעס ווי אַזוי זיי האָבן פאַרהאַלטן די אַנגעזעענע ליטווישע שרײַבער, וואָס זענען געלאָפן פון די דײַטשן קיין מיזרח. און אָט איז דערגאַנגען צו אונדז זייערער אַ רוף, אַ גרוס פון דער „גרויסער״ ערד. צו אונדז אין דער געפאַנגענשאַפט שטרעקן אויס חברים און קאָלעגן אַ האַנט. זיי מונטערן, מוטיקן, רופן אַנטקעגנשטעלן זיך און קעמפן.

ניין, ניט קיין פּשוט פלוגבלעטל איז עס געווען. אַ שטיקל הימלבלוי האָט אַראָפּגענידערט אין אונדזער עמק־הבכא. אַפילו מיט זײַן פאַרב האָט עס דערמאָנט אין דער הימלשער בלויקייט, וואָס באַלעבט דעם גײַסט און וועקט דעם אומרו, צינדט דאָס בלוט און באַוועגט צום געראַנגל.

## איין שאָס

אָרעמער, עלנטער בונטאַר.

וועגן וואָס האָט ער געטראַכט? וואָס איז ער אויסן געווען? און אפשר האָט ער וועגן קיין זאַך ניט געטראַכט און איז קיין זאַך ניט אויסן געווען? בלויז ניט געקאָנט זיך מער צוימען, געשטרעבט עפּעס טאָן. „איין שאָס, כאָטש איין מאָל אויסשיסן!״

און אָט... ענדלעך איז ער באַוואָפנט!

שוין לאַנג ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן די פּאָליציי־שעה. נאָר ער קאָן ניט אײַנזיצן. ער האָט געוואר! ער האָט זיך עס אײַנגעשאַפט נאָך אַ לאַנגן משׂא־ומתּן מיט אַ ספּעקולאַנט, מיט וועלכן ער פלעגט זיך טרעפן אין שטאָט אויף דער אַרבעט און אײַנהאַנדלען בײַ אים שפּײַז. ער האָט אָפּגעגעבן דעם לעצטן ווערטפולן חפץ — אַ גאָלדענע קייט וואָס די מאַמע זײַנע, אײַנשטעלנדיק דאָס לעבן, האָט אויסגעהיט. ניט אויף ברויט און ניט אויף קאַרטאָפל, ווי די מאַמע האָט זיך פאָרגעשטעלט, האָט ער אויסגעביטן די משפּחה־רעליקוויע.

מיטן באַהאַלטענעם אונטערן העמד געוואר, וואָס האָט געברענט דאָס לײַב, געזעגט, אונטערגעהעצט, איז ער געקראָכן דורך די דראָטן און אַרויס אויף דער „פרײַער״ זײַט. איצט האָט ער דעם פּיסטאָלעט געהאַלטן גרייט אָפּצוזאָמען יעדע שטרויכלונג, וואָס וועט אים דעם וועג פאַרשטעלן.

דעם וועג האָט מען אים טאַקע באַלד פאַרשטעלט און ער האָט אויס־געשאָסן. צופעליק אויסגעשאָסן אין דעם, וועלכן ער וואָלט אפשר אַליין אויסגעקליבן צו שיסן, און... ניט געטראָפן.

אַן איינזאַמער שאָס האָט אַ הילך געטאָן און פאַרזונקען אין פינצטערן תּהום פון דער שפּעט־האַרבסטיקער, זייער כמאַרנער נאַכט. איין שרעקעוו־דיקער שאָס...

די געטאָ איז באַלד דורכגעלאָפן די ידיעה, אַז קריכנדיק דורכן צוים האָט עמעצער געשאָסן אין קאָמענדאַנט.

מיר האָבן נאָך גוט פאַרגעדענקט, ווי איין מאָל איז שוין אַוועקגעלאָזט געוואָרן אַן ענלעכער קלאַנג. קיינער האָט דעמאָלט ניט געשאָסן. דאָס איז געווען אַ פּשוטער בילבול. און אומגעבראַכט האָט מען „אַלס פאַרגיטיקונג" טויזנט געטאָ־ייִדן. וויפל מענטשלעכע קרבנות וועט קאָסטן אַן אמתער שאָס אין היטלערס אַ משרת? ווער וועט דאָס מאָל צאָלן מיט זײַן בלוט?

קיינער איז אין דער דאָזיקער נאַכט ניט געשלאָפן. ניט געקוקט אויפן פאַרבאָט אַרומצוגיין, האָט באַלד פון שטוב צו שטוב זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז דער אָנפאַלער איז פאַרהאַלטן. מען האָט אַפילו געוווּסט ווער דאָס איז, ווי ער הייסט, וואָס ער טוט, ווו ער האָט געוווינט ביז דער מלחמה.

וואָס וועט זײַן? מען האָט דאָך אויף אַן אמתן געשאָסן!

לאַנג איז ניט אויסגעקומען צו וואַרטן. די דײַטשן האָבן צונויפגענומען צוואַנציק ייִדן. געסטאַפּאָ האָט אַרויסגעפאָדערט „צו זיך" די ייִדישע געטאָ־אָנפירערשאַפט...

דערווײַלע האָט מען אויפן פּלאַץ אין צענטער געטאָ אויפגעשטעלט אַ תּליה.

כמאַרעס, כמאַרעס איבער דער וועלט. די זון איז גאָר ניט אויפגעגאַנגען. ווי ס'וואָלט קיין טאָג ניט געווען. בלויז איין לאַנגער, קאַלטער, אַשקאַליריקער פאַרנאַכט און אַ תּליה.

פּאָליציייִשע רײַטער און פוסגייער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צונויפצו־טרײַבן געטאָ־ייִדן, זיי זאָלן זען ווי ס'ווערט באַשטראָפט אַזאַ איינער, וואָס דערוועגט זיך... ניט קיין סך צונויפגעטריבן. אפשר מורא האָבנדיק פאַר אַ צו גרויסן עולם, האָבן די היטלעריסטן זיך באַנוגנט מיט אַ הײַפל פרויען און עלטערע לײַט, וועלכע האָבן עס געדאַרפט אַראָפנעמען דעם מוסר־השׂכּל.

אַ קוים לעבעדיקע, אַן אײַנגעקוטעטע אין אַ טוך, האָט מען ממש צוגע־שלעפּט צו דער תּליה די מוטער פונעם פאַרזינדיקטן. דערנאָך האָט זיך דער־הערט אַ הויך, גרילציק געשריי. צו דער תּליה איז אַליין געלאָפן די שוועס־טער פונעם שיסער — אין אַ צעשפּיליעט קאָפּטל, מיט לאַנגע, ווילד־צעשוי־בערטע האָר. מער קיין קרובים זענען ניט געווען, האָט מען איצט אַ שטאַרק באַוואַכטן געפירט צו דער עקדה דעם שולדיקן גופא. די הענט פאַרבונדן

אויף הינטן, איז ער געגאַנגען פּאַמעלעך, ווי אײַנזינקענדיק אין דער ערד בײַ יעדן טראָט. שווער אַרויפגעקליבן זיך אויפן בענקל אונטער דער תּליה, האָט ער פּלוצעם אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ און ווי אויף עפּעס זיך אַנטשליסנ־דיק, געטאָן אים אַ קער אויף לינקס, אויף רעכטס. און אַז מען האָט אויף אים דעם שלייף אַרויפגעוואָרפן, האָט ער אויסגעצויגן זײַן האַלדז און אַרויס־געכריפּעט:

— ייִדן, זײַט מוחל!

שלימזלדיקער, עלנטער בונטאַר! פאַר וואָס האָט ער געבעטן מחילה? פאַר דעם וואָס ער האָט ניט געטראָפן? פאַר דעם וואָס אים איז ניט געראָטן צו אַנטלויפן פון געטאָ? פאַר דער קאַטאַסטראָפולער נאַכט און פאַרן סם־המוותדיקן טאָג, וואָס זײַן שאָס האָט פאַרשאַפט די מענטשן הינטערן שטעכל־דראָט? פאַרן צווינגען זײַנע לײַדנס־ברידער צו קוקן אין די אויגן פונעם טויט, וואָס האָט ווי אַ שוואַרץ געשפּענסט אַראָפּגענידערט אויף דער תּליה? און אפשר האָט ער געבעטן מוחל זײַן אים פאַר די קרבנות, וואָס זײַן איינ־ציקער שאָס וועט קאָסטן?

מיטן שכל האָבן מיר אים פאַראורטיילט אָבער אין האַרץ — מוחל געווען.

## דער רויך פון קוימענס

די פּראַסטיקע, פאַרנאַכטלעך־בלויע, ווײַניק־שאַרפע לופט סמאַליעט די קעל. די ברוסט איז פאַרקוועטשט ווי אין צוואַנגען. אַ מוראַדיקע לאַסט איז דער אייגענער קערפּער: אויף אים האָבן מיר דאָך געהאַט אַרויפגעשלעפּט וואָס עס לאָזט זיך — בגדים, שמאַטעס. אונדזערע קעפּ — אַרומגעוויקלט מיט טיכער, שאַליקעס. באַדעקטע מיט נעדעלעך געפּריר, זעען זיי אויס ווי קעפּ פון משונהדיקע ברואים. מיר שפּירן ניט אונדזערע פיס אין די שווערע האַלצשיך. די וויקל־שנורן, געמאַכטע פון זעק, וואַרעמען כמעט ניט. יעדער טראָט פאַרשאַפט פּײַן. ניטאָ קיין כּוח זיך צו שלעפּן. מיר גייען דאָך הײַנט דעם ווײַטן מהלך פון געטאָ ביזן אַרבעטפּלאַץ שוין צום צווייטן מאָל — הין און צוריק.

הײַנט האָבן מיר אויסגעלאָדן וואַגאָנען ברעטלעך און כמעט יעדערער פון אונדז טראָגט אַ שײַט האָלץ אויף דער פּלייצע. מען האָט דערלויבט מיטצונעמען, כּדי אָנצווואַרעמען, ווי די דײַטשן האָבן זיך אויסגעדריקט, אונדזערע „שוויַינסבודען", ס'הייסט, חזירשע קאָנורעס.

די שײַט האָלץ קנעט און קנעט אײַן אין דער פּלייצע אַ טעמפּן ווייטיק,

און דער שניי אונטער אונדזערע שווערע טריט — סקריפּ־קרעכץ, סקריפּ־קרעכץ...

מיר קערן זיך אום פון דער צוואַנגאַרבעט. מיט גוואַלד טרײַבט מען אונדז צו איר, כאָטש מיר קריגן באַצאָלט אַ גאַנץ הויכן לוין — אַ טאָג לעבן פאַר אַ טאָג אַרבעט. דערצו נאָך אַן אַדערויף — אַ שיסל געקעכץ און צוויי הונדערט גראַם ברויט.

מיר קערן זיך אום אויף נאַכטלעגער. דאַכט זיך, אַז מיר זענען שוין אין גאַנצן אויסגעשעפּט, אָבער ווען דער וועג פאַרקערעוועט זיך צום באַרג־שיפּוע, וואָס נידערט אַראָפּ צו דער בריק איבער דער פאַרפרוירענער ווילִיע, און דורכן פאַרנאַכטיקן נעפּל דערזעען מיר די געטאָ אויף יענער זײַט טײַך, נעמען די פיס גאָר אַנדערש גיין. מען לעכצט וואָס גיכער זיך צו דערקלײַבן צו די אייגענע.

די קאָלאָנע פאַלט זיך פונאַנדער, ס׳צעמישן זיך די רייען, ניט געקוקט אויף די שטרענגע וואָרענונגען פון די קאָנוואָירן. אַפילו זייער וואָרענונג־שיסערײַ וואָס דאַרף אויפשטעלן אָרדענונג, האָט ניט קיין פּעולה, הערט אויף צו שרעקן. אונדזערע אויגן שמידן צו צו זיך די ווײַסע דרײַעקן, פּירעקן, טראַפּעציעס אויף יענער זײַט טײַך — די פאַרשנייטע דעכער פון די געטאָ־שטיבלעך. איבער זיי רייכערן קוימענס. הײַנט רייכערן זיך די קוימענס!

ווי פיל באַטײַט עס פאַר אונדז. הייסט עס, ניט געווען הײַנט קיין פּור־עניות, אויב מענטשן צעפירן פײַער, וואַרעמען זייערע געצעלטן און קאָכן אַ וועלכע ניט איז אַכילה. הייסט עס, אַז אַלע זענען אויף די ערטער...

ס׳רייכערן קוימענס איבער דעכער. שוין פון דער ווײַטנס שפּירן מיר די וואַרעמקייט פון דעם ברענענדיקן האָלץ אין די אויוונס. די פּראַסטיקע, ווײַניק־שאַרפע לופט הערט אויף צו סמאַליען די קעל, הערט אויף קוועטשן די ברוסט. די פיס שפּירן מער ניט קיין מידקייט, שפּירן ניט די משׂא פונעם גוף וואָס זיי טראָגן. אַפילו דער שווערער שײַט האָלץ פאַרלירט זײַן וואָג, און דער פרײַז וועלכן מיר האָבן באַצאָלט פאַרן טאָג לעבן, זעט אויס ניט צו הויך.

ס׳רייכערן זיך קוימענס איבער דער געטאָ! צום נידעריק אַראָפּגעלאָזטן, שטאָל־פאַרביקן הימל ציִען זיך העלבלעכע זײַלן רויך — דער רויך פון מזבחות פאַרן אייביקן גאָט פון לעבן.

## רחמנות אויף אַ דײַטש

פאַר דײַטשן אין גרוי־פּיִאָלעטעווע אוניפאָרמס האָבן מיר פּאַקטיש ניט געדאַרפט מורא האָבן. דאָס זענען געווען זעלנער פון אַ נײַעם אָפּטייל פון דער זעניט־אַרטילעריע, וואָס איז געקומען „פאַרשטאַרקן די שוץ פונעם לופטרוים" איבער אונדזער שטאָט. אויף אונדז, יידן, האָבן זיי קיין דעה ניט געהאַט, די דאָזיקע דײַטשן, און ניט געטאָרט גאָר האָבן מיט אונדז קיין מגע־ומשא. פון דעסטוועגן זענען מיר געוואָרן אומרויִק, ווען איינער פון די נײַע גרוי־פּיִאָלעטעווע האָט זיך גענומען דרייען אַרום אונדז. אַן „אַריער" האָט דאָך געמעגט טאָן מיט אונדז, וואָס אים גלוסט זיך.

מיר האָבן געראַמט דעם שנײ לעבן עפּעס אַ סקלאַד, און דער שנײ טוט זיך דאָס זײַניקע — שיט און שיט, ניט לייגנדיק קיין אַכט אויף דעם, אַז אונדזערע כּוחות גייען אויס. דער שנײ פאַלט אַזוי שטיל, אַזוי אָפּגעהיט, אָבער עקשנותדיק, ווי ער וואָלט וועלן פאַרליאַפּען די גאַנצע וועלט מיט אַ ווײַסן, קאַלטן טינק. פון אונדז פאַרלאַנגט מען, מיר זאָלן מיט ברייטע דיק־טענע לאָפּעטעס אָפּשאַרן דעם שנײ פונעם פּנים פון דער וועלט. די וואַכלײַט טרײַבן אונדז אונטער, און יענער דײַטש וואָס דאַרף שיצן די ברידער זײַנע פון לופטאָנגריפן, טרעט ניט אָפּ.

פּלוצעם דערהער איך, ווי ער ווענדט זיך צו אונדזער וואַכמאַן:

— קאַמראַד, גיב מיר אַ פּאָר יודן, וואָס רעדן דײַטש, אויפצורוימען אונדזער צימער, דאָ דערבײַ אין דער קאַזאַרמע. כ'קער זיי דיר באַלד אום. רוימען שנײ איז איצט אַן אומזיסטע מי. און דו באַקומסט סיגאַרעטן.

צוזאַמען מיט נאָך צוויי מענער האָט ער אויך מיך אָוועקגעפירט.

מיר האָבן זיך פאַרוואונדערט, אַרײַנקומענדיק אין אַ וואַרעמען און אויפ־געדרוימטן צימער מיט עטלעכע זאָרגעוודיק פאַרבעטע אײַזערנע בעטלעך. וואָס בלײַבט אונדז דאָ צו טאָן? ס'האָט אויסגעזען, אַז אויך דער דײַטש אײַלט זיך ניט צו געפינען פאַר אונדז אַ באַשעפטיקונג. אין אַ טונקעלן ווינקל פונעם צימער האָט ער זיך אַ פּאָרע געטאָן, עפּעס געזוכט אין אַ ברעטערנער שאַפקע און געקומען מיט אַ סאָלדאַטיש לעבל ברויט. צעשניטן עס אויף דרײַ חלקים, האָט ער זיי אונדז האַסטיק דערלאַנגט:

— פאַרשטעקט עס.

מיינענדיק אַז ער האָט אונדז געוווּנען אויף זײַן צד, האָט דער זעלנער געפרעגט:

— פון קאָוונאָ זענט איר?

— יאָ, — האָבן מיר געענטפערט.

— פון געטאָ?

— יאָ.

— זאָגט, ביטע, — איז געוואָרן דער דײַטש עפּעס אומרויִק, — זאָגט, האָט מען געבראַכט צו אײַך אַ טראַנספּאָרט יודן פון מינכען?

— יאָ.

— האָט איר באַמערקט אַ שלאַנקע, טונקלהאָריקע פרוי מיט צוויי קליינע מיידעלעך — קלאַראַ, צען יאָר, העדוויג, אַכט יאָר אַלט? קאָנט איר מיר אָנווײַזן, ווו מען האָט די געבראַכטע אײַנגעקוואַרטירט?

— אויפן נײַנטן פאָרט, — האָט זיך בײַ מיר אַרויסגעריסן.

— ווײַט פון דאַנען? זעט איר, איך האָב מיך ספּעציעל געמאָלדן אַהערצו, קיין קאָוונאַ, כ׳זאָל קאָנען העלפן מײַן פרוי און אונדזערע מיידעלעך.

— מען האָט זיי עוואַקויִרט צום פאָטער אַבראַהאַם, — האָט האַרב אַ זאָג געטאָן איינער פון אונדזער דרײַלינג, און פאַרפינקטלעכט: — אויף יענער וועלט!

— לײַגסט! — איז אויפגעבראַכט געוואָרן דער דײַטש. — ס׳איז אוממעגלעך!

— און פאַר וואָס איז עס אוממעגלעך? — מיש איך זיך אַרײַן.

— דערפאַר, ווײַל ס׳איז אוממעגלעך! — האָט אויסגעשריִען דער זעלבער.

— אין דער מעלדונג איז דײַטלעך געשטאַנען: „עוואַקויִרן זיך נאָך אָסטען”.

— איצט איז אַלץ מעגלעך. איר האָט ניט קיין פרוי, איר האָט ניט קיין קינדער! — האָב איך אָן רחמנות אויפגעדעקט דעם שרעקלעכן אמת און גענומען שילדערן, ווי מען שיסט, ווי מען הרגעט מענטשן אין נײַנטן פאָרט. כ׳האָב אים ניט געשאָנעוועט, ניט אָפּגעהאַלטן זיך פון איבערגעבן פּרטים פון די מאַסן־שחיטות. מיר האָבן וועגן זיי דאָך שוין איבערגענוג אָנגעהערט זיך.

ווי געטראָפן פון אַ קויל, האָט דער דײַטש געכאַפּט זיך פאַרן קאָפּ און טוענדיק אַ ווילדן רעווע, אַרויסגעפאַלן אויף דער בעט, לעבן וועלכער ער איז געשטאַנען, און גענומען היסטעריש יאָמערן:

— גאָט, גאָט, וואָס האָסטו געמאַכט פון אונדז?!

צום ערשטן מאָל האָבן מיר געקראָגן רחמנות אויף אַ דײַטש.

## די גרינע פאַרב

דער ווינט קעמט די זאַפטיק־גרינע, געל־גרינע, ברוין־גרינע קרוינען פון ביחידות וואַקסנדיקעביימער און פון געדיכטע וועלדער. ער פאַטלט די

מאַט־גרינע קודלעס פון קוסטעס. ער צעכוואַליעט אין התפּעלות גרין־האָריקע רחבותן. און דאָס גרין פון דער וועלט אין זײַנע פאַרשיידנסטע טענער און שאַטירונגען האָט זיך געטוקט אין די גרויסע שוואַרצע אויגן פונעם צעניאָריקן ייִדישן מיידעלע. הימל־בלויקייט, דאַכט זיך איר, שפּיגלט זיך אין דער גרינער פאַרב. דעם פויגלס געפלי טוקט זיך אין דער פאַרב, זײַן טשוויטשערײַ הילכט אין איר אָפּ. אַפילו שטערנדלעך — די בלימעלעך פון זומערדיקע נעכט — געפינט דאָס מיידעלע אויסגעשאָטן אויף צו מאָרגנס איבער דעם צעשפּרייטן גרין פון לאָנקעס.

דערוואַכט דאָס גרין אויף דער ערד און אויף די צווײַגן, לעבן אויף די אויגן פונעם מיידעלע — דער פרילינג קוקט פון זיי אַרויס. בליאַקעוועט אָפּ די גרינע פאַרב האַרבסטצײַט, מעקט זי דער ווינטער אין גאַנצן אָפּ — פאַרציט דעם מיידעלעס בליק אַ ווײַסער אומעט. און דאָס גרין וואָס איז איר פאַרלוירן געגאַנגען אויף דער וואָר, פלעכט אַדורך אירע חלומות בײַ נאַכט, ביז אַ נײַער פרילינג שפּאַרט אַרויס פון די קנאָספּן די גרינע פרייד און דאָס חיות פון לעבן.

ניט געוועזן באַשערט אונדזער מיידעלע אָוועקצוטראָגן די גרינע פרייד ביז אין דער עלטער אַרײַן. געשען איז עפּעס אומגעהײַערס. צווייפיסיקע ברואים, אָנגעטאָנענע אין גרין*, האָבן זי און אירע טאַטע־מאַמע אַרויסגעטריבן פון דער היים און פאַרשפּאַרט הינטער שטעכלדראָט. ס'האָט באַלד אויף פאַסירט, זי זאָל דעם טויט אין גרינער הלבשה אָנקוקן אין פּנים. גרין־אוניפאָרמירטע גזלנים, מיט ביקסן, אַריבערגעהאַנגענע אויף די אַקסלען, האָבן זיך אַרײַנגע־ריסן צום מיידעלע אין שטוב און אַלץ דאָרטן איבערגעקערט. איר פאָטער איז געלעגן קראַנק. האָבן די אַרײַנגעדרונגענע געפרעגט, וואָס אים איז.

— ניט געזונט, — האָט ער געענטפערט, ווײַזנדיק פאַרלעגן אויפן בויך.

האָט איינער פון די גרינע אים געהייסן אויפשטיין, ווײַל ער וויל אים אויסהיילן מיט אַ קויל. אויפשטיין, אויסטאָן זיך נאַקעט!

און אין די רייד אַראָפּגענומען די ביקס פון דער פּלייצע.

דער מיידעלעס זיידע, אַ גרויער ייִד, איז געפאַלן אויף די קני:

— מיך שטראָפט! מיך אַנשטאָט זון!

ס'האָט ניט געהאָלפן. די גרינע גזלנים האָבן אַראָפּגעשלעפּט פון קראַנקן דאָס העמד און איינער פון זיי האָט אויסגעשאָסן אים אין בויך. דעם שאָס האָט באַגלייט אַ געלעכטער, ווײַל דער טאַטע האָט שרעקלעך אויסגעקרימט זײַן פּנים, בעת ער איז געפאַלן.

---

* גרינע אוניפאָרמס האָט געטראָגן די היטלעריסטישע פּאָליציי־זשאַנדאַרמעריע.

אַלע שטורעמס און געוויטערס וואָס ליגן פאַרטײַעט אין דער גרינער וועלט, אַלע דונערן און בליצן וואָס צעזעצן זי און צעטרייסלען, האָבן דער־וואַכט און געפּלעפט דאָס מיידעלע. אין די נעכט האָבן זי געשטיקט גרינע יאַשטשערס. מיט אַ גרינעם פלאָם ברענענדיקער פעך האָט געשפּאַרט פון זייערע אויפגעריסענע שלאַנגען־מײַלער...

דאָס מיידעלע איז קראַנק געוואָרן אויף דער גרין־חלאָת.

...איין מאָל האָט דער זיידע זי געפירט איבער דער געטאָ. געהאַלטן זי פאַר אַ הענטל און אַ זיסע וואַרעמקייט האָט געפלייצט פון זײַן האַנט אין איר'ער. אָבער אַ געטאָקינד האָט לאַנג ניט געטאָרט געניסן פון שלווהדיקער קרובישער נאָענטקייט. דאָס מיידעלע איז פּלוצעם צוגעפאַלן צום זיידן, אַן אויפגעשוידערטע פון דערשרעק:

— זיידעניו, ראַטעווע!

הינטער אַ הויזווינקל האָט געלאָקערט די גרינע פאַרב — אַ קוסט, און אַ ווינט האָט טערעבעט זײַנע קודלעס.

## מאָרגן, אויפן זעלבן אָרט...

— בעניע. אים זאָלן מיר טאָקע שיקן?

— כ'מיין, ס'איז דער פּאַסיקסטער קאַנדידאַט.

— און טאָמער פּאַסירט מיט אים עפּעס? וועט מען זאָגן: געבליבן אַן עלנט יאָטל אין געטאָ, האָט מען אים געשיקט אויף אומקום.

— געוויס, מירן האָבן צו זיך טענות, וועלן זיך ניט קאָנען מוחל זײַן.

— אָבער זאָגט, אַדרבא, ווער פונעם קליינוואַרג אָריענטירט זיך בעסער פון בעניען? ער איז פּיפּיק, ער איז דרייסט. דערמאָנט זיך, ווי ער האָט בעת דער לעצטער אָבלאַווע דורכגעגליטשט זיך אַלע פּאָליציי־זאַסטאַוועס און געוואָרנט די חברים, געראַטעוועט זיי ממש.

— דערצו איז ער ניט ענלעך אויף קיין ייִדיש קינד.

יאָ, אָבער ליטוויש רעדט ער מיט אַן אַקצענט.

— וועלן מיר אים הייסן פאַרשטעלן זיך פאַר אַ שטאָמלער. אויב מען וועט אים פאַרהאַלטן, זאָל ער שטאָמלען, באַזונדערש פאַרהאַקן זיך אויפן „ריש".

מען האָט באַהאַנדלט אויך אַנדערע קאַנדידאַטורן און ווידער זיך אומ־געקערט צו דער ערשטער.

— הייסט עס, בעניע.

מען האָט אים אויפגעזוכט. געבראַכט אויף דער באַראַטונג פון דער אונטערערדישער אָפּעראַטיווער גרופּע.

ערנסט פאַרטראַכט האָט דאָס עלפיאָריקע יאַטל אויסגעהערט דאָס, וואָס מען האָט אים פאַרטרויט: אין שטאָט איז היינט אַן אָבלאַווע. און דווקא היינט האָבן צוויי עלטערע חברים געדאַרפט גיין אַהין צו אַ וויכטיקער באַגעגעניש מיט איינעם אַ מענטשן. איצט, מען זאָל גיין, ווערט מען געוויס פאַרהאַלטן. קינדער אָבער טשעפּעט מען ניט בעת די אָבלאַוועס. זיי קאָנען אומגעשטערט אַריבערכאַפּן זיך איבער דער בריק אין שטאָט אַריין. אָט פאַר וואָס בעניע וועט דאַרפן גיין צו דער היינטיקער באַגעגעניש, כדי אָפּצורעדן, ווען און ווו זיך צו טרעפן מיטן מענטשן אַן אַנדערש מאָל.

מען האָט מיט אים איינגעחזרט וואָס ער דאַרף, אַריינקומענדיק צו די פרעמדע זאָגן, מען זאָל אים גלייבן. און דעם מענטש מיט וועלכן ס׳וועט אים אויסקומען צו רעדן בסוד־סודות, וועט ער דערקלערן, פאַר וואָס די חברים זענען ניט געקומען.

אין בעניעס קעשענעס האָט מען אַנגעלייגט שטיקלעך פאַרשיידן ברויט. טאָמער, די שעה זאָל ניט אויסשלאָגן, מען פאַרהאַלט אים, וועט ער קאָנען טענהען, אַז ער איז געגאַנגען בעטלען ברויט און אויך קאָנען עס דערוויזן...

אָפּגעוואַרט, דער וואַכמאַן וואָס גייט אַרום לענג־אויס דעם צוימאָפּשניט, זאָל זיך דערווייטערן, האָט אַ חבר פון דער אָפּעראַטיווער גרופּע געהאָלפן בעניען דורכקריכן די דראָטן. באַלד האָט דאָס בלאָנדע יאַטל זיך אָפּגעטראָגן פונעם געטאָ־ראַיאָן און אַוועקגעאיילט, וווהין ס׳איז געווען נייטיק. ניט צו פאַרגעסן דעם אַדרעס, האָט ער אים די גאַנצע צייט איבערגעחזרט אין קאָפּ. געפינען די אָנגעוויזענע שטוב איז פאַר בעניען אַ מעשה פון גאָרניט. דערצו האָט מען אים גענוי אויסגעמאָלט, ווי ער דאַרף אַהין זיך דערקלייבן, טאָמער ס׳וועט צוליב דער אָבלאַווע זיין פאַרמאַכט די אַדער יענע גאַס. מען האָט אים אויך אויסגעמאָלט, אין וואָס פאַר אַ טויער ער דאַרף אַריין, אויף וואָס פאַר אַ פענצטער ער דאַרף אַ קוק טאָן און זען, צי דאָס פאַרהענגל איז אָפּגעצויגן. נאָר דעמאָלט מעג ער אַריין.

— שענקט אַ הונגעריקן אַ שטיקל ברויט, ווייס צי שוואַרצס, דאָס איז קיין חילוק ניט, — האָט בעניע געזאָגט אין ליטוויש, אַריינקומענדיק צו די מענטשן.

ער האָט שיער ניט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער, דערהערנדיק דעם ענטפער:

— וואָס זאָל מען טאָן, ס׳איז קריג. הונגעריקע זענען אַ סך פאַראַן...

יאָ, יאָ, פּונקט דער זעלבער ענטפער! אַזוי האָט מען אים געענטפערט אין געטאָ, בעתן איינלערנען דעם געשפּרעך, וועלכן ער וועט האָבן אין שטאָט...

עפּעס אַ הויכן מאַנצביל האָט ער איצט געגנוי איבערגעגעבן, וואָס ער האָט אים געדאַרפט איבערגעבן, און געבעטן, דער מאַנצביל זאָל זאָגן, ווען איז ער ווידער גרייט זיך צו באַגעגענען מיט די חברים פון געטאָ. שוין צום סוף האָט בעניע זיך געכאַפּט, אַז ער האָט עפּעס געדאַרפט שטאַמלען. אין איילעניש האָט ער עס פאַרגעסן. ווען שטאַמלען? צו וואָס? האָט ער אָנגעהויבן אַלץ פון דאָס ניי און זיך צעטומלט, איז רויט געוואָרן, אָנגעהויבן אויף אַן אמתן שטאַמלען.

אויך דער מאַנצביל מיט וועלכן ער האָט גערעדט, איז עפּעס צעטומלט געוואָרן, האָט פאַרביסן די אונטערשטע ליפּ און מיט זיינע בייז געוואָרענע אויגן ווי אָפּגעשליידערט פון זיך בעניען.

דער אומבאַקאַנטער האָט געשוויגן. עקשנותדיק געשוויגן און מער ניט געוואָלט האָבן צו טאָן מיטן קליינעם שליח.

— פּעטערל, איר דאַרפט מיר זאָגן, איר מוזט אומבאַדינגט זאָגן, ווען און ווו מען דאַרף קומען, — האָט בעניע זיך געקליאַנטשעט. זיין שטים האָט געציטערט, ער אַליין האָט געציטערט.

דער מאַנצביל האָט זיך פאַרטראַכט, אַרומגעכאַפּט דעם קאָפּ מיטביידע הענט, די עלנבויגנס איינגעשפּאַרט אין טיש. בעניע האָט דאָך ניט געקאָנט וויסן, וויפל זאָרג עס האָט איצט דער דאָזיקער שוויַיגעוודיקער מענטש: ווו זאָל ער אַהינטאָן דאָס צוגעגרייטע געווער פאַר די קעמפּערס פון געטאָ? ווו זאָל ער זיך אַליין אַהינטאָן? ווו איבערנעכטיקן?

לסוף האָט דער מאַנצביל זיך אָנטשלאָסן:

— גיב איבער... אַזוי טאָקע גיב איבער: מאָרגן, אויפן זעלבן אָרט, אין דער זעלבער צייט. אָנו, זאָג עס מיר נאָך, זאָלסט פאַרגעדענקען.

בעניע האָט נאָכגעזאָגט און גוט פאַרגעדענקט.

אַ וואָכמאַן האָט אים אָבער פאַרהאַלטן, ווען ער איז געקראָכן דורכן צוים צוריק אין געטאָ אַריין. איינער פון דער אָפּעראַטיווער גרופּע וואָס האָט אָפּגעוואָרט בעניען, האָט דערהערט זיין פאַרצווייפלטן אויסגעשריי און דערזען, ווי דער פּאָסטן שלעפּט אים פאַר אַ האַנט. דאָס יאַטל האָט צעשראָקן געדרייט דעם קאָפּ אין אַלע זייטן און עפּעס געשריגן, געשריגן אַן אויפהער אין יידיש.

באַמערקנדיק דעם עלטערן חבר, האָט ער נאָך הילכיקער אויסגערופן:

— מאָרגן, אויפן זעלבן אָרט! אין דער זעלבער צײַט!

דאָס דאָזיקע משונהדיק שרײַענדיקע יאַטל האָט דער וואַכמאַן איבער־געגעבן דער טויער־וואַך, וואָס האָט באַשלאָסן אָנצולערנען דעם חוצפּהניק. אויפן פּלאַץ בײַם טויער, אַלע זאָלן זען, אַראָפּנעמען אַ מוסר־השׂכּל און קאָנען איבערדערציילן אַנדערע, האָט מען פון בעניען אַראָפּגעצויגן די הייזלעך, אַוועקגעלייגט אים אויף אַ בענקל און גענומען אַרײַנציילן די געהעריקע פּאָרציע: צוואַנציק שמיץ אויפן נאַקעטן הינטער־חלק — ער זאָל פאַרשפּאָרן אַ צווייט מאָל גיין בעטלען ברויט.

מען האָט אים געשמיסן און בעניע האָט שרײַענדיק פאַר ווייטיק, ניט אויפגעהערט אויסצורופן:

— מאָרגן! אויפן זעלבן אָרט! אין דער זעלבער צײַט!

די היטלעריסטן האָבן זיך פאַרווײַלט. אָט אַ צעדרייט יאַטל! קלאָר, אַז ער האָט אַ מיש אין קאָפּ. אַרײַנגעצימבלט אים די העלפּט פון דער נאָרמע און געהייסן אָפּטראָגן זיך צום טײַוול.

יאָ, צום שלימזל האָט בעניען צוגעשפּילט דאָס מזל. מען האָט אים ניט דערקאָטעוועט.

די עלטערע חברים האָבן אים אָפּגעפירט צו זיך, געלייגט קאַלטע קאָמ־פּרעסן אויפן צעממיתטן געזעס, געטרייסט. עמעצער האָט אַ פרעג געטאָן, וואָס האָט ער אַזוינס אָן אויפהער געשריִען.

ליגנדיק מיטן פּנים אַראָפּ, קאָרטשענדיק זיך פאַר ווייטיק און קרעכצנ־דיק, האָט בעניע דערקלערט:

— כ'האָב געמיינט, געמיינט... כ'וועל שטאַרבן און ניט באַוויַיזן איבער־צוגעבן... און טאָמער וואָלטן זיי מיר אויסגעשניטן די צונג? וואָס דאַן? האָב איך געשריִען. עמעצער וואָלט דערהערט. עמעצער וואָלט פאַרשטאַנען. מען וואָלט אײַך איבערגעגעבן און איר וואָלט פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף קומען מאָרגן, אויפן זעלבן אָרט, אין דער זעלבער צײַט...

## די שפּראַך פון לעבן

„ווו נעמט מען אַזאַ דאָקטער, וואָס זאָל קאָנען מײַנע וואונדן היילן? ווו נעמט מען אַזאַ דיכטער, וואָס זאָל קאָנען מײַן לײַד דערציילן?"

איך ברום הײַנט אין זיך אָן אויפהער די שורות פון אָט דעם וווּנדערלעכן ייִדישן פאָלקסליד. ס'איז האַרבסט. ס'איז קאַלעמוטנע אין דרויסן און נאָך מער — אויפן האַרץ. און דער אומעטיקער ניגון הערט ניט אויף אַרויסצורופן

אַלץ נײַע און נײַע קשיות צו זיך, צו דער וועלט און ווידער און בעיקר צו זיך: ווו נעמט מען ווערטער צו קאָנען „אויסדערציילן" כאָטש אַ ברוכטייל פון דעם, וואָס מיר לעבן איבער? ווי ווערט מען אינספּירירט פון אַ ניצוץ פון דאַנטעס מוזע, צו קאָנען אויפלעבן מיטן וואָרט כאָטש אַ ווײַטן אָפּהילך פונעם „לעבן" אין אונדזער טאָל פון טויט און טרערן?

איך באַגעגן זיך צו מאָל מיט איינעם, אַ צווייטן פון די געוועזענע פּענמענטשן, וואָס דרייען זיך נאָך אַרום אין אונדזער שטײַג. פון די שמועסן מיט זיי קאָן מען מאַכן דעם אויספיר, אַז קיינער פילט זיך ניט בכוח צו שאַפן דאָ עפּעס „רעכטס" — „וואָגיקס", „בלײַבנדיקס". מען איז ווי פריטשמעליעט. עס שרײַבט זיך ניט...

פון דעסטוועגן האָט מען זיך לעצטנס יאָ צעשריבן אין געטאָ. ס'האָט זיך צעזונגען דער אַנאָנים. זײַנע גאָר אַ סך לידער־טעקסטן, קופּלעטן אויף פּאָפּולערע מעלאָדיעס, וועלכע האָבן זיך „אָנגענומען" — זענען אָוועק פון מויל צו מויל. גאַנץ פּרימיטיוו שילדערן די מחברים מאָמענטן פון דער געטאָ־ווירקלעכקייט, לאַכן אויס אונדזערע קהלשע רעדלפירער, קלאָגן אויף די אַלגעמיינע צרות און דער אומגערעכטיקייט לגבי דעם פּשוטן מאַסע־מענטש, וואָס לײַדט סײַ פון די נאַצישע מושלים, סײַ פון די נײַ־אויפגעקומענע, פאַרריסענע יידישע געטאָ־תּקיפים. פונעם מבול פאַרפאַסטע פערזן קלינגט זעלטן־ווען אַרויס אַ שורה, וואָס טראָגט אויף זיך דעם חותם פון עכטער פאַלקסדיכטונג. טאָ ווו איז דאָס שטאַרקע וואָרט, וואָס זאָל ווערדיק אויס־דריקן אונדזערע איבערלעבענישן, זאָל, ווי מען זאָגט, אויסהאַלטן דעם אויספּרווו פון דער צײַט און דערגיין צו די מענטשן פון נאָך דער ליקוי־חמה?

איך קוק אויף מײַנע בחיפּזון געמאַכטע פאַרצייכענונגען און געפין ניט אין זיי דאָס, וואָס מען האָט געדאַרפט געפינען. מיר דאַכט זיך אַלץ, אַז אומבאַהאָלפן איז דער אויסדרוק, בלאָס — דאָס געפיל און געדאַנק. צי ווײַל גאָט האָט ניט געגעבן דאָס, וואָס ער האָט געקאָנט געבן, צי ווײַל ס'איז פּשוט אוממעגלעך עפּעס רעכטס אַרויסצוברענגען פון אונטער דער פען — די גלידער ברעכן פון דער קאַטאַרגע־אַרבעט, מען פאַלט אָוועק ווי אונטער־געקאָסיעט, נאָכן אָפּטראַמפּלען דעם גרויסן מהלך צו און פון דער אַרבעט. און אַז מען איז שוין „אַהיים" — איז דאָס צימער ניט געהייצט און די הענט פרירן. דאָס געמיט איז דערדריקט, דער זכּרון וויל ניט דינען און די שעפער־רישקייט איז ווי אַטראָפירט.

ס'איז שפּעטער האַרבסט. אַ ווינטער, ווי אַ ווײַסע רויב־חיה, קוקט פון דער לויער אויף אונדזער נעבעכדיקן קיום. מיר לעבן דאָ ענג צונויפגעפּרעסט,

צונויפגעטוליעט, ווי פאַרמישפּטע, וואָס דערוואַרטן אַ בשותּפותדיקן פּסק־דין און ווילן איבאייינעמדיק לייַכטער זיך מאַכן דעם אומברחמנותדיקן עול. איבער אונדזער דורכגאַנג־צימער האַלט אָן די גאַנצע צייַט אַ טומלדיקע באַוועגונג פון די שכנים. די נויטן פון איטלעכן מענטשן טרייַבן צו פּלערליי טועכצן. מען שטערט שרייַבן? מען לאָזט ניט צונויפנעמען די געדאַנקען? ס׳איז גוט אַזוי. זאָל דאָס לעבן פּולסירן!

זוכנדיק דעם ווירדיקן עדות און שטאַרקן אויסדרוק פון אונדזערע איבער־לעבענישן, געפין איך זיי אונטער דער האַנט: ס׳איז דאָס הייַפל צופעליק געשאַנעוועטע, די ביז איצט לעבן געבליבענע, וואָס וועלן, אויב זיי וועט באַשערט זייַן צו באַגעגענען דעם פרייַען זונאויפגאַנג, זיך צערעדן מיט אַזאַ שפּראַך, מיט וועלכער ס׳קאָן רעדן בלויז דאָס לעבן אַליין.

## פאַרלוירן איינעם געווירבל

איין מאָל אַ חודש ברענגט מען אין געטאָ אויף אַ זונטיק די אַזוי גערופענע „האַלץ־בריגאַדע״, וועלכע מען האָט אַרויסגעפירט האַקן וואַלד ערגעץ אין דער טיף פון ליטע. איין מאָל קומענדיק אויף אַ זונטיק, האָט די בריגאַדע מיטגעבראַכט אין געטאָ אַן איבעריקן מענטשן. דער בריגאַדיר האָט אונטער־געקויפט (אויפן געטאָ־זשאַרגאָן — „אָפּגעשמדט״) די קאָנוואָירן מיט אַ פּאָר צענדליק אייער און אַ שטיק שפּעק, באַקומענע בייַ פּויערים וואָס האָבן אַרויסגעפירט פון וואַלד דאָס פאַרגרייטע געהילץ. אַ זאָרג זיי האָבן, די קאָנ־וואָירן, — זאָל נאָך איינער אַרייַן „אין קאַסטן״ (דאָס איז שוין דער זשאַרגאָן פון די דייַטשן), וועט ווערן אויף דער וועלט מיט אַ ייִד ווייניקער.

אַ נייַער מענטש צווישן אונדז. אַזאַ וואָס האָט נאָך אָקערשט געאָטעמט מיט „פרייַהייט״...

דער אָנבליק פונעם נייַ־צוגעקומענעם געטאָ־אַסיר האָט געכאַפּט בייַם האַרץ. קליין איז ער געווען און אייַנגעזונקען אין אַ צעפּליקט שאָפּן פּעלצל. פונעם צעשויבערטן קראַגן אַפער האָט אַנגעשטרענגט אַרויסגעקוקט אַ קליין פאַרהאַרטעוועט פּנים. דער שטערן — שמאָל, כּמעט ביז צו די ברעמען באַדעקט מיט קוטשעראַווע טונקעלע האָר. זייַן צעקאַליעטשעטע נאָז האָט אוממעגלעך געמאַכט, כאָטש לפּי־ערך אָפּצושאַצן ווי אַלט איז דאָס מענטשל. בלויז דער שוואַרצער פּוך איבער זייַן אייבערשטער ליפּ און די אַראָפּגע־וואַקסענע פּאות אויף די באַקן האָבן ווי אונטערגעזאָגט, אַז ס׳איז שוין אַ בחורל.

אָרעם, פאַריתומט און גערודפט ברודערל אונדזערס! צו וואָס האָט מען דיך אַרײַנגעבראַכט אין שטײַג פון די פאַרמישפטע?

איך בין געווען אָנגעקומען אין מיטן שמועס מיט אים, ווען ענטפערנדיק עמעצן פון די דערבײַיִקע אויף אַ פראַגע, האָט ער געזאָגט:

— מײַן סענוקאַס, טײַפ, יאָ, מײַן זיידע געזאָגט אין טאָג פון סושאַודע־נען — מיר איז הײַנט בר־מיצווה.

אַ געמיש פון ייִדיש מיט ליטוויש. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דווקא אין טאָג פון דער צעשיסונג איז אים געוואָרן דרײַצן. געווען איז עס מיט קנאַפּע צוויי יאָר צוריק.

אין אַ משונהדיקער שפראַך האָט דאָס בחורל אויפגעקלערט די סיבה פון זײַן צעקאַליעטשעטער נאָז און מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז בעת מען האָט אַרײַנגעטריבן אין וואַלד די שטעטלשע ייִדן, געבראַכט זיי פאַר אַ גרוב און באַפוילן אויסטאָן זיך, איז ער פאַר שרעק געלאָפן. מען האָט אים נאָכגעשאָסן און געטראָפן אין נאָז, בעת ער האָט זיך אומגעקוקט. מען האָט זיך געיאָגט נאָך אים, איז ער פלינק אַרויפגעקראָכן אויף אַ יאָדלע־בוים און זיך באַהאַלטן צווישן צווײַגן. פון דאָרטן האָט ער געזען, ווי מען האָט די ייִדן צעשאָסן, צונויפגעוואָלגערט אין דער גרוב און פאַרשאָטן. דערנאָך...

דערנאָך האָט ער געוואָגלט איבער כוטערס און דערפער. די נאָז האָט ווי געטאָן, לאַנג זיך ניט פאַרהיילט. די צעקאַליעטשעטע נאָז איז אויך געוואָרן זײַן אומגליק, אים שטענדיק אַרויסגעגעבן. פויערים וואָס האָבן אים צוגעטוליעט, האָט ער געהאָלפן אין דער ווירטשאַפט. געפּאַשעט בהמות, חזירים, ביז בייזע צינגער פלעגן צעטראָגן די ידיעה, אַז דער „בענאָסיס", ס'הייסט, דער וואָס אָן דער נאָז, געפינט זיך אין דער געגנט. פּאָליצײַען פלעגן אָנלויפן אים זוכן. שלאָפן פלעגט ער שטענדיק אין שײַער אויפן היי און בעת אַן אַבלאַווע באַווײַזן נעלם ווערן.

אין איינער אַ פראָסטיקער נאַכט האָט ער בײַם פויער, בײַ וועלכן ער האָט האַרבסטצײַט געאַרבעט, זיך אײַנגעבעטן, לאָזן אים איבערשלאָפן אין שטוב. האָט יענער, מסתמא, כדי פון אים פטור צו ווערן, געמסרט דער פּאָליציי...

ס'האָבן זיך פאַררעדט אונטערוועגנס די צוויי פּאָליצײַען, וואָס האָבן אים געפירט אין תפיסה. האָט ער אַ שפרונג געטאָן אין אַ זײַט, פאַרשוווּנדן אין קוסטעס און — אין וואַלד. די קוילן האָבן אים ווידער ניט אָנגעיאָגט, שוין אָפּגערעדט, אַז ס'האָבן אים ניט דעריאָגט די פּאָליצײַען. אין לויפן האָט קיינער מיט אים זיך ניט געקאָנט פאַרמעסטן, ווי אויך — אין לײַדן הונגער.

געקאָנט האָט ער גאַנצע מעת־לעתן הונגערן און שווײַגן. בלויז ניט געקאָנט האָט ער פֿאַרשווײַגן דעם פֿאַררעטערישן פֿויער. ווידער האָט ער אין איינער אַ שטורעמדיקער נאַכט זיך אַרײַנגעגנבעט אין זײַן בהמות־שטאַל, געפֿונען דאָרטן עטלעכע אַלטע פֿלעשער, זיי צעהאַקט און די שטיקלעך גלאָז צעמישט אין די קאָרעטעס מיט דער פֿאַילע פֿאַר די קי און חזרים. ווען די בהמות, זײַנע געהאָדעוועטע און געכאָוועטע בהמות, האָבן גענומען מיטשען, ריטשען, קאָרטשען זיך פֿאַר ווייטיק, איז ער, אַ צופֿרידענער אָפּגעצויגן אויסצופֿרווון דאָס מזל אַנדערשוווּ.

ביז ער האָט זיך אָנגעשטויסן אין די ייִדן פֿון געטאָ.

דעם בחורלס דערשײַנען איז פֿאַר אונדז ניט געווען קיין בייזווונדער. דער לעצטער שׂריד פֿון אַ שטעטל ייִדן האָט אַרויסגערופֿן טיפֿן מיטלייד, אָבער ניט קיין חידוש. מיר האָבן געוווּסט, אַז אויסגעשחטן זענען אונדזערע ברידער אין דער פּראָווינץ. געוווּסט, אַז וווּ־ניט־ווו בלאָנקען אַרום זייערע לעצטע בלוטסטראָפּנס, פֿאַרלוירענע אינעם געווירבל יחידים, און ראַנגלען זיך פֿאַרן קיום. איינער אַזאַ איז פֿאַרוואָגלט געוואָרן צו אונדז.

מיר האָבן געהאָפֿט עפּעס צו דערגיין פֿון אים וועגן פּאַרטיזאַנער, וואָס זוכן און געפֿינען שׂרץ אין די וועלדער. געהאָפֿט אַז אפֿשר וועט זיך לאָזן אויפֿשטעלן אַ שטיקל פֿאַרבינדונג מיט זיי. ער האָט דאָך גאַנצע צוויי יאָר זיך אַרומגעשלעפּט איבער פֿעלדער און וועלדער...

שפּירנדיק אַז אויף אונדזערע פֿראַגעס קאָן ער ניט ענטפֿערן, האָט דאָס בחורל זיך צעטומלט און דערשראָקן גענומען שיקלען אין די זײַטן. ס׳האָט אויסגעזען, אַז ער גרייט זיך צו געבן אַ שפּרונג און אַנטלויפֿן. עטלעכע מענטשן — ווער שטייענדיק, ווער זיצנדיק — רינגלען אים אַרום. האָט ער ניט געזען קיין אויסוועג און איז טיפֿער אײַנגעזונקען אין טולופּל.

מיר האָבן אים געלאָזט צו רו, געזען, ער זאָל אַ ביסל קומען צו־זיך. מען האָט אים ווי עס איז באַקליידט, באַזאָרגט מיט אַן אָרט איבערצונעכטיקן, געזען, ער זאָל אויסמײַדן שווערע אַרבעט. זאָל ער אָפּכאַפּן אָטעם ביז צו דעם קומענדיקן בראָך, וואָס וועט דאָ טרעפֿן אַלעמען.

ניט לאַנג איז אים באַשערט געווען צו געניסן פֿון אַ געוויסער רו. נאָך איינער אַ נײַער מענטשן־כאַפּעניש און אַרויספֿירעניש איז ער ווי אין וואַסער אַרײַן. צי מען האָט אים געכאַפּט און אַרויסגעפֿירט אָדער, זײַענדיק געוווינט צו אַנטרינען פֿון פֿאַרפֿאָלגער, האָט ער, ווי אַ פֿלינק חיהלע, אַרויסגעכאַפּט זיך אויף דער אַנדערער זײַט פֿונעם שטעכלדראָט און אָנגעהויבן אויף ס׳נײַ וואָגלען און לאָקערן, שפּרינגען און לויפֿן — זײַן געראַנגל פֿאַרן קיום.

אַן אַרײַנגעפאַלענער אינעם געווירבל, איז ער, אַ פּנים, פאַרלוירן געגאַנגען אין אים.

## בײַם „פילאָסאָפיע־דאָקטאָר"

ווען עמעצער דערציילט מיר די דאָזיקע געשיכטע, וואָלט איך מסתמא געצווייפלט אין איר וואָרהאַפטיקייט. כ׳וואָלט געטראַכט, אַז דאָס איז אַלץ איבערגעטריבן, ס׳איז אַ גוזמא. נאָר אַז מיט מיר אַליין האָט עס פּאַסירט...

מען האָט אונדז, אַ גרופּע יידן פון געטאָ, געבראַכט אויף צוואַנגאַרבעט הינטער דער שטאָט, אין איינער אַן אַלטער קאַזאַרמע וואָס די דײַטשן האָבן גרינטלעך רעמאָנטירט. זאַלבעדריט זענען מיר אַרײַנגעפאַלן אין אַ צימער, ווו מיר האָבן געזאָלט אויסהאַקן עפּעס אַ לאָך אין דער וואַנט.

דער אײַנוווינער פונעם צימער — אַ יונגער, שטאַלטנער לייטענאַנט, ווי ס׳האָט אויסגעזען, אַ זייער רויִקער און סאָלידער מענטש — לאָזט פון אונדז די אויגן ניט אַראָפּ. מיר פילן, אַז דער נײַגער הייבט אים אויף פון אָרט און נעמט אַרומטרײַבן אַהין און אַהער. לסוף בלײַבט ער שטיין און קומט אַרויס מיטן לשון:

— איר זענט יודן.

ס׳איז ניט געווען קיין פראַגע. די ווערטער זענען ווי אַרויסגעוואָרפן געוואָרן סתּם אין דער וועלט אַרײַן. טוען מיר גלײַכגילטיק ווײַטער אונדזער אַרבעט. וואָס דאַרף מען נאָך פרעגן? די געלע מגן־דודס אויף אונדזער ברוסט און רוקן זענען אַ גענוגנדיקער באַווײַז, ווער מיר זענען.

— קינדער פון אַבראַהאַם, איזאַק און יאַקאָב?

איצט שוין אַ קלאָר אויסגעדריקטע און צו אונדז געווענדטע פראַגע.

הערן מיר אויף צו אַרבעטן, קוקן אָן דעם דײַטש און שווײַגן. אפשר דערפאַר וואָס איך האָב אויסגעזען אינטעליגענטער פון די אַנדערע צוויי, רופט ער מיך צו מיט אַ ווונק און פרעגט:

— וואָס ביסטו פון באַרוף?

כ׳פאַרשווײַג, אַז איך בין אַ בוי־אינזשענער און זאָג אָפּ אַ האַלבן אמת:

— אַ בוי־פּראַקטיקער.

— און איך בין דאָקטאָר־פילאָזאָפי, — מאַכט ער שטאָלץ. — מיט דרײַ יאָר צוריק אַבסאָלווירט הײַדעלבערגער אוניווערסיטעט. ווייסטו פון אַזאַ?

אַוודאי ווייס איך. ס׳איז איינער פון די עלטסטע אוניווערסיטעטן אין אייראָפּע, איז וועלטבאַרימט. כ׳בין אַפילו דאָרטן געווען מיט אַן עקסקורסיע.

איך שוויַיג אָבער, מאַכנדיק אַ קעלבערנע מינע. פאַר אונדז איז גלײַכער ווען דײַטשן מיינען, אַז מיר ווייסן ווייניק.

ניט דערוואַרט זיך אַן ענטפער, טוט דער לייטענאַנט אַ קערעווע אויס אין גאַר אַ נײַער ריכטונג:

— און אין קריג ווער איז שולדיק, זאָג עס מיר?

איך וויל ער זאָל זיך אָפּטשעפּען, און בראָק אָפּ די אָפיציעלע היטלער־ריסטישע ווערסיע וועגן דעם מלחמה־אויסבראָך:

— די פּאָליאַקן. זיי זענען באַפאַלן דײַטשלאַנד.

— ביסט אַן, זאַצוזאַגען, אידיאָט, — צעשמייכלט זיך דער דײַטש. — די יודן! זיי זענען שולדיק!

און ווי ער וואָלט געהאַלטן אַ רעפעראַט פאַר אַ צאָלרײַכער אוידיטאָריע, הייבט ער אָן באַגײַסטערט „דערוויַיזן" די ריכטיקייט פון זײַן טעזע. עס גייט אַוועק די טרויעריק באַרימטע סדרה וועגן די זקני־ציון, די געהיימע „אייביקע ייִדן", מיט וועלכע ס'איז פול די וועלט. זיי פאַרשטענדיקן זיך איינער מיטן צווייטן דורך אַ קאָד פון סודותפולע צייכנס, וועלכע זיי גיבן זיך איבער בירושה שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר. זיי, די זקני ציון, דרינגען אַרײַן אין די הויפן פון מלכים, אין די קאַבינעטן פון מלוכה־מענער און נעמען אַרײַן אין זייערע הענט די לייצעס פון דער וועלט־אָנפירונג, שטרעבנדיק צו איין ציל — אומברענגען די פעלקער פון דער וועלט און אַליין זי באַהערשן... דער לייטענאַנט פאַרפעלט ניט אַרויסצושלעפּן פונעם מיטלעלטערלעכן אינקוויזיציע־אַרסענאַל דעם בילבול, אַז ייִדן באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף מצה. אַרײַנגייענדיק אין קוראַזש דערקלערט ער „וויסנשאַפטלעך", אין וועלכע קערפּערטיילן און וויפל שטאָכן עס ווערן געמאַכט דעם „בלוט־קרבן". די צאָל דרײַצן און אַ מערפאַכיקער „זיבן" שפּילן דאָ אַ פאַטאַלע ראָליע... אַנוועדנדיק זײַן גאַנצן חיתוך־הדיבור מאָלט ער אויס, ווי די זקני־ציון צעזעצן זיך אַרום קריסטלעכן מאַרטירער, ריכטן אָפּ תּפילות און צאַפּן אָפּ זײַן בלוט... פון דעם אַלעם איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז די ייִדן זענען שולדיק אין אַלע מלחמות און פּלאָגן, וואָס מאַטערן די וועלט...

— איר זענט אַ גײַסטלאָזע ראַסע. אײַזקאַלט ווי אײַער בליק, איז אויך אײַער דענקען. אײַער דעסטרוקטיווע אייגנטימלעכקייט צעשטערט דעם האַרמאָנישן פונדאַמענט, אויף וועלכן די געטלעכע פאָרזעונג באַזירט דעם שיקזאַל פון דער וועלט... — הערט ניט אויף צו ברײַען דער „פילאָסאָפיע־דאָקטאָר".

איך ענטפער ניט. אַ „ייִדישער אונטערמענטש" האָט דאָך ניט קיין רעכט

צו דערוווידערן אַ פאַרשטייער פון דער „הערן־ראַסע". און וואָס וועסטו דער־ווידערן אין אַט דעם פאַל? ווי קאָן מען אָנווענדן לאָגישע אַרגומענטן, באַ־שטרײַטן הנחות און אויספירן, געשעפּטע פון אַ מקור וואָס ליגט אויף יענער זײַט פונעם געזונטן מענטשלעכן פאַרשטאַנד? איך האָב בלויז געטראַכט: ווײ, ווײ צו די אוניווערסיטעטן, וועלכע באַקן אויס אַזעלכע „דאָקטוירים"; ווײ צום לאַנד, אויב אַזעלכע געשטאַלטיקן זײַן פּרצוף.

פאַרטראַגן אין די אייגענע מחשבות, האָב איך געשוויגן, אַ טיף אויפ־געטרייסלטער.

## ווי וועט פאַלן דער צוים?

ווען מען האָט דעם געטאָצוים גענומען אויפשטעלן, האָט זיך שוין געלאָזט הערן די מיינונג:

— נאָך איידער ער וועט פאַרטיק ווערן, וועט מען אים דאַרפן צענעמען...

דאָס איז ניט מקוים געוואָרן. מען האָט אים אויפגעשטעלט, פאַרענדיקט. און אונדז, ווי פּי, באַשטימטע צו קוילען, אַרײַנגעטריבן אינעם אָפּצוים. דאָ איז נאָך שטאַרקער געוואָרן דער גלויבן: פריִער צי שפּעטער — דער צוים וועט, ער מוז פאַלן! ס'האָט בלויז קיינער ניט געקאָנט זאָגן, ווען און ווי אַזוי דאָס וועט געשען.

צי וועלן מיר אויפשטיין אין איינעם אַ פרימאָרגן און ניט געפינען ניט דעם צוים און ניט די, וואָס באַוואַכן אים?

וועלן קינדערלעך אין אַ וואַרעמען פאַרנאַכט קומען צו לויפן מיט אַ געפּילדער און אָנזאָגן די ידיעה, אַז דער צוים איז פאַרשוווּנדן?

אָדער ס'וועלן פון באַרג זיך אַראָפּלאָזן די מחנות ייִדן, די אַרויסגע־טריבענע אַהין, באַרג־אַרויפצו, אַהין פון וואַנען מען קערט זיך ניט אום צוריק, זיי וועלן קומען, וועלן באַפאַלן דעם שטעכלדראָט, וועלן אים צעפּליקן, וועלן אומוואַרפן די סלופּעס...

צי וועט דער צוים פאַלן אין אַ קילער לבנה־נאַכט, נאָך דעם ווי אַ רײַטער אויף אַ ווײַסן פערד וועט אויסשאַלן די בשורה, אַז די וואָס האָבן דעם צוים אויסגעטראַכט, האָט די ערד אײַנגעשלונגען? אין געטאָ וועט ווערן אַ גע־רודער. ייִדן וועלן אַרויס מקבל־פּנים זײַן משיחן. ווערט דאָך געזאָגט אינעם פּסוק, אַז אויף משיחן קאָן מען זיך ריכטן טאָג־טעגלעך...

צי וועט דער צוים פאַלן בעת אַ שלאַקסרעגן, אַ דורכגעמישטן מיט דונערן און בליצן? די ערד וועט ציטערן און דאָס ווילדגראָז, וואָס איז

אַנגעוואַקסן לענג־אויס דעם שטעכלדראָט, וועט זיך בייגן און נייגן צו דער גוטער מאַמע־ערד און וועט אַליין זיך אויסרײַסן מיט די וואָרצלען — כּדי אָפּצוטרעטן דאָס אָרט פֿאַר מענטשנטריט.

לאַנג, לאַנג איז אַלץ אומקלאָר, ווי אַזוי דער צוים קאָן פֿאַרשווינדן. וועט ער פֿאַלן בלויז דערפֿאַר, וואָס מיר וואַרטן, שמאַכטן, גייען אויס מיט די כּוחות? און אפשר דאַרפֿן מיר אים גאָר מיט אונדזערע לעצטע כּוחות צענעמען, צערײַסן, מיט פֿײַער און אייגענעם בלוט אָפּווישן פֿון דער ערד, מעג עס באַטײַטן אונדזער סוף!

צי וועלן דעם צוים איבערברעכן די וויניקע, די גוטע און דרייסטע פֿון אונדזערע שכנים אויף דער פֿרײַערער זײַט? איבערברעכן און זאָגן: „לויפֿט, ראַטעוועט זיך, ווער עס קאָן, ווער עס דערוועגט זיך, מיר וועלן אײַך העלפֿן!"

און אפשר וועלן אין דער פֿינצטער באַפֿאַלן דעם צוים קעמפֿער פֿון וואַלד צוזאַמען מיט די אַוועקגעגאַנגענע אַהין שליחים פֿון געטאָ און וועלן פֿון אים קיין שריד־ופּליט ניט לאָזן?

און אפשר וועט דער צוים גאָר פֿאַלן אונטער די קלעפּ פֿון די באַפֿרײַער, וואָס לייגן זיך דורך דעם וועג אַהער מיט זייער קאַמף־עקשנות און פֿאַרן פּרײַז פֿון אייגענעם בלוט און לעבן?

געוויס וועט פֿאַלן דער צוים! צי וועלן מיר דערצו זוכה זײַן, אויב מירן זיצן מיט צונויפֿגעלייגטע הענט און בלויז וואַרטן? אָ, אונדזערע געפּענטעטע, אין קנעכטשאַפֿט־קייטן פֿאַרקאָוועטע הענט! נאָר ווי האָט געזאָגט דער דיכטער: „בלויז דער איז ווערט די פֿרײַהייט און דאָס לעבן, ווער ס׳טוט זיי טאָג־טעגלעך דעראָבערן".

זענען מיר ווערט, דער צוים זאָל פֿאַלן?

## דער גרימצאָרן פֿון די געשלאָגענע

די בלוטפֿאַנען מיט דער שוואַרצער האַקנקרייץ־שפּין אויף ווײַסע דיסקן באַמבלען זיך, אַראָפּגעלאָזטע אויף די פֿלאַגשטאָקן. טרויער בײַ די נאַציס — זיי האָבן געבראָכן האַלדז־און־נאַקן בײַ סטאַלינגראַד. פֿרייד בײַ אַלעמען, וואָס שמאַכטן אונטערן היטלעריסטישן יאָך. דאָס איז דאָך אַוודאי דער אָנהייב פֿונעם סוף, דער סוף פֿון די פֿעלקער־מערדער. אָבער מיר, פֿאַרשפּאַרטע הינטערן שטעכלדראָט, באַקומען גלײַך צו פֿילן, אַז פֿאַר אַן אויגנבליק פֿרייד דאַרף מען זייער טײַער צאָלן.

ווי געווייטנטלעך, אַזוי אויך הײַנט, אינעם „טרויערטאָג", טרײַבט מען

אונדז צו דער אַרבעט. אָנגעקומען אויף אַן אָרט, שטייען מיר אויסגעמוש־טירטע און וואַרטן. דאָס מאָל צעטיילט מען אונדז ניט אין גרופּעס, מען גיט ניט קיין לאָפּעטעס אָדער אַנדערע מכשירים. מיר שטייען און וואַרטן.

דער „שעף״ — אַ הויכער, פעטלײַביקער פעלדפעבל, אַ ליבהאָבער צו טומלען און בושעווען — קומט אָן אַ פאַרמרהשחורהטער. אַ שוואַרץ טרויער־בענדל — אין לאַץ פון זײַן מונדיר. די הענט אַראָפּגעלאָזט, פאַרשטײַפּט אין פויסטן, שטייט ער, דעם פינצטערן בליק צו אונדז געווענדט, ביז ער גייט אַרויס מיטן לשון:

— הײַנט איז בײַ מיר אַ צו ערנסטער טאָג, איך זאָל אַכטגעבן אויף דעם וואָס אונטערמענטשן טוען. מירן זיך הײַנט פאַרנעמען מיט אויפקלערונג.

אַ פּאָר שעה נאָך אַנאַנד האָט דער דאָזיקער „אייבערמענטש״ פאַר־נעמענדיק זיך מיט „אויפקלערונג״, צעלייגט אויף טעלערלעך די טעזיסן פון דער ראַסיסטישער מענטשן־פאַרטיליקונג. מיט אַ סך פּרטים האָט ער געשילדערט, ווי אַזוי יידן ווערן אומגעבראַכט, און אַרויסגעהויבן זײַן אַנטייל אין דער דאָזיקער „ערשטראַנגיקער מלוכהשער אויפגאַבע״. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז זײַן מאָרד־קאַריערע האָט ער אָנגעהויבן אין פּוילן, זעצט זי פאָר אין ליטע און האָט בדעה זי צו פאַרענדיקן אויף קאַווקאַז, ווו עס וואַרט אויף אים דער פּאָסטן פון אַ געגנטלעכן „פירער״...

— פרייט זיך ניט פאַר דער צײַט! רעדט זיך ניט אײַן, אַז אײַך דערוואַרט אַ בעסערער שיקזאַל ווי אײַערע ברידער, וועלכע מיר האָבן שוין אויסגע־לייגט. דעזינפיצירנדיק די וועלט, זענען זיי איבערגעטראַנספּאָרטירט גע־וואָרן צום אורפאָטער אַבראַהאַם, — האָט ער קאַטעגאָריש, מיט אַ ניט כאַראַקטעריסטישן פאַר אים אײַנגעהאַלטענעם טאָן, געפּרעדיקט. — אײַך איז באַשערט איינס — אומצוקומען. אַלע ביז איינעם! איר דאַרפט אויף דעם וואַרטן, גרייטן זיך, ווי מען זאָגט, פּסיכאָלאָגיש. איר דאַרפט באַנעמען, אַז איר זענט מינערוועריקע באַשעפענישן, מער מאַלפּעס איידער מענטשן. דעריבער איז אייער פליכט אונטערצוגיין, אָפּטרעטן דאָס אָרט פאַר הויך־אַנטוויקלטע וועזנס, וואָס דאַרפן רעגירן אויף דער וועלט. איך, צום בײַשפּיל, קאָן אַיעדן פון אײַך ליקווידירן — שיסן אָדער גאָר צובינדן איין פוס צו איין אויטאָ, דעם צווייטן פוס צו אַ צווייטן אויטאָ און געבן אַ צייכן, די מאַשינען זאָלן זיך פונאַנדערפאָרן אין פאַרשיידענע ריכטונגען. אַ פּרעכטיקע שוישפּיל, בעת אַן אונטערמענטש ווערט צעריסן אויף צווייען. נאָר הײַנט איז אַ צו ערנסטער טאָג, מען זאָל זיך פאַרנעמען מיט אַזוינע שפּאַסערײַען...

ס׳איז געווען אַ זעלטן שיינער טאָג פון אָנהייב פעברואַר. די זון פלעגט

אַרויסקוקן פון הינטער פאַרבײַשוּווימענדיקע ווײַסע פּוך־וואָלקנדלעך ווי וועלנדיק פעסטשטעלן, צי די וועלט איז ווערט איר צערטלענדיקע שײַן, דעם אָנקומענדיקן פרילינג.

„שטראַמשטיין", ס'הייסט פון אָרט זיך ניט רירן, מיט קיין אבר ניט טאָן קיין באַוועג און הערן דעם מטורפן סאַדיסט, איז געוואָרן אומדערטרעגלעך שווער. משמעות, אַז דאָס איז ער אויך אויסן געווען, ווײַל ער האָט מיט אַ קענטיקער שאַדנפרייד אָנגעהויפט בילדער פון אַלץ נײַע, איינע פאַר דער אַנדערער שוידערלעכערע רציחות.

אָבער נאָך דער וויסטער מפּלה אויפן פראָנט האָט דער „איבערמענטש" פאַרלאָרן אויך דעם פאַרמעסט מיט אונדז — אַסירים אָן מענטשנרעכט. זײַן גרימצאָרן האָט זיך אָנגעשטויסן אין אונדזער פאַרשטיינערטן גלײַכגילט. קיינער איז ניט אײַנגעבראָכן געוואָרן, ניט געחלשט אָדער גאָר אַראָפּ פון זינען. מיר האָבן זיך געקוויקט מיט דער שיינקייט פון דער נאַטור, געפרייט זיך וואָס בײַ די שונאים איז הײַנט אַ טרויערטאָג, און געטראַכט וועגן דער נאָענטער ישועה.

## „סימנים" — גוטע און שלעכטע

אוי, די „סימנים" וואָס יידן שטעלן זיך אויף. וויפל ישועות און נחמות האָבן אָט די „סימנים" אונדז שוין געזאָלט ברענגען, וויפל פורעניות, וויפל קלאָגן האָבן זיי אונדז „פאָרויסגעזאָגט" און... קיין מאָל קיין גוטס ניט געבראַכט און קיין מאָל, אייגנטלעך, געענו ניט פאָרויסגעזען די אָנקומענדיקע צרה.

לויט דער דאַטע ביז וואַנען ס'פלעגן גילטן די „באַשײַניקונגען פון יידן־פאַרשטייער" אַרומצוגיין אין שטאָט אָן באַוואַכונג (אין די ענינים פון געטאָ, פאַרשטייט זיך), האָט מען זיך פאַרגעשטעלט ביז וואַנען מיר קאָנען „שלאָפן רויִק". מען פלעגט זיך אײַנרעדן, אַז ביז אָט דעם טאָג וועט אונדז קיין שלעכטס ניט געשען. די דײַטשן האָבן זיך אָבער קיין מאָל ניט גערעכנט מיט זייערן אַ דאָקומענט צי אַ וואָרט, אַ געגעבענעם יידן.

ווען אַן אויסטאָ פון אונדזערע ברוינהעמדלדיקע בעלי־בתּים (ניט, חלילה, די גרין־גרויע געסטאַפּאָ!) פלעגט אַרײַנפאָרן אין געטאָ, האָט עס פאַר יידן געגאָלטן ווי אַ „גוטער" סימן: דײַטשן קומען מיט ענינים פון דער שטאָטישערווירטשאַפט, קומען מיט באַשטעלונגען, קומען פאָדערן אַרבעט־כּוחות. ס'אַ סימן פון לעבן... און גאָר אָפּט פלעגן דווקא די דאָזיקע, לכאורה אומשולדיק־

געשעפּטלעכע באַזוכן אונדז אַרויפּברענגען נײַע גזרות, נײַע כאַפּענישן און אַרויספירענישן פון מענטשן.

וואָס זאָל מען טאָן, ייִדן זוכן אַלץ „גוטע״ סימנים, מען וויל לעבן. קיין מאָל איז דאָס לעבן ניט אַזוי טײַער, ניט אַזוי ווייטיקדיק־זיס געווען, ווי אַצינד.

פאַרטיילט מען אין געטאָ די פּולע שפּײַז־נאַרמע, נעמט עס דער עולם אָן ווי אַ גוטן סימן: מיר זענען שוין מער ניט הפקר, די דײַטשן מוזן זיך מיט אונדז רעכענען... טאָמער פאַרקערט, מען קריוודעט אונדז בײַם אַרויס־געבן די בידנע שפּײַז־פּאַרציעס, טײַטשן ייִדן עס ווידער ווי אַ גוטן סימן: ס׳גייט די יעקעס מיט דער פּוטער אַראָפּ, זיי זענען עקאָנאָמיש רויִנירט און פאַרשפּילן אין גיכן די מלחמה... אַלץ סימנים אויף דעם פראָנט־באַראָמעטער, וואָס מיר האָבן זיך צוגעטראָכט. צי ווײַזט ער ריכטיק, אָט דער באַראָמעטער?

מען איז איצט תּמיד אָנגעשפּיצט צו איטלעכער קלייניקייט, וואָס קאָן אויף עפּעס אָנדײַטן. אָט האָבן די דײַטשן פון דער טויערוואַך אָפּגענומען בײַ אַ ייִדישן זייגערמאַכער זייערע זייגערלעך, איבערגעלאָזטע צו פאַרריכטן. ווערט עס תּיכּף אויסגעטײַטשט, אַז די דײַטשן האָבן מורא איבערצולאָזן זייערן אַ חפץ בײַ ייִדן, ס׳אַ וואָרנענדיקער, אַ „שלעכטער״ סימן — ס׳וועט זײַן אַן „אַקציע״.

טאָמער האָבן ליטווינער אין שטאָט געגומען רעדן וועגן דירות, וואָס וועלן פרײַ ווערן אין סלאָבאָדקע, ס׳הייסט אינעם שטאָטטייל, ווו די געטאָ, איז ווידער קלאָר, אַז עס וועט בײַ אונדז פאַרקומען אַן „אויסשיטערונג״...

די דאָזיקע און אויך אַנדערע „שלעכטע״ סימנים האָבן זיך דווקא אַרויס־געוויזן ווי גאָר־גאָרניט. אָבער די „גוטע״ סימנים האָבן קיין מאָל קיין גוטס אונדז ניט געבראַכט. פאַרקערט, אַ סך מכּלומרשטע פאַרלײַכטערונגען פלעגן אונדז געמאַכט ווערן ערב אַ נײַעם ביטער־שווערן קלאַפּ.

ס׳האָבן די דײַטשן צו אונדזער בידנער שפּײַזנאָרמע פּלוצעם דערגעבן אַ ביסל מאַרמעלאַד, אַ פענעצל געלן קעז. האָבן די זעלבע נאַצישע „וויל־טוער״ אין עטלעכע טעג אַרום מיט אַ שווידערלעכער רציחה אַרויסגעריסן פון געטאָ די קינדער און עלטערע לײַט און זיי אומגעבראַכט. אַן אַכזריותדיק פאַלשע אילוזיע האָבן געבוירן די פאַרטיילטע פּאַרציעס מאַרמעלאַד און קעז...

מען האָט אונדז פאַרבאָטן רעדן וועגן פּאָליטיק. מען האָט פאַרבאָטן באַזיצן און לייענען ביכער. מען האָט פאַרבאָטן לערנען מיט קינדער אין גרופּעס אָדער אינדיווידועל. מען האָט פאַרבאָטן דאַווענען בציבור און אַפילו ביחידות... דאָס אַלץ האָט מען ניט געקאָנט אָננעמען פאַר קיין „גוטע״

סימנים. און דווקא די אַלע גזרות האָבן אונדז קיין מענטשלעכע קרבנות ניט געקאָסט.

הײַנט האָט מען ניט געשלאָגן קיין ייִדן אויף דער אַרבעט בײַ די ווילדע פּראַיִם פון דער „וואָפן־עסעס", ווו די דײַטשן פלעגן כּמעט טעגלעך דורכפירן „שיס־איבונגען" אין פלעשער, אויפגעשטעלטע ייִדן אויף די קעפּ. רויִק איז פאַרבײַ דער טאָג אין דער „וואָפן־עסעס"... וואָס פאַר אַ „סימן" קאָן דאָס זײַן?

## אַרום איינער אַ שתדלנות

— איך בין בײַ אײַך, ווי מען זאָגט, מיט אַ שתדלנות. עס האַנדלט זיך וועגן קינדער, וועגן קינדער פון געטאָ, וועלכע מען דאַרף אַרויסטראָגן פון דאַנען... מאָרגן מוז איינע אַ פּרוּוו אַרויסגיין מיט דער בריגאַדע, וועלכע ס'נעמט אויף אַרבעט די וואַליקעס־פאַבריק. כ'האָב צו אײַך דעם פולן צוטרוי און וויל זײַן אָפנהאַרציק: ס'איז אָפּגעמאַכט, די פּרוּוו זאָל זיך טרעפן אין דער פאַבריק...

דער בעל־דעה אין דער ייִדישער געטאָ־אַדמיניסטראַציע, בײַ וועמען איך פּרוּוו אָנווענדן מײַן שטיקל אויטאָריטעט, פאַרשטייט וועגן וואָס עס גייט אַ רייד. דעריבער האַקט ער מיך איבער:

— איך וויל אויך זײַן אָפנהאַרציק און אַרויסזאָגן מײַן שטאַנדפּונקט. איך וויל אײַך פרעגן: פאַר וואָס ווילט איר זײַן אַן אויסנעם?

איך האָב דערפילט אינעם אונטערגעשטראָכענעם „איר", אַז דאָס מיינט ער ניט מיך פּערזענלעך, נאָר די אין וועמענס נאָמען איך בעט. לויט דער באַטאָנונג פונעם וואָרט „איר" האָב איך אויך געפּרוּווט אָפּשאַצן זײַן באַציִונג צו „אונדז". נאָר אָט צערעדט ער זיך ווידער. און טאַקע אויפהייבנדיק די שטים, און טאַקע זייער תּקיף:

— פאַר וואָס ווילט איר זיך אויסטיילן פון אַלעמען? וואָס עס וועט זײַן מיטן כּלל וועט זײַן מיטן יחיד. און בכלל, וואָס איז עס פאַר אַ וואָרפן ייִדישע קינדער אויף הפקר? וואָס וועט פון זיי דאָרטן ווערן, בײַ די גויִים, אויב מירן ניט זײַן? פאַסטעכער, גאַסנמוידן... איז אויף אונדז נגזר געוואָרן אומצוקומען, דאַרפן מיר אַלע אַן אויסנעם גיין אונדזער גורל אַנטקעגן — אויפן אַלטן, ווירדיקן און אויסגעפּרוּווטן וועג פון קידוש־השם...

בעת מיר רעדן קומט אין קאַבינעטל אַרײַן אַ מאַנצביל מיט אַן אָרעמ־באַנד פון אַ „שיכטלייטער", ס'הייסט אַן אָנפירער מיט אַ וואַכטע. דער־

זעענדיק מיך האַלט ער זיך אָפּ פון אויסלייגן זײַן ענין און וואָרט. איך בין אָבער ניט געגייגט צו פירן אַ וויכּוח אינעם בײַזײַן פון אַ דריטן. נאָר אַז דער דריטער טראַכט ניט אַוועקצוגיין און אַרויסנעמענדיק אַ פּעקל אַרבעטס־קאַרטן, וויל ער שוין צוטרעטן צו זײַן, אַ פּנים, דרינגענדיקן ענין, נעמט דער צו וועמען כ׳בין געקומען, האַסטיק פּאַרענדיקן מיט מיר:

— עס וועט גאָרניט אַרויס. איר פּאַרשטייט, אויב לאָזן מיטגיין מיט דער בריגאַדע אײַערן אַ מענטשן, מוזן מיר ברעכן די אָרדענונג, אַרויסנעמען אַ שטענדיקן מיטגליד פון דער בריגאַדע און שיקן ערגעץ אַנדערשוווּ. בײַ דער איצטיקער אָנגעשפּאַנטער סיטואַציע האָב איך אויף דעם גאָר קיין מאָראַלישע רעכט ניט. טאָמער פּאַסירט וואָס?

כ׳האָב געוווּסט, אַז דער וואָס רעדט אַזוי פּאַטעטיש־דערהויבן און פלומרשט פּרינציפּיעל, איז אַ גרויסער עקשן און אים איז שווער צו איבער־צײַגן אָדער איבערשפּאַרן. דערצו סטאַרטשעט דאָ דער „שיכטלייטער", צוליב וועלכן מען טאָר גאָר אָפן ניט רעדן. אָבער געמוזט האָב איך כאָטש ווי ניט איז דערווידערן. האָב איך אַ ביסל פּאַרנעפּלט געגעבן אָנצוהערן וועגן דער וויכטיקייט פון מײַן שליחות:

— עס האַנדלט זיך וועגן קינדער, וועגן ראַטעווען ייִדישע קינדער. נעמט איר זיך דאָס מאָראַלישע רעכט?

— איך נעם!

ס׳איז איבעריק געווען ווײַטער צו שטרײַטן, איבעריק צו דערוואַרטן הילף פון אָט דעם מענטשן. אַוועקגייענדיק מיט גאָרניט האָב איך, ווי פּאַר־געזעצט אין די מחשבות דעם וויכּוח מיט אים. איך בין דאָך געבליבן שולדיק דעם ענטפער אויף זײַן טענה מכּוח דעם קידוש־השם. די ייִדישע פרויען וועלכע טראָגן אַרויס קינדערלעך פונעם וואַלפס מויל, ריזיקירן און באַצאָלן צו מאָל מיטן לעבן. די מענטשן אין שטאָט און דאָרף וועלכע טוליען צו אַ ייִדיש קינד, ריזיקירן און באַצאָלן צו מאָל מיטן לעבן, אויב מען כאַפּט זיי. איז עס ניט קיין הײַנטצײַטיקער קידוש־השם, צי אפשר קידוש־המוות אָדער גאָר קידוש־המענטש?

פונעם געדאַכן וויכּוח בין איך אַריבערגעשפּרונגען צו דער פּראַקטישער זײַט פון דער זאַך: ווי דערמעגלעכט מען פּאָרט דער פרוי אַרויסצוגיין אַהין, ווו זי האָט בייטיק? געטראַכט, אויפגעשטעלט פּלענער.

איך פּאַרשטיי ניט, ווי אַזוי מיר האָבן זיך ווידער געטראָפן פּנים־אל־פּנים מיט יענעם „שיכטלייטער", און טאַקע דעם זעלבן אָוונט. מעגלעך, אַז ער האָט מיך ספּעציעל געזוכט, מחמת ער האָט אַן הקדמות אָנגעהויבן:

— קומט מיט דער פרוי מאָרגן אין דער פרי צום טויער. אָדער זאָל זי אַליין מיך דאָרטן אויפזוכן און זאָגן, אַז זי איז באַשטימט צו גיין אין דער וואַליקעס־פאַבריק. ס׳פּאַסירט, ניט אַלע בריגאַדע־מענטשן שטעלן זיך צו צו דער אַרבעט. ווען זיך שאַפן אַ פריַי אָרט, איז געוויס גוט. אויב ניט, וועלן מיר שוין עפּעס צוטראַכטן... ניט שטענדיק איז כדאי אָנצושפּאַרן צו דער העכסטער אינסטאַנץ. און לאָזט צו רו אויף להבא די אַזוי גערופענע „פּרינציפּיעלע״...

כ׳האָב, פאַרשטייט זיך, מיט פרייד אָנגענומען די אַזוי אומדערוואַרט פאָרגעשלאָגענע הילף. און דערבײַ איבערגעטראַכט, ווי אַזוי דער דאָזיקער „אומפּרינציפּיעלער״ מענטש האָט געקאָנט זיך דערוויסן וועגן מײַן שתדלנות. סײַדן זײַן אויפגערעגטער שעף האָט נאָך מײַן אַוועקגיין זיך אויסגעטענהט פאַר אים וועגן „קידוש־השם״ און וועגן קינדער, וועלכע מען וויל „אַרויס־וואַרפן אויף הפקר״... אויסגעהערט יענעמס טענות, האָט ער געמאַכט אַן אייגענעם אויספיר.

## צוליב אַ פּאַטאַ

אויפן פּלעצל בײַם טויער האָט מען עפנטלעך געשמיסן אַ מיידל. גע־שמיסן האָט זי ניט קיין קלענערער אין ראַנג, ווי דער נײַער ממונה אויף די „יידן־אַנגעלעגנהײַטן״ בײַם שטאָט־קאָמיסאַר, דער ברוינהעמדלדיקער עסאַ־מאַן מילער — אַן אמתער מטורף, נאָר צום גליק ניט קיין בלוטדאָרשטיקער אַכזר. געשמיסן האָט ער מיט דער הוילער האַנט אויפן מיידל נאַקעטן לײַב און זי איז לײַכט אָפּגעקומען.

מען האָט אויך געוווּסט צו דערציילן, אין וואָס איר חטא איז באַשטאַנען. מילער האָט זי געכאַפּט אין אַ שטאָטישער פּאַטאַ־אַטעליע. כאָטש זי האָט ניט אויסגעזען „טיפּיש״, איז זי דעם נאַצי געוואָרן חשודיק. (אַגב, איז אייגנע פון זײַנע שוואַכקייטן געווען צו זען שיִער ניט אין יעדן שטאָטישן אײַנוווינער אַ געלאָפּענעם פון „זײַן״ געטאָ. פלעגט ער ניט אויפהערן פאַרהאַלטן און קאָנטראָלירן מענטשן אין גאַס.)

די דאָס מאָל פאַרהאַלטענע איז געווען חנעוודיק, שטאַלטנע און געקאָנט צוציִען אַ מאַנצבילש אויג. ניט האָבנדיק קיין אַנדער תירוץ צו פאַרפירן מיט איר אַ שמועס, האָט מילער אַ פרעג געטאָן:

— ביסטו ניט צו מאָל „אַוס מײַנעם געטאָ״?

דאָס מיידל האָט זיך פאַרלוירן און טראַכטנדיק, אַז קיין דאָקומענט האָט

זי ניט, אַנווײַזן ווו זי וווינט אין שטאָט קאָן זי ניט, איז שוין גלײַכער צו זאָגן דעם אמת. יאָ, זי איז פון געטאָ.

— און וואָס טוסטו אין דער פאָטאָ־אַטעליע? — האָט, אַן אויפגעשרויפטער פון זײַן גרויסער הצלחה, געפרעגט דער ברוינהעמדלדיקער.

— איך וויל זיך פאָטאָגראַפירן, — האָט דאָס מיידל ווידער געזאָגט דעם אמת.

— זיך פאָטאָגראַפירן?! — זענען מילערס קעלבערנע אויגן שיִער ניט אַרויסגעקראָכן פון זייערע לעכער. — צו וואָס זאָל זיך אַ יודנמיידל פאָטאָ־גראַפירן?

פאַרשטייט זיך, ס׳האָט דאָס מיידל פאַרשוויגן, אַז די פאָטאָ איז איר נייטיק פאַרן „אַרישן" דאָקומענט, וועלכן אַ גוטער פרײַנד אין שטאָט האָט איר געלאָזט מאַכן. אָבער ענטפערן דאַרף מען. זאָגט זי:

— אין געטאָ האָבן מיר ניט קיין שפּיגלען. וויל איך זען ווי איך זע אויס. וויל זיך לאָזן אַן אָנדענק...

— ווי דו זעסט אויס, וועלן אַלע זען! — האָט דער נאַצי צופרידן גע־פסקנט און אַוועקגעפירט דאָס מיידל צום געטאָ־טויער, פאַסמאַקעווענדיק זיך שוין אונטערוועגנס פון דער הנאה וואָס אים שטייט פאָר.

ער האָט זי טאַקע מיט גרויס הנאה אָפּגעשמיסן און געלאָזט „לויפן".

אויף מאָרגן איז דער היטלעריסטישער מטורף געקומען זוכן אין געטאָ דאָס „נעכטיקע" מיידל. דער טעם פון אײַנציילן איר נאָך אַ פּאַרציע שמיץ האָט, ווײַזט אויס, געצונדן זײַנע געבליטן. ווי אַ באַזעסענער האָט ער זיך געוואָרפן אין אַלע זײַטן, געשריִען, געפּאָדערט, מען זאָל אים תּיכּף אויפזוכן די פאַרברעכערין, ווײַל איר קומט נאָך שמיץ. נעכטן האָט זי באַקומען פאַרן אַרומשמײַען איבער דער שטאָט. הײַנט וועט זי קריגן פאַרן אַראָפּנעמען די געלע לאַטעס...

דאָס מיידל האָט אָבער ניט געוואַרט אויף דעם צווייטן ראַנדעוווּ מיטן הויכגעשטעלטן נאַצי. אַן אַ פאָטאָ, אָן אַ דאָקומענט האָט זי זיך אַרײַנגע־וואָרפן אין קעסלגרוב פון דער „פרײַער" שטאָט.

## אַ דיאַלאָג בײַ נאַכט

— מען שיסט!

— שוין צײַט זיך צוגעוווינען. ס׳איז דער אַקאָמפּאַנימענט פון אונדזער לעבן.

— אַקאָמפּאַנימענט... אַ שיינער אויסדרוק. ווייסט, דו ביסט ניט נאָר אַ ווילער יאָט. ביסט אַ פּאָעט. ווידער שיסט מען! ניין, כ׳קאָן ניט מער! ס׳איז אַזוי שווער זיך צוגעוווינען צום דאָזיקן אַקאָמפּאַנימענט. זאָג, דאָס שיסט מען סתּם אַזוי?

— אַוודאי. סתּם אַזוי. די וואַכלײַט בײַם צוים פֿאַרווײַלן זיך. אַזאַ צײַט־פֿאַרטרײַב.

— טאָ פֿאַר וואָס איז דײַן האַנט קאַלט און די פֿינגער דײַנע צוקן?

— דערפֿאַר איז הייס מײַן האַרץ. זײַן ציטער גיבן איבער מײַנע פֿינגער.

— דו ביסט אַן אמתער פּאָעט.

— דאָס וועט יעדערער ווערן לעבן דיר. אַפֿילו אין געטאָ.

— דערמאָן ניט די געטאָ. פֿאַרגעס זי. וואָס פֿאַר אַ וווּנדערלעך אויס־געשטערנטע נאַכט! דערצייל, דערצייל וועגן וואָס דו ווילסט. ווי שטענדיק, דו קאָנסט דאָך איבערדערציילן גאַנצענע ביכער. און הײַנט שווײַגסטו. ווילסט אַוועקגיין?

— וואָס רעדסטו! ווען איך שווײַג לעבן דיר, נעמען מײַנע געפֿילן...

— ששש־אַ... מען גייט.

— האָב ניט מורא. מסתּמא אַזאַ פּאָרל, ווי מיר.

— אַזאַ פּאָרל... כ׳הער, מען זוכט אַ זײַטיקן ווינקל אין הויף. אַזוי, ווי מיר... וואָס האָסטו צוגעטראַכט? זיך קושן? דאָס איז צו פֿיל.

— צו פֿיל?

— יאָ. מען טאָר ניט.

— מען טאָר ניט?

— מען טאָר ניט, כאָטש איך טראַכט אַן אַנדערש מאָל, אַז אָט, כ׳וועל שטאַרבן ניט האָבנדיק פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון לעבן... זאָג, אויך מיר וועלן אומקומען? אויך אונדז וועט מען פֿירן צו דער גרוב, הייסן זיך אויסטאָן און דערשיסן? פֿאַרגראָבן אין דער פֿײַכטער ערד... ניין, ניין!

— מיינסט, אַז אייניע איז באַשערט צו שטאַרבן, און די אַנדערע — ניט?

— שרעקסט מיך?

— ניין. מען דאַרף בלויז זײַן גרייט אויף אַלץ. מיר זענען אין געטאָ.

— ווידער געטאָ. קוק, ס׳איז אַזאַ הימל! שטערנדלעך ווינקען אונדז צו... אַ הונט בילט. ערגעץ ווײַט־ווײַט הינטערן שטעכלדראָט... כ׳בין מקנא...

— דעם הונט?

— ניט אים נאָר פֿייגל בין איך אָפּט מקנא. זיי טוען אַ פֿאָכע מיט די פֿליגלען, פֿאַרשווינדן... ווי מיינסטו, מאָרגן וועט קיין שלעכטס אונדז ניט

געשען? אוי, מען שיסט ווידער! פאַר וואָס שווײַגסטו? ביסט מיד? אפשר הונגעריק? מ׳האָט דיך געשלאָגן אויף דער אַרבעט?

— כ׳האָב דאָך געזאָגט, אַז איך שווײַג אַזוי גערן לעבן דיר.

— הייסט עס, אַז איך דאַרף מיטשווײַגן. און כ׳בין אַזאַ פּלאַפּלערקע.

— אַ זיס מיידל ביסטו.

— הער אויף! כ׳פאַרבאַט קושן אַפילו די הענט. וואָס בין איך, זאָלסט מיט מיר טאָן וואָס דו ווילסט.

— אַ זיס מיידל ביסטו און זײַ וויסן — כ׳ליב... ביז דער סאַמע גרוב...

— ווידער גריבער...

— זײַ מוחל. מיר איז דאָס האַרץ ניט רויק. זאָג, אײַערע וואַכלײַט שטייען צו צו שיינע מיידלעך? אַוודאי קוקן זיי דיר נאָך.

— איך האָב ניט מורא. זייערע ראַסן־געזעצן פאַרבאָטן דאָך... ווי הייסט עס בײַ זיי — ראַסנשאַנדע...

— געזעצן... שאַנדע... דאַרטן, ווו כ׳האָב הײַנט געאַרבעט... אַ וואַכמאַן האָט אויסגעקליבן דאָס שענסטע מיידל און ערגעץ אַוועקגעפירט. צוריק־געקומען איז ער אַליין. האָסטו דיר ראַסנשאַנדע!

— אָט פאַר וואָס דו שווײַגסט.

— מעגלעך, אַז דערפאַר.

— האָב ניט מורא. מיט מיר וועט אַזוינס ניט געשען. איך וועל...

— וואָס וועסטו? וואָס? אָט, ווען איך בין אַן אָדלער! ווייסט, ווי ער טראָגט אַרויס זײַנע קינדער פון געפאַר? נעמט אַרײַן זײַנס אַן עופל אין שנאָבל, טוט אַ פלאַטער הויך־הויך.

— ששש־אַ, שטילער רעד. שטילער... און לאָז, כ׳וועל דיך אַ קוש טאָן. צום ערשטן מאָל. נאָר ניט צום לעצטן. הערסט, ניט צום לעצטן! און איצט

— געלאָפן! מען פאַרריגלט די טירן. מירן זיך טרעפן מאָרגן?

— לאָמיר האָפן.

— ס׳וועט ניט זײַן קיין אַקציע?

— לאָמיר האָפן.

— מירן בלײַבן לעבן?

— לאָמיר האָפן.

— אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע, גוטע נאַכט.

**זעלבסט־פאַרשטענדלעך**

די ווײַטערדיקע שורות דאַרפן גילטן בלויז ווי אַן אָנדײַט. זאָלן זיי דערמאָנען, זאָלן זיי מאָנען אַ תּיקון פֿאַר דער גרויסער מענטשלעכער טעמע, וואָס איך וועל דאָ בלויז באַרירן.

אין דעם פֿאַל איז עס געווען אַזוי.

אַ ווינטיקער, אַ רעגנדיקער האַרבסטאָוונט. אין דער טיר פֿון דער באַ־ווסטער ליטווישער שרײַבערין, סאָפּיע טשורליאָנענע, האָט אָנגעקלונגען ניט קיין הויכע, יונגע, בלאָנדהאָריקע פֿרוי. אַ בלאַסע, מיט אַ קענטלעכן אומרו אין דער שטים, האָט זי געבעטן שענקען איר עטלעכע מינוט.

אינעם ענגן צימערל, אַן אַרומגעשטעלטן מיט ביכערשרענק און ביכער־פּאָליצעס — דער שרײַבערינס קאַבינעט — האָט די געקומענע, ווי אַ שולדיקע אין עפּעס, גענומען זיך פֿאַרענטפֿערן:

— נעמט ניט פֿאַר אומגוט וואָס איך שטער אײַער רו. זײַט מוחל. ס׳איז די צײַט אַזאַ. אַן אומרויִקע, אַ בלוטיקע... אָקערשט האָב איך זיך אַרויסגעריסן פֿון הינטערן שטעכלדראָט. און אָט בין איך בײַ אײַך. פֿון געטאָ...

די שרײַבערין האָט אויפֿגעציטערט. נאָך אָנגעשטרענגטער, נאָך אויפֿ־מערקזאַמער גענומען אויסהערן די אומגעריכט געקומענע, וואָס האָט דער־ציילט:

— מיר, דערוואַקסענע, וועלן רײַסן צוימען, לויפֿן אין די וועלדער, וועלן זיך אויסבאַהאַלטן בײַ גוטע מענטשן. מירן טאָן, ווי איינער קאָן און דערוועגט זיך, ווי איינעם וועט געלינגען. וואָס טוען מיר אָבער מיט אונדזער קליינוואַרג? דאָס פֿאַרשאַרפֿטע פּאַרגעפֿיל בײַ געיאָגטע און געפּלאָגטע נאַרט אונדז ניט אָפּ: אונדזערע קינדער זענען יעדע רגע אויסגעשטעלט דער טויט־סכּנה. אָ, ווען זיי געפֿינען זיך בײַ אָנגעטרויטע הילפֿסגרייטע מענטשן! דעמאָלט וואָלטן מיר געהאָט פֿרײַערע הענט, געקאָנט זײַן דרייסטער... מיר האָבן באַשלאָסן זיך ווענדן צו אײַך, בעטן אײַער הילף... העלפֿט ראַטעווען אונדזערע קינדערלעך.

די שרײַבערין האָט פֿאַרשעריש אַרײַנגעקוקט אין די פֿײַכטע העלע אויגן פֿון דער אומבאַקאַנטער, ווי וועלנדיק דערגיין צי מען קאָן איר געטרויען. אַ ביסל געשוויגן, קענטיק, געיישובט זיך אין די געדאַנקען און געזאָגט:

— איך בין גרייט, כאָטש דאָס איז אַ שפּיל מיטן טויט. איך בין אַ קרענקלעכער מענטש, לײַד מיטן האַרץ. בײַ אַ שטאַרקער אויפֿרעגונג קאָן עס איבעררײַסן זיך אָפּשטעלן. פֿון דעסטוועגן בין איך גרייט. נאָר... כ׳לעב צוזאַמען מיט מײַן טאָכטער, מיט איר מאַן און קינדער. מוז איך פֿרעגן די

טאָכטער, צי זי איז מסכּים. איר פאַרשטייט דאָך, מיט וואָס מיר ריזיקירן. וואַרט צו אַ מינוטעלע.

די שרײַבערין איז אַרויס אין צווייטן צימער. די געקומענע האָט זיך אויפגעהויבן, געוואַרט שטייענדיקערהייט. נאָך לאַנג וואַרטן איז איר ניט אויסגעקומען. קענטיק, אַז קיינער האָט זיך דאָ ניט געקווענקלט.

אין דער טיר האָבן זיך באַוויזן די שרײַבערין און איר טאָכטער דאַנוטע, דאָס איינציקע קינד פונעם פרײַ־פאַרשטאָרבענעם גרויסן ליטווישן מאָלער און קאָמפּאָזיטאָר טשורליאָניס. דאַנוטע איז צוגעפאַלן צו דער אומבאַקאַנטער, אַרומגענומען זי ווי אַן אַלטן גוטן פרײַנד, און מיט אַ פּון טרערן פאַרשטיקטער שטים גערעדט:

— ברענגט, ברענגט אײַער קינד. מירן זוכן ערטער פאַר נאָך קינדער. ווי דען אַנדערש? מירן אויסבאַהאַלטן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, וועלן מיר העלפן, מיט וואָס מירן קאָנען.

די שרײַבערין, איר טאָכטער און איידעם וולאַדיס זובאָוואָס האָבן געטאָן די לעבנסגעפערלעכע הייליקע עבודה פון געבן אַ מקום־מיקלט ייִדן, אַנטרונענע פון געטאָ. געטאָן, וויפל זיי האָבן געקאָנט און מער נאָך, ווי זיי האָבן געמעגט...

די געקומענע יענעם האַרבסטאָוונט בעטן הילף איז געווען מײַן פרוי, בוסיע, און איינס פון די קינדערלעך וואָס די דאָזיקע משפחה האָט געראַטעוועט פון אומקום — אונדזער איינציק טעכטערל, אסתּר.

## צוויי נאָפּלען

אַ קאַלטער, האַרבסטיק־גרויער באַגינען. איבערן ברוק, צו פיר אין אַ ריי טרײַבט מען אונדז צו דער צוואַנגאַרבעט. רינגס־אַרום — באַוואָפנטע שומרים. איך קוק ניט אין זייער זײַט. כאַפּ אַ בליק אויפן מאַנצביל, וואָס גייט מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ אין דער ריי פאַר מיר. זײַן רוקן דריקט און דריקט אַ געלער זעקסעקיקער שטערן. די שטאַרק אָפּגעטראָגענע שוואַרצע קורטקע איז איבערגעבונדן מיט אַ שטריק, אויף וועלכן עס באָמבלט זיך אַ בלעכן עסגעשיר. איך קוק אויפן מאַנצביל מיט האַרצקלעמעניש: איך קען אים דאָך אַזוי גוט! ס׳איז מײַן שול־חבר און פּענבברודער אליעזר היימאַן. כ׳קוק אויף אים, באַדויער און כאַפּ זיך: פּונקט אַזוי זע איך דאָך אויך אויס. ווי אין אַ מוטנעם שפּיגל זע איך טאַקע זיך — מיט אַ שטריק אַרום די לענדן און אויף אים איז אָנגעהאַנגען מײַן עסגעשיר. ס׳איז דער נאָפּל

דורך וועלכן דײַן אויסגענאָגטער גוף האָלט נאָך אויף די פֿאַרבינדונג מיטן לעבן. בעת דער מיטאָג־הפסקה אויף דער אַרבעט ביסטו בײַ דער פעלדקיך, און ווען ס׳דערגייט דײַן ריי, גיסט מען דיר אָן אין עסגעשיר דײַן פּאַרציע „זופּ" — אַ געדיכטס וואַסער מיט אַרומשווימענדיקע שטיקלעך קרויטבלעטער. ס׳פּאַסירט, אַז דווקא דעמאָלט ווען מען רייניקט די קעסלען, ביסטו ווידער בײַ דער פעלדקיך. אויב עס שפּילט דיר צו דאָס מזל, סקראָבעט מען דיר אָן אַ ביסל פונעם איבערבלײַבעכץ אויפן דעק. האָסטו שוין וואָס מיטצונעמען „אַהיים" אין דײַן עסגעשיר. אַלע, אַלע טראָגן צוגעפעסטיקט צו די לענדן זייער עסגעשיר...

מיר שלעפּן זיך צו דער צוואַנגאַרבעט. וועלן ביזן טיפן פֿאַרנאַכט אויס־לאָדן פון וואַגאָנען האָלץ אָדער צעמענט, וועלן גראָבן טראַנשייען אָדער שטופּן וואַגאָנעטקעס מיט בעטאָן. אויב אַלץ וועט גיין כּשורה, וועלן מיר, מידע, אויסגעשעפּטע, זיך אומקערן אין געטאָ צו די אייגענע. און אויב מירן אַזוי דורכשטופּן די טעג ביז זונטיק, וועל איך, מעגלעך, זיך אַרײַנכאַפּן צו דעם, וואָס איך זע איצט פֿאַר מיר ווי אין אַ מוטנעם שפּיגל, צו היימאַנען אין שטיבל, וווּ בלויז ער אַליין ווױנט דאָרטן מיט זײַן פרוי און עלטערן. מיר וועלן ביידע אויסמאַרקירן אַ גינציקע מינוט, ווען קיינער וועט אויף אונדז קיין אַכט ניט לייגן, און וועלן איבער אַ לייטער זיך אַרויפכאַפּן אויפן בוידעם פונעם שטיבל. היימאַן וועט אָפּשאַרן דעם דינעם זאַמדאַנשיט וואָס איבערן געבעלק, און אַרויסנעמען פון אונטערן זאַמד עטלעכע ביכער. ער וועט מיר דערלאַנגען אַ פּאָר ביכער, פֿאַר זיך לאָזן אַ פּאָר. מיר וועלן זיך אײַנמאַסטען אויף די איבערגעקערטע קעסטלעך וואָס לעבן דעם דאַכ־פענצטערל, און גיריק וועלן מיר נעמען שלינגען זײַטל נאָך זײַטל. ס׳איז אַ צווייטער נאַפּל, אַ גײַסטיקער, וואָס פֿאַרבינדט אונדז מיטן מענטשן־מין און גיט אונדז כּוח צו בלײַבן מענטשן אינעם תּהום פון שיפלות און אומקום.

היימאַן האָט בעת דער „ביכער־אַקציע" ניט אָפּגעגעבן די ביכער, וואָס ער האָט אַרײַנגעבראַכט אין געטאָ. זיי, ווי אויך די וואָס ער האָט מיט סכּנת־נפשות אַוועקגעשלעפּט פון די זאַמלפּונקן, האָט ער צונויפגעטראָגן צו זיך אויפן בוידעם, אָפּגעגראָבן פונעם געבעלק דעם גאַנצן זאַמד־ און ליימאַנשיט און אויסגעלייגט אַנשטאָט דעם ביכער, באַדעקנדיק זיי מיט אַ דינעם זאַמד־שיכט.

זיצן מיר מיט היימאַנען און „כאַפּן אַרײַן". ווער ווייסט, וויפל ס׳איז אונדז באַשערט צו לעבן. מעגלעך, אַז אונדזערע טעג זענען געציילטע. דאַרף מען טאַקע אַרײַנכאַפּן...

ס׳איז בײַ אונדז אין געטאָ פֿאַרבאָטן דאָס בוך. און מיר האָבן געלייענט. געוועזן, פּאַקטיש, פֿאַרבאָטן שרײַבן. און מיר האָבן געשריבן. מיר, עטלעכע נאָענטע פּענמענטשן, פֿלעגן אַפֿילו צו מאָל זיך צונויפֿקומען, כּדי פֿאָרצור־לייענען איינער דעם צווייטן די לעצטנס אָנגעשריבענע לידער, דערציילונ־גען, פֿאַרצייכענונגען. ס׳איז שווער צו פֿאַרגעסן די דאָזיקע רגעס פֿון גײַס־טיקער התרוממות אין דער אַרומרינגלונג פֿון שטעכיקע דראָטן, נאַצישע שומרים און צעשראָקענע ייִדן פֿאַר זייער נאַקעטן קיום.

אויף איינער אַזאַ באַגעגעניש האָט אונדז היימאַן געמאַכט אַ סורפּריז. אַ טיף אויפֿגערודערטער האָט ער פֿאָרגעלייענט זײַנע, מיט דער אייגנטימ־לעכער פֿאַר אים פּלאַסטישער בילדערישקייט אָנגעשריבענע, קרישטאָל־לויטערע דערציילונג, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער שמעקע־דיקער לופֿט פֿון אַ גערטנדל פֿאַר אַ דאָרפֿכאַטע; אַ דערציילונג וואָס האָט זיך געבאָדן אין זון, אין מחיהדיקע בלומען־ריחות און אין באַרויִקנדיקן מאָנאָטאָנעם בינען־געזשום... לעבנס־נעקטאַר און ייִדישער גורל אין נאַצישן קלעם...

ס׳האָבן זיך מיר באַלד אַסאָציִירט מאַרק שאַגאַלס ייִדן, אַרויפֿגעהויבענע אין די הימלען וואָס איבערן ייִדישן תּחום־המושב, איבערן עמק־הבכא... און ס׳האָט געקומט היימאַנען אַ יישר־כּוח פֿאַר דער אילוזאָריש־אויסלייזע־רישער רגע, וואָס ער האָט געשאָנקען זײַנע צוהערער.

אויס קנעכטשאַפֿט, אויס שיפֿלות, אויס טויטקאָשמאַרן און אומקום... פֿאַר היימאַנען, דעם שרײַבער, איז די היטלעריסטישע געטאָ כּאילו לא היה ולא נברא.

## דער דאָקטער פֿון פֿאַרוועלטע חלאָתן

„איך בין געשטאַנען פֿאַר אים אויסגעצויגן, מיט אַ הוילן קאָפּ, די הענט אַראָפּגעלאָזט, דאָס היטל — אין דער רעכטער, געשטאַנען אַזוי, ווי ס׳איז אונדז באַפֿוילן צו שטיין פֿאַר דײַטשן. און ער איז בהרחבה געזעסן בײַם שרײַבטיש אין זײַן קאַבינעט — אַ יונגיטשקער, אַן אויסגעכאָליעטער, אין אַ בלאַנק־זויבערן, זאָרגעוודיק אויסגעפּרעסטן מונדיר און מיט ביטול מיך אָנגעקוקט.

— וויפֿל טיפֿוס־פֿאַלן האָט איר פֿאַרצייכנט אין געטאָ? — האָט ער געפֿרעגט פֿאַררײַסנדיק דעם קאָפּ. זײַן נערוועז פּײַקלען מיט די פֿינגער אין טיש האָט באַטײַט, אַז ער וואַרט אויף אַן ענטפֿער.

— קיין איינעם ניט, הער שאַרפירער! — האָב איך געענטפערט.

איז ער אויפגעשפרונגען און טוענדיק אַ זעץ מיט דער פויסט אין טיש, אויסגעשריִען:

— זאָגסט ליגן!

ער האָט מיך געדוצט, כאָטש לויטן עלטער האָב איך אים געקאָנט אַנגיין פֿאַר אַ טאַטן, און ווערליך דעם מעדיצינישן וויסן און פּראַקטיק — פֿאַר זייַנעם אַ פּראָפֿעסאָר.

— זאָגסט ליגן! — האָט געשריִען דער דייַטש. — אויף דער אַרישער זייַט פֿון זעלבן וועליאַנער געסל, בייַ די ליטווינער, האָבן מיר פֿאַרצייכנט עטלעכע פֿאַלן פֿלעקטיפֿוס. ווילסטו מיך אייַנרעדן, אַז אין געטאָ איז ניטאָ. אין געטאָ, וווּ מען הונגערט, וווּ מען לעבט אָן זייף, אָן אַ באָד, וווּ ס׳איז קאַלט און ענג, און שמוציק...

— ניטאָ, הער דאָקטער, הער שאַרפירער, הער אייַנזאַץ־פירער, — האָב איך ווידער דרייסט אָפּגעענטפערט, נאָר אין די טיטלען פֿונעם דאָזיקן יונגלינג האָב איך מיך פֿאַרפּלאָנטערט. — אונדזער סאַניטאַרע דינסט איז אויף דער וואַך. די הינט און קעץ, די עפּידעמיע־טרעגער, האָבן די הערשאַפֿטן אויסגעשאָסן...

בייַ אָט די ווערטער מייַנע האָט דער דייַטש אַ שמייכל געטאָן. אַוודאי איז אים פֿאַר די אויגן אויפֿגעשווומען דער בית־מדרש, וווּ די וואַכלייַט האָבן צונויפֿגעוואָרפֿן די הינט און קעץ, וואָס זיי האָבן געשאָסן אין געטאָ — „זיי זאָלן דאַווענען צום יידישן גאָט״... פֿילנדיק אַז די שטימונג פֿונעם דייַטש ווערט אויפֿגעהייַטערט, האָב איך זיך דערוועגט פֿרעגן:

— פֿילייַכט, צוליב אַלגעמיין־סאַניטאַרע מאָמענטן, פֿאַרשטענדלעך, וועט דערלויבט ווערן צו באַגראָבן די געשאָסענע פּירפּיסיקע?

האָט דער דייַטש מיך איבערגעהאַקט:

— אויסגעשלאָסן! דאָס קומט ניט אין באַטראַכט! אַזוי לאַנג ווי די דאָזיקע טויטע פֿאַרנעמען אין דער סינאַגאָגע אייַערע פּלעצער, זענען מיר זיכער, אַז איר וועט זיך דאָרטן ניט פֿאַרזאַמלען, ניט דאַווענען, ניט קריכן צו אייַער גאָט יעהאָוואַ... אייַער פֿליכט איז אַרבעטן! צוליב דעם לעבט איר. און איך וואָרן: געפֿין איך בייַ אייַך איין טיפּוספֿאַל, ווערסטו בייַ מיר עפֿנטלעך אויפֿגעהאַנגען דער ערשטער!

— כ׳בין גרייט צו הענגען, הער שאַרפירער! — האָב איך מיליטעריש אָפּגעראַפּאָרטירט מייַן דירעקטן שעף. און דאָס האָט געווירקט ווי אַ כּישוף״.

כ׳האָב דאָ איבערדערציילט דאָס, וואָס מיר האָט געהאַט פֿאַרטרויט דער

דאָקטער בראַונס, דער אַחריותדיקער מצד די ייִדן פֿאַר דער סאַניטאַרער לאַגע אין געטאָ.

איך זע אָפּט דעם דאָזיקן מענטשן. אַ הויכער, אַ סוטולעוואַטער, שטעלט ער ברייטע טריט, פֿאָכעט בײַם גיין מיט די לאַנגע הענט, ווי רודערנדיק אינעם לעבנסשטראָם.

איך ווייס: ער גייט צו זײַנע געהיים געהאַלטענע חלאָים, וואָס קרענקען אויף פֿאַרווערטע אין געטאָ חלאַתן. ער האָט ווי אַראָפּגעלאָזט אין אונטער־ערד בויכטיפוס און דיזענטעריע, בעיקר — דעם טויטגעשפּענפּט פֿון אַלע לאַגערן — פלעקטיפוס. איך ווייס זײַן מעטאָד אין אַזוינע פֿאַלן: ער צווינגט די שכנים און די אייגענע פֿונעם פֿאַרשלאָפֿטן צו פֿאַרלאָזן דאָס צימער, אָדער ס׳גאַנצע שטיבל באַפֿרײַען פֿאַרן קראַנקן ביזן „קריזיס״. בײַם חולה לאָזט ער איבער אַ צעטל מיטן דיאַגנאָז: „גריפּ״ אָדער „מאָגנגריפּ״, צי גאָר „לונגען־אָנצינדונג״.

איך זע אים, דעם דאָקטער, שפּאַנען איבער די געטאָגעסלעך מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ. דער אויסדרוק פֿונעם פּנים גיט אָבער אַרויס די אומרויִקע מחשבות, וואָס מאַטערן דעם מענטשן. מעגלעך, אַז ער האָט באַקומען אַ ביסל אַספּירין, דאָס איינציקע היילמיטל וואָס מען וואַרפֿט אַ מאָל צו דער געטאָ. מאַכט ער זיך חשבונות ווי אַזוי גערעכט צו פֿאַרטיילן, ווײַל אָפּ אין די געדאַנקען וועמען פֿון די קראַנקע איז די רפֿואה צום נייטיקסטן. און אפשר טראַכט ער וועגן אַ נײַעם פֿאַל פֿון אַ פֿאַרווערטער חלאַת, וועלכע ס׳איז באַזונדערש שווער צו האַלטן בסוד? אפשר איז גאָר אוממעגלעך צו איזאָלירן דעם חולה און ס׳דראָט אַ סכּנה, אַז אַנדערע זאָלן זיך אָנשטעקן און דעם סוד אַרויסגעבן?

דער דאָקטער גייט אַרום איבער דער געטאָ אויך בײַ נאַכט. אים איז עס דערלויבט. גאָר אָפּט, ווייסן מיר, טרעפֿט אַ קויל אַזעלכע אַרומגייער, אײדער זיי באַווײַזן צו צײַגן דעם אָנקומענדיקן וואַכמאַן זייער דערלויבעניש „פֿרײַ זיך באַוועגן צו יעדער צײַט״.

דער דאָקטער פֿאַרמאָגט אַ זעלטענעם זכּרון. אין אים טראָגט ער די אַדרעסן און נעמען פֿון די געהיים געהאַלטענע קראַנקע. ער ווייסט גענוי די צעוואָרפֿענע ערטער, וווּ דער מלאך־המוות צעפּירט דעם טיפֿוס־פּײַער. דאָ און דאָרטן פֿאַרלעשט דער דאָקטער דעם אויסבראָך פֿון אַ שׂרפֿה. ניט שאַנעווענדיק זיך, ריזיקירנדיק מיטן אייגענעם לעבן באַהאַלט ער אויס די קראַנקע, פֿאַר וועמען די דײַטשן האָבן איין תּרופֿה — אַ קויל...

אין צענטער פֿון דער געטאָ אויף אַ תּליה וויגט דער האַרבסטיקער ווינט

אַ געהאַנגענעם. כ׳האָב געזען דעם דאָקטער פאַרבײַגײן די תּליה. ער האָט אינסטינקטיוו אַרײַנגעצויגן דעם קאָפּ אין אויפגעשטעלטן קראַגן פון מאַנטל. כ׳קען דעם דאָקטער פון פריִער און ווייס: פאַר דער מלחמה פלעגט ער אין די גרעסטע פרעסט אַרומגיין אויף דער טעריטאָריע פונעם שפּיטאָל אין איין כאַלאַט, אָן אַ היטל, ניט מורא האָבנדיק זיך צו פאַרקילן. דעריבער קאָן איך איצט אָן קווענקלעניש זאָגן: ניט פון ווינט און ניט פון קעלט האָט ער זיך געשיצט. אין אָנבליק פון דער תּליה האָט ער אַוודאי אַ טראַכט געטאָן וועגן דער דראָונג, וואָס איז געפאַלן אויף זײַן אַדרעס: „אויב איך אַנטדעק אין געטאָ איין פאַל פון טיפוס, ווערסטו אויפגעהאַנגען!“

איין פאַל... ער באַהאַלט צענדליקער. נעמט דער דאָקטער שפּרײַזן נאָך האַסטיקער, אַנטשלאָסענער פאָכען מיט די הענט, ווי באַשיצנדיק זיך פון עמעצן. מעגלעך, אַז ער האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן זײַן פרוי און ביידע קינדער, צי וועגן דעם אַז די נאַציס פאַרטיליקן גאַנצע באַראַקן פון קריגס־געפאַנגענע, צווישן וועלכע עמעצער ווערט קראַנק אויף פלעקטיפוס. און אפשר האָט אויף ס׳נײַ אויפגעפלאַמט אים פאַר די אויגן די שׂרפה פונעם געטאָ־שפּיטאָל, וועלכן די רוצחים האָבן באַלד נאָכן פאַרשפּאַרן אונדז הינטערן צוים, פאַרברענט צוזאַמען מיט אַלע קראַנקע און מעדיציניש פּערסאָנאַל? געטאָן האָבן זיי דאָס מיטן אויסרייד, אַז אין שפּיטאָל זענען פאַראַן אַנשטעקנדיקע קראַנקע...

און ווידער עפנט דער דאָקטער די טיר פון זײַנעם אַ קראַנקן אויף „לונגען־אַנצינדונג“, פאַקטיש — פלעקטיפוס. דאָס שטיבל איז ליידיק פון מענטשן. די טיר איז שטענדיק אָפן פאַר אים און דער קראַנקן־שוועסטער, וואָס קומט (קלאָר, אַז אָן אַ כאַלאַט) דיזשורירן. דער דאָקטער וואָס קעמפט קעגן אַנשטעקנדיקע קרענק, האָט אָנגעשטעקט מיט מסירת־נפש זײַנעם אַ יונגן קאָלעגע און עטלעכע מעדיצין־אַרבעטערינס.

— נאָר אין איין אָרט איז דאָס טיפוס־פײַער געווען שטאַרקער פון אונדז און געברענט בײַ פיר חדשים, פאַרכאַפּנדיק אַ צאָל נײַע מענטשן. אָבער לסוף האָבן מיר אויך אים דערשטיקט כּמעט ווי מיט די הוילע הענט, — האָט בײַ אַ געלעגנהייט מיר פאַרטרויט דער דאָקטער.

איך ווייס, אַז איינער פונעם דאָקטערס קאַמפּדעוויזן איז: זויבערקייט! מיר דאַכט אָבער, אַז דעם מעדיצינישן זיג פאַרזיכערט דאָ אַ באַזונדערער מין דערהויבענע זויבערקייט...

**רשע־לשון... מאַמע־לשון...**

ס׳באַווײַזן זיך די ערשטע צוריקגעקומענע פון דער צוואַנגאַרבעט און באַלעבן די האַלב־אויסגעשטאָרבענע געטאָגעסלעך. מען גייט, מען שפּאַנט איבער די שמאָלע, קרומע און לאַמע טראָטואַרלעך און נאָך מער — איבערן ברוק וואָס איז צוליבן פאַרבאָט פון יעטווידן טראַנספּאָרט, אין גאַנצן פרײַ פאַר פוסגייער. אַלע אײַלן: ווער — אין זײַן ווינקל אויף נאַכטלעגער, ווער ס׳נוצט אויס די געלעגנהייט וואָס מען באַוועגט זיך אין געטאָ, צוצוכאַפּן זיך מיט ווייניקער ריזיקע צו אַ פרײַנד, צו אַ באַקאַנטן. בײַ טאָג וואָלט מען עס ניט געטאָן.

ס׳איז האַרבסט. אַ ווינט, בייז־פאַרכמורעט ווי דער גאַנצער אַרום, פאַר־טרײַבט די מענטשן אין זייערע אָפּדעכער. דעריבער האָט נאָך מער געקאָנט פאַרוווּנדערן דאָס, וואָס אין מיטן גאַס, אויפן ברוק האָבן זיך פאַרהאַלטן דרײַען און זיך גאָר אַרײַנגעלאָזט אין אַ שמועס.

און געווען איז עס אַזוי:

אַן אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער מאַנצביל, איבערגעגאַרטלט מיט אַ שטריק, מיט אַ בינטל שפּענער אונטערן אָרעם, האָט איבערגעיאָגט אַ פּאָר־פאָלק וועלכן ער איז אַ ווײַלע נאָכגעגאַנגען, און געזאָגט מיט כּעס:

— שעמט איר זיך ניט? שעמט איר זיך ניט צו רעדן אויף דעם רשע־לשון? דאָ, אין געטאָ! די שפּראַך פון די וואָס האָבן געשענדט די מענטשהײַט!

געזאָגט און ממש געציטערט פונעם געהאַמעוועטן צאָרן.

דאָס אָפּגעשטעלטע פּאָרפאָלק — ביידע שוין ניט קיין יונגע, לויטן אויסזען, אינטעליגענטע מענטשן, מיט אַ שטעמפּל פון גרויסשטאָטישקייט אויף זייער הילוך. ער — אין אַן אָפּגעטראָגן, אָבער זויבערן מאַנטעלע, אין פּעדאַנטיש אויסגעפּרעסטע הויזן. זי — טונקל געקליידט, מיט אַ שוואַרצן קאַפּטיכל, פון אונטער וועלכן ס׳האָט זיך אַראָפּגערוקט אויפן שטערן אַ זאַר־געווודיק אײַנגעלייגטער גרוילעכער לאָק. די געלע, פּינקטלעך אַרומגענייטע מגן־דודס — נײַע, בלאַנקעדיקע, מיט דער אויפשריפט „יודע". דאָס פּאָרפאָלק איז מבולבל געוואָרן, ניט געוווּסט צי גאָר ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן דעם שטרענגן באַשולדיקער.

דערפילנדיק עס, איז דער מאַנצביל וואָס האָט זיי פאַרהאַלטן, נאָך עזות־דיקער אַרויס אין אַנגריף:

— איר וועט געוויס באַלד אָנהייבן זיך פאַרטיידיקן: קולטור, ציוויליר־זאַציע... יאָ, אײַערע שאַנדלאַטעס מיט די פאַרקריפּלטע אותיות שפּיגלען אָפּ זייער גאַנצע קולטור און די גאַנצע ציוויליזאַציע... גענוג מיט דער שפּראַך,

אויף וועלכער עס רעדן די גרעסטע מערדער אין דער וועלט־געשיכטע!

אויסערלעך איַינגעהאַלטן, פאַרנייגנדיק זיך מיט אָפּשיַי, האָט דער דיַיטש־רעדנדיקער מאַנצביל זיך פאַרענטפערט:

— אַנטשולדיקט, ביטע, מיר זענען פּליכטלינגע, „פּליטים״, ווי איר זאָגט, פון דיַיטשלאַנד...

— אַזוי גאָר, — האָט זיך אָנגעצונדן דער מאַן מיטן בינטל שפּענער אונטערן אָרעם, — אויב אַזוי, וואָלט איר באַדאַרפט נאָך מער האַסן!.. פילט איר ניט, אַז יעדעס אַרויסגעזאָגטע וואָרט אויף אָט דער טריפהנער שפּראַך שניַידט דאָס האַרץ, ווי מיט אַ מעסער? איך קאָן זיך ניט מוחל זיַין, וואָס איך בין יאָרנלאַנג געווען אַ לערער פון דיַיטש. פאַרשאָלטן זאָל זי זיַין, פאַרשאָלטן די וואָס באַנוצן זי, לעולם־ועד.

עפנטלעך לאָזן פאַלן אַזעלכע רייד איז געווען אַ סכנה. ס׳זאָל דערהערן אַן אומפּרעַינד, קאָן עס קאָסטן דעם קאָפּ. נאָר קיינער האָט זיך פון אָרט ניט גערירט. די פרוי איז געשטאַנען אַ טויט־בלאַסע, פאַרגליווערטע. ביַי איר מאַן האָט געצוקט אַ פּלייצע. די דאָזיקע אינסטינקטיווע באַוועגונג האָט אים ווי געשטויסן רעדן, זיך פאַרענטפערן. אויפן האַלבן קול, מיט אַן אינערלעכן ציטער האָט ער דערקלערט:

— דאָס איז דאָך... ס׳איז די שפּראַך פון געטע און שילער...

די אָ ווערטער האָבן געווירקט אויפן געוועזענעם דיַיטש־לערער ווי אויפרײַסשטאָף.

— וואָס מיר געטע, וואָס מיר שילער! — האָט ער אַרויסגעפּלאַצט, אַזש אויפשפּרינגענדיק. — וואָס זענען זיי ווערט, אויב זייערע אייניקלעך קאָנען טאָן דאָס וואָס זיי טוען? ראַסן־געזעצן... מאָרדבאַפעלן... און אַלץ אויף אָט דער שפּראַך!

— ביטע, אַנטשולדיקט, ביטע, — האָט זיך געבעטן דער פּליט פון דיַיטש־לאַנד. — פאַרשטייט אונדז, פאַרשטייט. ס׳איז די שפּראַך פון געטע און שילער, פון היינע און איַינשטיין... ס׳איז אונדזער מוטערשפּראַך. אויב איר ווילט, איז עס די מוטער פון איַיער שפּראַך, פון איַיער יידיש, פון איַיער, ווי איר זאָגט, מאַמע־לשון...

מאָדנע ווייך, מאָדנע צאַרט האָט אויפגעקלונגען אין זיַין מויל דאָס וואָרט „מאַמע־לשון״. די נעמען פון די דערמאָנטע גרויסע דיַיטשן און יידן האָט ער אַרויסגעבראַכט מיט אַ קענטיקן ייִראת־הכּבוד. אין זיַין שטים האָט זיך דער־הערט אַן אינטאָנאַציע, וואָס האָט צוגעגעבן די ווערטער אַ טיפערן זין.

דער לערער פון דיַיטש איז ווי פריטשמעליעט געוואָרן און געשוויגן.

— מוטערשפּראַך... מאַמע־לשון... — האָט ער לסוף אַרויסגעשטאַמלט. דער וויכּוח איז איבערגעריסן געוואָרן.

אַ ניי־אָנגעלאָפּענער חוצפּהדיקער ווינט האָט ווי אַראָפּגעשטויסן די דריי מענטשן פון אָרט און אַוועקגעטריבן אין איין ריכטונג, לענג־אויס דער גאַס. דער געוועזענער לערער, אַן אַרומגעגאַרטלטער מיטן שטריק, צודריקנדיק צו זיך דאָס בינטל שפּענער האָט זיך אַוועקגעטראָגן פאָרויס. דאָס פאַרפאָלק איז אַלץ מער אָפּגעשטאַנען, האָט אַלץ מער זיך דערווײַטערט פון אים.

## קינאה

ס'איז ניט קיין שיינע מידה — קינאה. אָבער אַן אייגנטימלעכע דעם מענטש.

אין יענע, ווי אונדז דאַכט זיך איצט, ווײַטע צײַטן, ווען מיר זענען געווען מיט לײַטן גלײַך, האָט עס אויסגעזען בדרך־הטבע, אויב עמעצער איז מקנא געווען אַ צווייטן זײַן ווױלשטאַנד אָדער הצלחה, שלום־בית אָדער געראָטענע קינדער. קינאה בײַ שרײַבער, קינסטלער, אַרטיסטן האָט מען באַטראַכט שיִער ניט ווי אַ געווּנטשענע דערשײַנונג. קינאת סופרים תרבה חכמה — דאָס אייפערן בײַ שרײַבער פאַרמערט חכמה — האָט פעסטגעשטעלט אַ ווערטל פון קדמונים.

פאַרמעגן, הצלחה, שלום־בית, שפּעריִשע דערפאָלגן... וועמען גייט דאָס אַלץ אָן הײַנט? מיר טאָרן קיין זאַך ניט פאַרמאָגן. אונדזער פאַמיליע־לעבן הענגט אויף אַ האָר — מען צעשיידט פרויען פון מענער. ס'איז פאַרבאָטן צו געבוירן קינדער. שפּעריִשע טעטיקייט איז פאַרווערט... האָט שוין במילא דאָס נאַטירלעכע, דאָס מענטשלעכע קינאה־געפיל באַקומען גאָר אַנדערע דימענסיעס.

אָט: אַן אמתער פאַרמעג איז בלאָנדע האָר, העלע אויגן, אַ פאַררייסן נעזל — אַ „גוט אויסזען". דאָס איז הײַנט עפּעס ווערט. און צום „גוטן אויסזען", אויב מען האָט נאָך אַ גוטע אויסשפּראַך אין ליטוויש! אַזאַ איינעם איז מען טאַקע מקנא: „אָ, ווען איך זע אויס אַזוי!"

קומט אויף ניט ווילנדיק די פראַגע: „וואָס זיצט זי אין געטאָ?"

און וואָס וואָלסטו געטאָן, מענטש איינער, אויף איר אָרט?

און אַז מען טרעפט דאָ אַ בלאָנדע פרוי (איבערהויפּט טאַקע — אַ פרוי), פאַראַן אויף דעם אַ גרייטער ענטפער: „כ'וואָלט ריזיקירט, געלאָפן ווו די אויגן טראָגן, געזוכט מענטשן, אמתע מענטשן, געלאָפן אין וואַלד"...

ניט שיין, ניט פאַרמעגלעך, ניט גליקלעך (וואָס איז גליק הינטערן שטעכלדראָט ?) דאַרף מען דאָ זײַן, נאָר בלאָנד, העל־אויגיק. ווער עס האָט אַ „גוט אויסזען", קאָן זיך דערלויבן טרוימען, האָפן, אַז ער וועט זיך אַרויס־רײַסן פונעם טויטקלעם. ער קאָן כאָוועץ דאָס געפיל, אַז ער איז ניט אין גאַנצן אַנטוואָפנט. אויף דער „אַרישער זײַט" וועט מען אים ניט דערקענען, ניט פאַרהאַלטן, ניט איבערגעבען געסטאַפּאָ. מיט אַן אילוזיע איז לײַכטער. צו די וואָס זיצן אין געטאָ, האָבנדיק אַ „גוט אויסזען", קומט מען אַפילו מיט פּרעטענזיעס: וואָס שטעקט איר הינטערן צוים ?

ס'איז לײַכט צו מאַכן פאָרוואורפן יענעם. מעגלעך, אַז די „גוט אויס־זעענדיקע" האָבן טענות צו זיך אַליין, למאַי זיי פּרוּוון ניט אויס זייער מזל, שטעלן ניט אײַן דאָס לעבן. משמעות, אַז די אויסערלעכע הילע איז נאָך ניט אַלץ. צום „גוטן אויסזען" דאַרף מען נאָך עפּעס. מוט ? דרייסטקייט ? הפקרישן, קאָפּברעכערישן אַוואַנטוריזם ?

עס דאַכט זיך, אַז זיי, די „גוט אויסזעענדיקע", זענען מחויב צו ריזיקירן מיטן קאָפּ (וואָס איז דאָ צו פאַרלירן ?), מעגן ריזיקירן מיט די סאַמע נאָענטסטע (בײַ אונדז גילט, ווי באַוווּסט, קאָלעקטיווע אַחריות אין פאַל, אויב מען ווערט געכאַפּט). זיי טאָרן ניט בלײַבן גלײַכגילטיק־פּאַסיוו און לאָזן ניט אויסגענוצט זייער גײַע עשירות — דעם „גוטן אויסזען".

מען איז מקנא אין געטאָ מענטשן מיט בלאָנדע האָר און העלע אויגן.

## ס'ברענט דאָס פײַערל

זי גייט אַרום, ווי אַ קאַנאַטן־גייערין. זי ווייסט אָבער, אַז טאָמער ווערט זי געשטרויכלט, פאַלט זי ניט אַרויף אויף קיין אויסגעשפּרייטער רעטונגנעץ. אונטער דעם קאַנאַט איז אַן אָפּגרונט.

זי גנבעט זיך אַרויס פון געטאָ דורכן צוים, באַוועגט זיך אין שטאָט אָן לאָטעס, קלאַפּט אין פרעמדע טירן און מאַכט פרעמדע מענטשן אַ לעבנס־געפערלעכן אָנבאָט.

אַנומלט איז איר אויסגעקומען צו שפּרינגען דורך אַ פענצטער און אַנטלויפן, בעת דער, וועמען זי האָט דעם אָנבאָט געמאַכט, האָט זיך געכאַפּט צום טעלעפאָן... אַ גליק וואָס פאַרגעקומען איז עס אויפן ערשטן שטאָק, און דאָס פענצטער איז מחמת דעם וואַרעמען וועטער געשטאַנען אָפן. הײַנט האָט זי געהאַט אָנגעקלונגען אין איינער אַ טיר און האַלטנדיק נאָך די קליאַמקע, דערזען אין קאָרידאָר הענגען אַ היטלעריסטישע פּאָליציי־אוניפאָרם. אַ גליק

וואָס זי האָט ניט באַוויזן אַרויסצוקומען מיט איר שלעכט ליטוויש־לשון...
— איך האָב אַ טעות, — האָט זי אַ מורמל געטאָן און פאַרקלאַפּט די טיר.
נאָכן דערזען די אוניפאָרם האָט דער אימפּעט זי אַוועקגעטראָגן אין עק שטאָט.
קליינע, אַלטע, צו דער ערד צוגעדריקטע שטיבלעך. אין וועלכן פון זיי אַנקלאַפּן? אַנקלאַפּן ביי אַזאַ שעמערירנדיקער זונשיין און אַרויפוויייען אויף מענטשן אַ כמאַרע — די טויט־סכּנה.
זי זוכט אויס, ווי איר שיינט, דאָס קלענסטע, באַשיידנסטע שטיבל.
אַן עלטערע פרוי לאָזט זי אַריין אין פירהויז און וואַרט אַן אומצופרידענע, אומגעדולדיקע. נאָך דעם ווי די אומגעבעטענע אורחטע זאָגט, אַז זי איז הונגעריק, מיד פונעם וועג, עפנט די ליטווינערין, אמת, זייער אומוויליק עפנט זי די טיר אין קאַמער אַריין. די געקומענע מאַכט ניט קיין שהיות און קומט תּיכּף אַרויס מיט איר ענין.
נעמט די בעל־הביתטע אַזש ציטערן:
— איך קאָן ניט אויסבאַהאַלטן יידישע קינדער. גייט, גייט גיכער אַוועק...
מען וויל פון איר פּטור ווערן. מען טרייבט זי אַרויס. די געקומענע פאַרבינדט שטייפער דאָס טיכל אַרום פּנים, פאַרנעמט זיך צו דער טיר. אין קאָפּ איז אַ נעפּל. אין האַרץ קנוילט זיך אַ קללה. אַ קללה, ווי אַ שטיין צו וואַרפן אין דער וועלט און אין די מענטשן.
„אויפן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל און אין שטוב איז הייס"... פון הינטערן ווענטל אין דער קאַמער דערטראָגט זיך פּלוצעם אַ דין־דין קולכל, וואָס ציט אויס אויף די העכסטע טענער דאָס באַוווסטע יידישע פאָלקסליד...
אַ רגע שטייעןביידע פרויען מיט די בליקן איינגעזויגן איינע אין דער צווייטער.
— זייט געזונט, — זאָגט די יידישע און גייט האַסטיק אַרויס. גייט ווי די אויגן טראָגן, לאָזט זיך מיטן קאַנאַט, וואָס הענגט איבערן תּהום פונעם לעבן, און ס'באַגלייט זי די טרייסט: „אויפן פּריפּעטשיק ברענט אַ פייערל"...
ס'ברענט דאָס פייערל... ברענט און גייט ניט אויס...

**מענטשן און פערד**

עס קלימפּערן פּאַטקעוועס אינעם ברוק — צאַק, צאַק...
רייטער אין געטאָ!
די דאָזיקע בשורה האָט זיך געטראָגן האַסטיקער פאַרן געמאַסטענעם,

איינטאָניקן צאָקען פון די פיר פּאָר פּאַטקעוועס, און מענטשנריין געמאַכט די געטאָגעסלעך. אַלע האָבן אָנגעשטרענגט דאָס געהער, און דער אָפּהילך פונעם פּחד אָנטראָגנדיקן פּאַטקעוועס־געקלימפּער האָט געפּויקט אין אים — צאָק, צאָק...

די צוויי רײַטער האָבן אַוודאי זיך געוווּנדערט: ס׳איז אַ וואַרעמער אָוונט, חיותדיק־פריש איז די לופט. פון דער אַרבעט האָט מען אַלעמען צוריק־געבראַכט, די פּאָליציי־שעה איז ווײַטלעך, און די געטאָ איז ווי אויסגעע־שטאָרבן. האָבן די רײַטער גיפטיק שמייכלענדיק זיך געהוידעט אין די זאָט־לען. ווען זיי זענען אַרויפגעריטן אויפן זאַמדיקן שטיקל פּלאַץ פאַרן הויז פון דער ייִדישער געטאָ־אַדמיניסטראַציע, האָט שוין די פּאַטקעוועס־פּויקערײַ ניט באַוויזן צו וואָרענען די דאָרטן פאַרזאַמלטע ייִדן. איבערראַשטע, האָבן זיי זיך אויפגעפּאָלאָשעט און געפּרוווט מאַכן פּליטה.

האָט איינער פון די רײַטער אויסגעשאָסן אין דער לופט און אויס־געשריִען:

— שטיין בלײַבן!

די מענער האָבן, ווי דער דין איז, אַראָפּגעכאַפּט זייערע היטלען פון קאָפּ און געבליבן שטיין, צוגעקאָוועטע צום אָרט. אַ ברירה איז דען געווען? ווער סטו פּרוּוון לויפן, וועט דער טויט דיך אָניאָגן מיט אַ קול. אפשר, אויב מען וועט ניט דערווידערן, וועט ער באַגנוגענען זיך מיט אַ פּוסטער דעמאָנ־סטראַציע פון זײַן אייבערמאַכט און מען וועט אָפּקומען בלויז מיט שרעק. אַזוינס האָט שוין פּאַסירט.

טראָט בײַ טראָט האָבן די רײַטער זיך דערנענטערט צום מענטשן־געזעמל. אַראָפּגעשפּרונגען פון די זאָטלען, האָבן זיי מיט אַ ווינק צוגערופן צוויי מענער — די וווּקסיקסטע פון צווישן אַלעמען, זיי געהייסן צוהאַלטן די פערד פאַר די לייצעס און וואַרטן.

— און איר קאָנט לויפן! — האָבן די דײַטשן אַ פאָכע געטאָן מיט זייערע רײַטשטעקלעך צו די איבעריקע.

די מענער האָבן האַסטיק אָנגעטאָן די היטלען און דער פאַרשטאָרטער עולם, ווי ווערנדיק פון טויט לעבעדיק, האָט זיך צעשאָטן אין אַלע זײַטן. אויפן פּלאַץ זענען געבליבן די צוויי טונקל־ברוינע פערד, די צוויי ייִדן וואָס האָבן זיי געהאַלטן פאַר די לייצעס, און אַ שטילער תּחילת־אָוונט.

די רײַטער — אין שטײַפע גרינע מונדירן מיט שוואַרצע קראַגנדלעך, אין רײַטהויזן מיט גרינע לעדערפּאַסן אויפן געזעס — זענען פאַרשוווּנדן אינעם הויז פון דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע, לאָזנדיק פּלאַטערן הינטער זיך

די אימה: „רײַטער אין געטאָ!“ וויפל מענטשלעכע לעבנס וועט אָוועקנעמען זייער הײַנטיקער באַזוך? זענען זיי געקומען איבערגעבן אַ באַפעל וועגן אַ נײַער גזרה? צי גאָר הייסן פאַרשאַפן צירונג, טעפּעכער, טײַערע פעלצן — פאַר זיי גופא, פאַר זייערע ווײַבער און געליבטע? אויך אַזוינס האָט שוין פּאַסירט.

דערווײַלע איז געהאַנגען אַ סוד איבערן הויז, ווו די רײַטער זענען פאַרשוווּנדן. די לייצעס פון זייערע פערד האָבן דערווײַלע געהאַלטן פאַרקראַמפּט צוויי ייִדן, געהאַלטן און געשוויגן, באַנומענע פון ניט קיין פריילעכע געפילן און פאָרגעפילן.

די פערד — מאָדנע שטילע, געהאַמעוועטע — האָבן קוים־קוים אונטערגעשאָקלט מיט די קעפּ און מיט גרויסע אומעטיקע אויגן אַרײַנגעקוקט אין אָונטיקן חלל, אין די אומבאַקאַנטע מענטשן, וואָס האָבן איבערגענומען אויף זיי די שליטה. און זיי, די מענטשן, האָבן אויפגעהערט האַלטן אַזוי פאַרקראַמפּט די לייצעס. זייערע הענט האָבן זיך אַ הייב געטאָן צו די קעפּ פון די פערד און מיט די פינגער גענומען קעמען די גריוועס, גלעטן די הויט אינעם שניט צווישן די אויגן, וואָס איז בײַ פערד פון דײַטשן פונקט אַזוי סאַמעטן־גלאַט ווי בײַ אַלע פערד פון דער וועלט.

דערשפּירנדיק צערטלעכקייט אַנשטאָט דעם דרוק פון שאַרפע אײַזערנע שפּאָרן, האָבן די פערד אויסגעשטרעקט די קעפּ צו די וואָס טוען זיי וויל, און פאַר הנאה אונטערגעסאָפּעט, צומאַכנדיק די אויגן.

דער הימל — אָן שטערן, אָן דער לבנה — איין שטיק טונקל־בלוי גלאָז. דער אַרום — אָן ליכט און אָן שאָטן — איין פאַרגליווערטע גרוילעכע מאַסע. דאָס הויז ווו די רײַטער זענען אַרײַן, האָט מיט זײַנע אויסגעלאָשענע פענצטער עפּעס אימהפולס געהאַלטן אין זיך פאַרטײַעט. און אויפן פלאַץ פאַרן הויז האָבן רעכטלאָזע קנעכט געצערטלט פערד פון זייערע האַרן. מענטשן און פערד האָבן אויף אַ רגע ווי געפונען איינער בײַם אַנדערן שוץ פון רײַטער, וועלכע טראָגן אָן דעם געפאַך פון טויט ווו נאָר זיי באַווײַזן זיך.

## זײַ מוחל, אַלטיטשקע!

מיר לעבן אין איין צימער מיט אַן אַלטער עלנטער פרוי. אויף אַ באמת אויסטערלישן אופן איז זי אַרויס בשלום פון אַלע אַקציעס. גלייביקע האָבן שוין געזאָגט, אַז דער זכות פון איר זיידן, אַ באַוווּסטער קאָוונער רב, איז איר בײַגעשטאַנען. ס׳זעט אָבער אויס, אַז בעיקר איז איר בײַגעשטאַנען איר

אָנגעשפּיצטע וואַכזאַמקייט און די פעיִקייט זיך צו אָריענטירן בעת אַ סכנה. זי פלעגט פּשוט זיך סטאַרען אויסצומיַידן באַגעגענישן מיט דיַיטשן...

זי האָט, פאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט ניט באַמערקן, אַז צו אונדז קומט אָפּט אַריַין יונגוואַרג. מען רעדט זיך דורך אין דער שטיל, מען סודעט זיך אָדער מען גייט אַרויס אין דרויסן שמועסן. די אַלטיטשקע פלעגט אין אַזעלכע פאַלן אונדז אָנגעשפּיצט נאָכקוקן. פול מיט חשד, פאַראיבל און אַפילו רוגזה איז דעמאָלט געווען איר בליק.

איין מאָל האָט זי זיך ניט איַינגעהאַלטן און אַרויס מיט אַ טענה:

— פאַר וואָס האַלט איר סודות? אויב איר ווייסט וואָס עס רוקט זיך אָן אויף אונדז, דאַרפן עס אַלע וויסן.

— וואָסערע מישטיינס געזאָגט, סודות? און פאַר וואָס מיינט איר, אַז מיר ווייסן מער פון אַנדערע? — האָב איך זיך פאַרטיידיקט ווינסדיק, אַז מיר האַלטן טאַקע סודות, מוזן זיי האַלטן. אָבער וואָס שייך דעם חשד, אַז מיר ווייסן וועגן פאָרשטייענדיקע גזרות אָדער אַקציעס, האָט זי פּשוט אַ טעות. מיר זענען ביַי דער מיינונג, אַז מען מוז זיך אַנטקעגנשטעלן די נאַציס בכל עת ובכל שעה, און דעריבער מאַכן מיר געהעריקע אויספירן.

— איך ווייס, איר, יונגע... מיר זענען איַיך אָן איבעריקע לאַסט... — האָט זי ניט אויפגעהערט מיט אירע טענות.

— וואָסער לאַסט? — האָב איך געקוועטשט מיט די פּלייצעס. — יעדע־רער באַשטייט איצט זיַין וועלטל אַליין... וואָס קאָן מען טאָן, די צײַט איז אַזאַ...

— ריזיקירט ניט אויף אונדזער חשבון! — האָט זי אַרויסגעפּלאַצט און בייז זיך איַינגעניורעט אין איר ווינקל.

ס'האָט מיר אַ טיאַכקע געטאָן אין האַרץ. געוויס ריזיקירן מיר, אויב מיר טוען עפּעס קעגן די גילטיקע פאַר אונדז געזעצן, און ריזיקירן טאַקע אויפן חשבון פון אַלעמען. נאָך קיין מאָל אין דער געשיכטע פון יידישע ליידן האָט ניט געגאָלטן אַזוי ווי איצט, דער אַלטער כלל: ישראל ערבין זה בזה — יידן זענען פאַראַנטוואָרטלעך איינער פאַרן צווייטן. מיר קאָנען זיך פאָר־שטעלן די שרעקלעכע רעפּרעסיעס, וואָס וואָלטן זיך אַ שאָט געטאָן אויף דער געטאָ ווען מען זאָל אויפדעקן, אַז מיר גרייטן זיך צו ווידערשטאַנד, אָרגאַ־ניזירן זיך, זאַמלען געווער, פירן אַ סאַבאָטאַזש־טעטיקייט. מיר ווייסן אויך: ניטאָ קיין קאַמף אָן ריזיקע, אָן קרבנות. מיר האָבן דעם קאַמף אָנגעהויבן. דאָס איז, אייגנטלעך, אונדזער סוד. און זיַי מוחל, אַלטיטשקע, אויב מיר מוזן אים האַלטן שטרענג בסוד.

## מאיר יעלין

### די סובסטאַנץ פון שרעק

די היטלעריסטן איז בלי־ספק באַקאַנט דער אויספיר פון אַן איכטיאָלאָג, אַגב אַ דײַטש, אַז ווען מען לאָזט אַרײַן אין אַן אַקוואַריום אַן אַפּעריִרטן פיש, נעמען די איבעריקע פון אים אַנטלויפן. אַזוי געשעט אויך, ווען אַ רויבערישע באַשעפעניש פון דער וואַסערוועלט פאַרוווּנדיקט אַ פיש. אין די אַ פאַלן, איז זיך משער דער איכטיאָלאָג, צעגייט אין וואַסער אַ געוויסע סובסטאַנץ, וואָס געפינט זיך אין דער הויט פונעם פאַרוווּנדיקטן פיש. די איבעריקע פיש פון זעלבן מין דערפילן די דאָזיקע „סובסטאַנץ פון שרעק״ און נעמען זיך באַהאַלטן אָדער אַנטלויפן אין גרויסער בהלה.

אינעם געטאָשטייג האָבן זיך אײַנגעפונען טויזנטער פסיכיש טראַוומירטע מענטשן. מען האָט בײַ זיי ניט נאָר אַוועקגענומען אַלע רעכט, די היים, האָב־און־גוטס. איינער האָט פאַרלוירן אַלע זײַנע נאָענטסטע, אַ צווייטער איז אַליין געשטאַנען פּנים־אל־פּנים מיטן טויט און נאָר דורך אַ צופאַל ניצול געוואָרן. סײַ בײַ טאָג, סײַ בײַ נאַכט — רויבערײַען, מערדערײַען. די לופט איז דאָ באמת אָנגעזעטיקט מיט דער סובסטאַנץ פון שרעק, וואָס פאַרלײַכ־טערט אונדזערע דם־שונאים צו הערשן און פאַרקנעכטן.

געוויס, די סובסטאַנץ פון שרעק טוקט זיך אינעם פּײַנפולן בליק פונעם פאַרצווייפלטן געטאָ־ייִד. זי איז אָפּגעשטעמפּלט אויף די אויסגעבלייכטע קינדערשע פּנימלעך און קוקט אַרויס פון די זיך לעשנדיקע אויגן פון זקנים. די סובסטאַנץ פון שרעק פילט זיך אינעם אָפּגעהיטן טראָט פון מיושבדיקע מענטשן און אַפילו אינעם האַסטיקן גאַנג פון יוגנטלעכע.

צי ווערן מיר אָבער באַהערשט בלויז פונעם אינסטינקט? צי ווערט טאָקע דאָס וואָס מיר טראַכטן און טוען, דיקטירט בלויז דורכן פּחד־געפיל?

זאָלן מיר נעמען דעם נעכטיקן פאַל מיטן ראַקעטן־פּאַטראָן בעתן קאָנ־טראָל בײַם געטאָ־טויער. איינער אַ יאָט האָט אים געפּרוווט אַרײַנטראָגן אין אַ בינטל שפּענער. די טויערוואַך האָט עס אויפגעדעקט. דעם יאָט האָט אַוועקגענומען געסטאַפּאָ... דער דאָזיקער בולטער פאַל און פיל, פיל אַנדערע, דערווײַזן, אַז ניט אַלץ וואָס גילט פאַר אַ פיש, גילט אויך פאַרן מענטשן.

### אַלגירדאַס סאַוויצקאַס

ס׳איז נאָך אַלץ געווען פאַרבאָטן צו שטעלן אויפן געטאָ־בית־עלמין מצבות אָדער מערקטאָוולען. מען האָט אויך ניט געטאָרט אָנשיטן אַ בערגל ערד אויף די קברים.

אויף איינעם אַ פֿרישן קבר איז אָבער יאָ אויסגעוואַקסן אַ בערגל ערד, באַפּוצט מיט פֿעלדבלומען, און אַ שוואַרץ ברעטל מיט אַ העלער אויפֿשריפֿט אין ליטוויש: „אַלגירדאַס סאַוויצקאַס״.

אַרויסגייענדיק פֿון דער הנחה אַז דער פֿאַרבאָט מיט עפּעס צו באַצייכענען די קברים איז חל בלויז אויף ייִדן, האָבן סאַוויצקאַסעס פֿרוי און אירע גוטע פֿרײַנד זיך דערוועגט עובר צו זײַן אויף די תּקנות — אָנגעשאָטן דאָס בערגל, אַוועקגעשטעלט דאָס ברעטל. ס'איז געווען דער איינציקער אויסדרוק פֿון כּבֿוד, וועלכן מען האָט געקאָנט אָפּגעבן דעם ליטווינער, וואָס האָט פֿרײַוויליק פֿאַרבונדן זײַן גורל מיט דער געטאָ און איז דאָ אומגעקומען.

דאָס לעבן פֿון אָט דעם קוים פֿיר און צוואָנציק יאָריקן מענטשן איז איבערגעריסן געוואָרן אין איינער אַ נאַכט אויפֿן ברעג פֿונעם ווילִיע־טײַך. מיט אַ שטעקן אין האַנט האָט ער באַוואַכט אַ גאָרטן אויפֿן ברעגאָפּהאַנג. דעם דאָזיקן וועכטער־פּאָסטן האָט אים די ייִדישע פֿאַרוואַלטונג פֿון די גערטנער צוגעטיילט מיט אַ כּיוון: ער זאָל פֿאַרשפּאָרן גיין אין שטאָט צו שווערער אַרבעט, ווו מען קאָן באַגעגענען אומגעוווּנטשענע טיפּן און זײַן אויסגעשטעלט כּלערליי סכּנות. די גאָרטן־שומרים פֿלעגן אויך באַקומען אַ געווינסן לוין „אין נאַטור״ — קאַרטאָפֿל, בורעקעס, קרויט. קריגסצײַט און נאָך פֿאַר אַ פֿאַרשפּאַרטן אין געטאָ איז דאָס געווען אַן אמת גליק. איז סאַוויצקאַס נאַכט־אײַן, נאַכט־אויס געגאַנגען דערפֿילן זײַנע פֿליכטן — היטן די גערטנער.

לענג־אויס דעם ווילִיע־ברעג האָט אַרומגעשפּאַנט אַ צווייטער שומר — איינער פֿון דער געטאָוואַך, איינער פֿון די ליטווישע באַנדיטן, וואָס זענען אַוועק דינען היטלערן.

צוויי שומרים אויף זייערע פּאָסטנס. איינער אוניפֿאָרמירט, מיט אַ ביקס אויף דער פּלייצע; דער צווייטער — מיט אַ שטעקן און געלע לאַטעס אויפֿן צעטראַמפּלטן בגד. איין נאַכטיקער הימל איבער זייערע קעפּ, די זעלבע ערד, די ערד פֿון ביידנס היימלאַנד — אונטער זייערע פֿיס.

פּאַמעלעך ציט זיך די צײַט. דעם וואָס מיטן געווער, ווערט לאַנגווײַליק. זוכט ער אַ צײַטפֿאַרטרײַב. און וואָס קאָן איצט זײַן טשיקאַווער, ווי אַ חוזק צו טאָן איבערן שומר מיטן שטעקן? איז ער ניט פֿויל, פֿאַרהאַלט זיך אין זײַן מאַרשרוט, קריכט אַרויף דעם ברעג־שיפּוע און פֿאַרפֿירט אַ שמועס:

— נו, יאַנקל, לעבעדיקע סטראַשידלע! טראַכסט נאָך לאַנג צו שרעקן סאָראָקעס מיט דײַן פֿלאָקן?

— בעסער זײַן אַ סטראַשידלע פֿאַר סאָראָקעס, איידער...

— זע נאָר, זע, ווי דײַן צונג מאָלט עס דעם ליטוויש. גאָרניט ווי אַ יאַנקל.
— ס'איז מײַן שפּראַך.
— ליטוויש? אַ ליטווינער?
— אַ ליטווינער.
— אַ ליטווינער אין געטאָ! אַזאַ שאַנד!
— איך בין דאָ מיט די אומשולדיק פֿאַרפֿאָלגטע, מיט מײַן ייִדישער פֿרוי און קינד. אַ שאַנד איז דאָס וואָס דו טוסט. אַ פֿלעק אויף אונדזער פֿאָלק.
— און דו האָסט די חוצפּה, ייִדנקנעכט! — צעריטשעט זיך דער וואַכמאַן און כאַפּט זיך צו דער ביקס.
נאָר דאָ לויפֿט אָן, ווי אַרויסגעשלײַדערט פֿון דער פֿינצטערניש, אַ פֿרויען־געשטאַלט.
— אַלגירדאַס! — רופֿט זי אויס, צופֿאַלנדיק צו איר מאַן.
ס'לאָזט זיך אַראָפּ די אָנגעצילטע ביקס. געוואָרט אַ רגע, טוט דער באַוואָפֿנטער שומר אַ כאַפּ פֿאַר אַ האַנט די פֿרוי און נעמט זי שלעפּן צום בײַדל, וואָס אויפֿן גאָרטן. שלעפּט, פֿרײַכנדיק:
— קום, קום, וועסט אויסקויפֿן דײַן מאַנס זינד...
סאַוויצקאַס וואַרפֿט זיך אויפֿן מנוול, נעמט אים אָפּרײַסן פֿון זײַן פֿרוי. שוין, זי איז פֿרײַ און ציט זיך אָפּ אין אַ זײַט.
נאָר דאָ קנאַלט אויף אַ שאָס, אַ צווייטער. דער גאָרטן־שומר פֿאַלט, און זײַנע יסורים־געשרייען צוזאַמען מיט די פֿאַרצווייפֿלטע גוואַלדן פֿון זײַן פֿרוי רודערן אויף די נאַכט.
דערהערט די שיסערײַ, די געשרייען, קומען צו לויפֿן שומרים פֿון די שכנותדיקע גערטענער.
פֿאַרציִענדיק דעם רויך פֿון אַ סיגאַרעט, שטייט דער מערדער מיט דער גרייטער ביקס לעבן זײַן קרבן און לאָזט קיינעם צו אים ניט צו, וואַרט, דער מענטש זאָל אָפּגיין מיט בלוט.
ערשט דעמאָלט וואַרפֿט ער אַרויף די ביקס אויף דער פּלייצע און לאָזט זיך מיטן ברעג, וועלכן עס שווענקט דאָס טונקעלע וואַסער פֿון דער ראָמאַנטיש־סודותפֿולער ווילִיע.

### גערינגס הבטחות

בײַ אונדזערע דײַטשן איז הײַנט אַ געהויבענע שטימונג. אַ גדולה אויף דער באָבען: גערינג האָט גערעדט דורך ראַדיאָ!

מיר ווייסן נאָך ניט וואָס דער נאַצישער גדול האָט געזאָגט, נאָר כ׳בין איבערצײַגט, אַז ס׳וועט זיך שוין עמעצער אײַנגעפינען, וואָס וועט פון אונטער דער ערד אַרויסבאַקומען אַ הײַנטיקע צײַטונג און אײַנשטעלנדיק דאָס לעבן, אַרײַנשמוגלען זי אין געטאָ. מיר וועלן אין געהיים אויסלייענען די צײַטונג און זיך דערוויסן, וועמען גערינגס רעדע איז נוגע.

נאָר דערווײַלע... מיר אַרבעטן אויף אַ האָלצסקלאַד, זעגן האָלץ אויף קליינע שטיקלעך (עקאָנאָמיע דאַרף עס באַטײַטן). מען גיט אַ צי די זעג, מען לאָזט זי אָפּ. ניטאָ זיך וואָס צו אײַלן. מיר האָבן צײַט... דערצו, אַרבעטנדיק פּאַמעלעך, וועלן מיר אפשר אונטערהערן אונדזערע וואַכלײַט, וואָס זיצן דערנעבן אויף אַ סטאָס האָלץ און שמועסן צווישן זיך.

זיי זענען הײַנט באַרעדעוודיק, אונדזערע דײַטשן, זענען עפּעס אויפגערוימט, באַציִען זיך ניט שטרענג, יאָגן אונדז ניט אַרויס די נשמה. מיר הערן דײַטלעך, אַז זיי באַהאַנדלען די אייביק־פרישע „פּראָבלעם״ פון קריגן אורלויב — ווען וועט מען קריגן און אויף ווי לאַנג. צי מען קאָן אויסרעכענען אויף אַ רויִקן אורלויב, ס׳הייסט, צי מען וועט ניט באָמבאַרדירן זייערע היימשטעט, און ווי וועט מען דאָרטן אויסקומען מיט דער „שפּײַז־ראַציאָן״.

צי האָט עס דאָס מאָל אַ שײַכות צו גערינגס רעדע? באַלד האָבן מיר זיך איבערצײַגט, אַז עס האָט טאַקע.

וועלנדיק באַקרעפטיקן זײַנע רייד, ברענגט איינער פון די דײַטשן די הײַנטיקע צײַטונג און נעמט פאַרלייענען דאָס, וואָס „הערמאַן גערינג האָט געשפּראָכן״.

מיר האָבן דערהערט פראַזעס וועגן העלדנמוט פון גרויס־דײַטשלאַנדס אַרמיי און אירע בראַווע סאָלדאַטן, וועלכע קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט פאַרן פירער, פאַר אַ בעסערער צוקונפט און פאַר דער „ראַציאָן״... דער דײַטשישער סאָלדאַט, זאָגט גערינג, איז ווערט מען זאָל אים געבן צוגאָבלעכע שפּײַז, איבער הויפּט דער וואָס פאָרט אויף אורלויב. ער וועט איצט ברענגען פאַר דער פאַמיליע די פון אים, גערינגן, ספּעציעל באַשטימטע „ראַציאָן״: אַ קילאָ צוקער, זיבן הונדערט גראַם מעל, צוויי הונדערט גראַם פּוטער און אַ האַלב קילאָ גרויפּן. (מאָדנע, נאָר די דאָזיקע צאָלן האָבן זיך גוט פאַרגעדענקט.) און אַז דער דײַטשישער סאָלדאַט וואָס פאָרט אויף אורלויב, טרעט אַריבער די גרענעץ פונעם פאָטערלאַנד, קריגט ער אַ צולאַג — דרײַ הונדערט גראַם וווּרשט! און דאָס איז נאָך ניט אַלץ! די סאָלדאַטן וואָס קומען אין שטאַרק באָמבאַרדירטע שטעט, ווערן באַשאַנקען מיט אַן אַדערויף פון פופציק גראַם פלייש אַ וואָך! אָט וואָס גערינג האָט פײַערלעך צוגעזאָגט!

— מיר האַלטן גוט! — טו איך אַ ווונק צו מײַן חבר און גיב מונטער אַ ציִ די זעג צו זיך.

אויב נאָך צוויי יאָר מלחמה אויפֿן מיזרח־פראָנט האָט דער היטלעריסטי־שער קאַרפּנקאָפּ מער ניט וואָס צו זאָגן זײַנע סאָלדאַטן, אויב אַ פּאָר וואָכן אורלויב און אַ נישטיקע „צוגאָב־ראַציאָן" דאַרפֿן הייבן זייער קאַמפּגײַסט, האַלטן מיר באמת גוט.

## דעם פאַרבינדלערס מוטער

אויסקוקנדיק עמעצן, בלאָנקעט זי נאָך אַנאַנד בײַם צוים: אין דער פֿרי, בײַ טאָג, אין אָוונט. ווען די בריגאַדעס קערן זיך אום פֿון דער אַרבעט, איז זי לעבן טויער: אפשר וועט דער זון זיך באַווײַזן.

אַלע אירע אייגענע זענען אומגעקומען. געוועזן געבליבן איין זון — אַ קרעפּטיקער יונג, אַן אָנשפּאַר און די איינציקע טרייסט פֿון דער מוטער. זי איז געווען זיכער, אַז ניט דער הונגער, ניט די צוואַנגאַרבעט, ניט אַלע אַנדערע פּלאָגן און אָנשיקענישן וועלן אַזאַ איינעם אײַנברעכן. ער וועט גובר זײַן אַפֿילו דעם טויט און בלײַבן לעבן אויף צו להכעיס די דײַטשן. איצט איז ער אָבער פֿאַרשוווּנדן. מיט דער הסכּמה און ברכה פֿון איר, דער מוטער, איז ער פֿון שטוב אַרויס און צוזאַמען מיט אַנדערע פֿינף יאַטן אַוועק זוכן פּאַרטיזאַנער, כּדי שפּעטער צו פֿאַרבינדן זיי מיט די געטאָ־קעמפֿער.

אַזוי איז ער געוואָרן אַן אויסשפּירער, אַ שליח, אַ פֿאַרבינדלער.

דאָס אַלץ האָט מען ניט געהאַלטן בסוד פֿון דער מוטער, כאָטש אויף די געהיימע באַראַטונגען וואָס זענען פֿאָרגעקומען אין איר דאַכקעמערל, איז זי ניט בײַגעווען. זי פֿלעגט דעמאָלט אַרויסגיין פֿון שטוב און וואַכן אויף דער גאַס, אויסשפּירעריש נאָכקוקן איטלעכן פֿאַרבײַגייער...

די יאַטן, בראש מיט איר זון, זענען אַרויס אין מיטן זומער און איצט איז שוין באַלד הארבסט. די פֿרימאָרגנס זענען קאַלטע. פֿאַרגעלט זענען שוין די בלעטער אויף די עטלעכע ביימלעך אינעם געטאָ־ראַיאָן.

און דער זון איז אַלץ ניטאָ. וויפֿל מאָל האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי זעט אים אין דער קאָלאָנע, וואָס קערט זיך אום פֿון דער אַרבעט. ס'האָט פּאַסירט, אַז דאָס האַרץ פֿלעגט בײַ איר שיִער ניט אַרויסשפּרינגען פֿון דער ברוסט: אָט איז ער, ס'איז זײַן גאַנג, זײַן וווּקס... אָדער: אָט דערנענטערט זיך צום צוים איר זון, לאָקערט, דער וואַכמאַן זאָל זיך אָפּקערן. ער זוכט אַ געלעגנהייט אַרײַנצוקריכן אין געטאָ. נאָר אַלע מאָל האָט זי אַ טעות...

זי פלעגט זיך צו מאָל טרייסטן: זאָל ער שוין בעסער ניט אומקערן זיך. דאָ דערוואַרט אַלעמען דער טויט. איר זון האָט זיך אַרויסגעריסן פון שטייג, איז גאָט צו דאַנקען. ער איז ביי איר אַ שטאַרקער, אַ גיבור. דאַרף ער קעמפן, נקמה נעמען און אַלץ איבערקומען. און ווען ער איז שוין מיט איר, וואָלט ער דען געקאָנט ענדערן די לאַגע פון דער מוטער, וואָס שמאַכט אין געטאָ?

ס׳איז אָבער שווער געווען צו זיין איינער אַליין.

— איך בעט אייך, — האָט זי זיך געווענדעט צו איר זונס חברים, — קומט ווידער זיך צונויף ביי מיר. דאָס אָרט איז אַ רויקס. כ׳וועל אייך ניט שטערן. ווי פריער וועט איר בלייבן אַליין און פאַרנעמט זיך מיט אייערע ענינים.

זי איז געדולדיק געגאַנגען צום טויער, צום צוים און ווען ס׳פלעגן זיך צונויפקלייבן ביי איר די אונטערערדלער, האָט זי געוואַכט לעבן דער שטוב. זי איז ווידער געווען באַשעפטיקט, געהאַט וועגן וועמען צו זאָרגן.

נאָר פאַר וואָס פאַרהאַלט זיך דער זון? מען ווייסט דאָך ניט וואָס דער מאָרגן קאָן ברענגען דער געטאָ. קוים איז ער אַן אויסשפּירער אַ פאַרבינדלער, פאַר וואָס זשע קומט ער ניט פירן די חברים אין וואַלד אַריין?

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אויפן וועג אין וואַלד איז די גרופּע אומ־געקומען אין אַ צונויפשטויס מיט זשאַנדאַרן. פון דער מוטער האָט מען עס געהאַלטן בסוד. מען האָט ניט געטאָרט אָפּנעמען ביי איר די האָפענונג. זי האָט דאָך אַזוי געדולדיק געוואַרט. דערצו האָט זי אַליין געזאָגט: איר איז גענוג צו וויסן, אַז איר זון איז אַ קעמפער, אַן אויסשפּירער, אַ פאַרבינדלער...

און אַזאַ איז ער דאָך טאַקע געווען.

## וואָס וויל מען פון די סאָניעס?

דערשטוינטע קוקן מיר זיך איבער און פרעגן איינער דעם אַנדערן אָן ווערטער: „וואָס וויל מען הײַנט פון די פרויען מיטן נאָמען סאָניע? פאַר וואָס הייסט מען זיי אויסשטעלן זיך אין שפּיץ פון די קאָלאָנעס, וואָס ווערן גענומען צו דער אַרבעט?״

הינטערן טויער, שוין אויף דער „אַרישער״ זייט ווערט אונדז באַפוילן ניט איילן זיך, גיין טראָט ביי טראָט. צו גלייך טוט מען אַ קאָמאַנדע צו די סאָניעס: „קעפּ הויך! צום קאָנטראָל ווענדן!״

כאָטש דער באַפעל גייט אָן די סאָניעס אַליין, קערן זיך אויס אַלעמענס אויגן צום „קאָנטראָל״ — צו די עטלעכע געסטאַפּיסטן און דער באַוואַכטער

דורך זיי יונגער פרוי, וואָס קוקט דערשראָקן אויף די פֿאַרבײַמאַרשירנדיקע ייִדן־קאָלאָנעס.

אויפֿן וועג צום אַרבעטספּלאַץ און אויף דער אַרבעט גופֿא איז אונדז די אומגעוויינטלעכע געשיכטע פֿון קאָפּ ניט אַרויס. אויסלאָדנדיק פּלאַטפֿאָרמעס געהילץ, האָט בײַ יעדן זעץ פֿון אַ ברעט, בײַ יעדן דומפּן אָנפּראַל פֿון אַ קלאָץ אין באָדן געטאָן אַ פּויק אין קאָפּ בײַ אונדז די פֿראַגע: „וואָס וויל מען פֿון די סאָניעס?"

און זיי, די עטלעכע סאָניעס פֿון אונדזער בריגאַדע וועמען די זאַך איז דירעקט אָנגעגאַנגען, האָבן דעם גאַנצן טאָג זיך געהאַלטן צוזאַמען. צעטראָגענע, פֿאַרצרהטע, האָב זיי מעכאַניש צונויפֿגעלייגט אין שטאַבעלן די אויסגעלאָדענע ברעטער. מיט אומרו און מיטלייד האָבן מיר געקוקט אויף די פֿאַרפֿינצטערטע פּרויען.

עמעצער האָט בקול אַרויסגעבראַכט די פֿראַגע, וואָס האָט אַלעמען געמאַטערט:

— וואָס וויל מען פֿון די סאָניעס?

ווען דאָס אײַז פֿון שווײַגן האָט זיך גערירט, האָבן אַזוי ווי קרײַעס גענומען שווימען די אַרויסזאָגונגען.

— זי זוכט עפּעס אַ סאָניע, — האָט איינער געפּסקנט וועגן דער פֿרוי, וואָס איז געשטאַנען הינטערן געטאָ־טויער אין דער אַרומרינגלונג פֿון די צוררים.

— ס'איז אַזוי, — איז אַ צווייטער מיט אים מסכּים, — מען דאַרף אָבער זאָגן, אַז ניט „זי זוכט", נאָר „ז י י זוכן". און אויך דאָס איז בלויז אַ האַלבער ענטפֿער אויף דער רעטעניש.

אויסשטעלנדיק זיך נאָך דער אַרבעט צום אָפּמאַרש אין געטאָ, האָבן די סאָניעס געפּרוּווט זיך צעמישן צווישן די איבעריקע פּרויען. די וואַכלײַט האָבן עס אָבער ניט דערלאָזט. ווידער מיט די סאָניעס אין דער שפּיץ, האָבן מיר מיט האַרצקלאַפּעניש זיך דערנענטערט צו דער געטאָ. אונדזער פּחד איז געווען באַרעכטיקט. שוין פֿון דער ווײַטנס האָבן מיר דערזען דעם „קאָנטראָל", וואָס אין דער פֿרי.

די סאָניעס האָבן זיך פּלוצעם פֿאַרהאַלטן. די רייען זענען אַרויף איינע אויף דער אַנדערער און געבליבן שטיין. זענען די וואַכלײַט אַרויס מיט זייער לשון און מיט זייערע ביקסן־קאָלבעס — אונדז געטריבן, געשטויסן צום טויער, ווו עס זענען געשטאַנען געסטאַפּיסטן, נאָר שוין אָן דער פֿרוי. איינער פֿון זיי האָט געהאַט הויך אויפֿגעהויבן אַ קליין קינד.

— אַלע, די געזיכטער צום קאָנטראָל! — איז ווידער געוועזן דער באַפעל.

מען האָט ניט געטאָרט איילן זיך, אָבער די פיס, ווי אָפּגעריסן זיך פון ברוק, האָבן אונדז געטראָגן פאָרויס. מיר זענען אַדורך דעם טויער, אַריינגעכאַפּט זיך אין אָפּצוים ווי אין אַ מקום־מיקלט. בשלום איז יעדערער פאַרשוווּנדן אין זיין ווינקל. נאָר דער פאַל מיט די סאָניעס און מיט דעם „קאָנטראָל" האָט רוען ניט געלאָזט. מען האָט אים געטייטשט, אויפגעשטעלט השערות, געפּרווּוט אויסקלאָרן זיך דעם ענין.

אָט איז איינע, משמעות, די וואָרהאַפטיקסטע ווערסיע.

געסטאַפּאָ האָט געפונען ביי דער ליטווישער פרוי, וואָס איז געבראַכט געוואָרן אין דער פרי צום טויער, אַן אויסבאַהאַלטן יידיש קינד. דאָס אַליין איז דער געסטאַפּאָ ווייניק. זי דאַרף געפינען אויך דעם קינדס עלטערן און אַלע אַנדערע, וואָס זענען פאַרמישט אינעם „ברעכן דאָס געזעץ". מעגלעך, אַז נאָך לאַנגע עינויים האָט די ליטווישע פרוי אַ זאָג געטאָן, אַז דעם קינדס מוטער הייסט סאָניע. סאָניע און מער ווייסט זי ניט. האָט די פרוי געזאָלט דערקענען צווישן די סאָניעס פון געטאָ די „שולדיקע" און, ווי ס'ווייזט אויס, ניט דערקענט... זענען די געסטאַפּיסטן געפאַלן אויף אַן אַנדער המצאה: געבראַכט צום טויער דאָס געפונענע קינד. זיין מוטער אָדער פאָטער, דערזעענדיק עס, וועלן געוויס זיך אַרויסגעבן...

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אַלע סאָניעס זענען בשלום דורך דעם קאָנטראָל. אויך צום קינד האָט זיך קיינער ניט געוואָרפן.

איז מען אַרויס מיט נייע השערות:

— דער נאָמען „סאָניע" איז גיכער פון אַלץ אויסגעטראַכט.

— מעגלעך, אַז דעם קינדס מוטער באַהאַלט זיך ערגעץ אויסער דער געטאָ און ווייסט ניט וועגן שרעקלעכן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן איר קינד און זיין רעטערין.

— און אפשר איז עס גאָר אַן עפנטלעכע לעקציע, אַ וואָרענונג פאַר אַלע די, וואָס טראַכטן צו באַהאַלטן קינדער אָדער אַליין לויפן פון געטאָ? ווי איינער זאָגט — פון געסטאַפּאָ וועט איר ניט אַנטרינען.

נאָך אַ פּרווו צו ברעכן דעם גייסט אונדזערן? אַן אומזיסטער פּרווו.

## דער אַנגינע צו פאַרדאַנקען

איי, די שלעכטע, אייטערנדיקע מאַנדלען מיינע! און די אַנגינעס! שטענדיק פאַרשאַפן זיי ווייטיק אין די שלעסער פון די הענט און פיס, אַ קלעמעניש

אין האַרץ. שטענדיק פיל איך זיך שטאַרק ניט מיט אַלעמען, ווען סע גיבן זיך צו פילן די מאַנדלען. בלויז איין מאָל...

געקומען בין איך פון דער צוואַנגאַרבעט אַ הונגעריקער און דורכגע־פרוירענער, מיט אַ שווערן קאָפּ און אַ ווייטיק אין האַלדז. ווידער אַן אַנגינע. לייג איך צו אַ קאָמפּרעס, וויקל אַרום דעם האַלדז מיט אַ טוך און בלייַב שוין אין שטוב. אין דרויסן איז אַ קאַלטער, שפּעט־האַרבסטיקער אָוונט. אַ ווינט, אַן אַכזר דרייט זיך וועיענדיק אַרום אונדזער שטיבל און פּאַטשט אויף זייַנע ווענט און שויבן אַ נאַסן שניי. אי דער פּאַסקודנער וועטער, אי איך פיל זיך גאָר ניט וואַזשנע, בלייַבט טאַקע נאָר צו זיצן אין די אייגענע ד׳ אמות. אויך די דייַטשן וואָס האַלטן אויף אונדז אַן אויג, האָקן אַוודאי בייַ אַזאַ וועטער אין זייערע קאַנורעס.

אָרדן איך זיך אייַן אין אַ ווינקל מיטן רוקן צו דער טיר און שרייַב. ס׳האָט מיך פאַרכאַפּט אַ טעמע. כ׳האָב געהאַט אויסגעטראַגן דעם סוזשעט פון אַ נאָוועלע, געהאַט פאַר איר אַ נאָמען: „דעם שרייַבערס נקמה״. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ ליטעראַט, וואָס האָט לעכצנדיק נקמה צו נעמען אין די נאַציס, דורכגעמאַכט אין געטאָ פאַרשיידענע שלימזלדיקע פּעריי־פּעטיעס, מיט אַ נס געבליבן לעבן און געקומען צום אויספיר, אַז זייַן כּלי־זיין איז די פּען און זייַן נקמה וועט באַשטיין אין דעם, וואָס ער וועט באַשרייַבן די מעשׂים־נוראים פון דער ברוינער בעסטיע. ער איז געוואָרן דער בעל־פּינקס פון געטאָ, געגרייט אַ גבית־עדות פאַרן מישפּט פון דער געשיכטע.

זיץ איך אַזוי און שרייַב מיט התמדה. פּלוצעם רייַסט זיך אויף די טיר. כ׳קערעווע אינסטינקטיוו אויס דעם קאָפּ און עס שטאַרבן מיר אָפּ די גלידער: אויף דער שוועל איז אויסגעוואַקסן דאָס ניט צעשיידלעכע שאַרפירער־פּאָרל, די צוויי אַדיוטאַנטן פונעם געטאָ־קאָמענדאַנט. ניט געקוקט אויפן הינטישן וועטער האָבן זיי דורכגעפירט אַן אינספּעקציע.

ווי דער דין איז, שטיי איך אויף מיטן פּנים געווענדט צו די אַרייַנ־געקומענע, גלייַך זיך אויס, קוועטש צו די הענט צו די באַקעס. דאָס העפטל פּרווו איך פאַרשטעלן מיטן קערפּער, אָבער מאָל זיך שוין אויס ווי די דייַטשן טוען עס אַ כאַפּ...

— אַנגינאַ? גריפּ? דיפטערי? — פרעגט בייז איינער פון די שׂררות, צילנדיק מיט עקל זייַנע אויגן אין מייַן אַרומגעבונדענעם האַלדז, און פאַר־קלאַפּט די טיר.

דייַטשן, ווי באַוווסט, שרעקן זיך אימת־מוות פאַר אַנשטעקנדיקע קרענק...

אייַ, די שלעכטע, אייטערנדיקע מאַנדלען מייַנע! שטענדיק לייד איך

פון זיי. נאָר דאָ האָבן זיי מיר אָפּגעטאָן אַ דינסט, אַ גאָר גרויסע טובה. דער אַנגינע צו פאַרדאַנקען בין איך דאָס מאָל ניצול געוואָרן.

## איז גאָט פאַראַן?

אַ באַרויבטער פון אַלע זײַנע רעכט, אַן אַרײַנגעטריבענער אין אַ שטײַג, אַנמאַכטיק צו ענדערן דעם אַרויסגעטראָגענעם אויף אים האַרבן פּסק־דין, קוקט אויס דער פאַרצווייפלטער מענטש צום הימל. אפשר וועט פון דאָרטן קומען די ישועה? אַ מאָל האָט מען דאָך געגלייבט, אַנדערע גלייבן אויך הײַנט, אַז דאָרטן איז פאַראַן אַן אַלמעכטיקער.

דער הימל, די שטערן, די זון, די לבנה זענען אָבער גלײַכגילטיק צו דעם, וואָס געשעט אויף אונדזער בידנער ערד. נאָר אפשר טאַקע גאָר־גאָר אויבן, העכער, אין דער אומענדלעכקייט איז פאַראַן דער גערעכטער, וואָס שטראָפט פאַר חטאים און פאַרגיטיקט דעם גערעכטן?

אויב גאָט איז פאַראַן נאָר דאָרטן הויך־הויך, וואָס פאַר אַ שײַכות האָט ער דעמאָלט צום פּשוטן בשר־ודם אויף דער ערד?

כ׳קאָן ניט פאַרגעסן דעם פאַל, פון וועלכן איך בין געווען אַן עד־ראיה. מע האָט אונדז, געלאָפענע פון היטלערן אָנהייב קריג, פאַרהאַלטן אונטער־וועגנס און צונויפגעטריבן אינעם שטעטל אַניקשט. אַלע ייִדישע מענער האָט מען פאַרשפּאַרט אין די אָרטיקע בתי־מדרשים. אין יענעם, ווו איך בין אַרײַנגעפאַלן, האָט איינער אַ ייִד פאַרכאַפּט פאַר זיך און זײַן ייִנגל אַן אָרט אויבנאָן, בײַם סאַמע אָרון־קודש. אין משך פון טאָג האָבן צעיושעטע ליטווישע פּאָגראָמשטשיקעס אונדז אַלעמען באַראַבעוועט. בײַ נאַכט זענען זיי, שיכּורע, צעהוליעטע, געקומען זיך משמח־זײַן. זיי האָבן באַפוילן אַלעמען אויסלייגן זיך אויפן דיל און מיט שײַטן האַלץ געשלאָגן אויף רעכטס און לינקס, געשאָסן אין עולם, אין אָרון־קודש. דער ייִד וואָס האָט געזוכט גאָטס שוץ, האָט איצט באַהאַלטן זײַן ייִנגל הינטערן עמוד.

די שיסערײַ האָט לסוף אויפגעהערט און מיר זענען געבליבן אינעם פינצטערן בית־מדרש, אַ פאַרפולטן מיט געשרייען פון די פאַרוווּנדיקטע און דער גרוילפולער שטומעניש פון די הרוגים. אַ גרויע שײַן האָט צו ביסלעך זיך אַרײַנגעשפּאַרט דורך די לענגלעכע פענצטער, און כ׳האָב דערזען, ווי פון הינטערן עמוד הייבט אויף דער שאָטן פונעם טאַטן זײַן ייִנגל און לאָזט אַרויס אַ ווילדן אויסגעשריי:

— ייִדן, זיי האָבן דערשאָסן מײַן אײַזיקלען!

אין אַ רגע אַרום האָט אויפגעהילכט דעם אומגליקלעכן פּאָטערס שטים:
— אַ קלאָג צו דיר, גאָט!

מען האָט אונדז אָפּגעהאַלטן אין בית־מדרש עטלעכע טעג כּמעט אָן אַ טרונק וואַסער, אָן אַ ביסן ברויט. קלעפּ און נגישות — ביַי טאָג, שיסעריַיען און קרבנות — ביַי נאַכט. אַן אַלטער ייִד מיט אַ וויַיסער הדרתדיקער באָרד איז אויפן דיל געלעגן מיטן פּנים אַרויף און קוים זשיפּענדיק, ווי געזוכט מיט די איבערגעטריקנטע ליפּן דעם העכסטן אויסדרוק פון גאָט־לעסטערונג:
— גאָט, גאָט, פאַרברענט זאָלסטו ווערן!

כ׳האָב שפּעטער געזען אין געטאָ טיף־גלייביקע, וואָס האָבן אָפּגעשוירן בערד און פּאות, האָבן ניט געדאַוונט, ניט אָפּגעהיט קיין מיצוות, מיט פאַר־ביסענער שאָדנפרייד געגעסן טרפות.

געווען אויך רעליגיעז געשטימטע קנאָים, וואָס האָבן געטענהט:

— גאָט שטראָפט ניט אומזיסט. ייִדן האָבן גענומען אויף זיך די התחייבות צו היטן זיַינע געבאָטן. און וואָס האָבן זיי געטאָן? געזינדיקט קעגן דער הייליקער תורה, געדינט עבודה־זרה, געמאַכט יד־אחת מיט די גאָטלאָזע באָלשעוויקעס. מיט גאָט שפּילט מען זיך ניט.

מיט איינעם אַזאַ איז מיר אויסגעקומען צו פאַרפירן אַ שטיקל וויכּוח.
— איר זאָגט — זינדיק, שטראָפט גאָט. איז ער אַזוי בלוטדאָרשטיק? — האָב איך געפרעגט. — ער זעט ווי מען קוילעט אין געטאָ, ווי מען פירט צו דער עקדה פרויען, קינדער, זקנים, און ער שוויַיגט.
האָט יענער אַזוי דערווידערט:

— גאָט שטראָפט אונדז פאַר זינד, באַגאַנגענע מיט מעשׂים און אין די מחשבות. אויב ער וויל אונדזער טויט, האָבן מיר עס פאַרדינט.

— די אַנטיסעמיטן, היטלער, די נאַציס, ווילן אונדזער טויט. זענט איר מסכּים צו דעם וואָס זיי טוען?

— איך בין ניט מסכּים אָבער מקבל באהבה בין איך גאָטס פּסק־דין, — און דער בעל־וויכּוח ברענגט דערביַי אַ פּסוק: — אשר יאהב ה׳, יוכיח — דעם וועמען גאָט האָט ליב, טאַדלט ער, שטראָפט. ייִדן איז שלעכט, וויַיל גאָט האָט זיי אויסדערוויילט...
זאָג איך אים:

— ניט לאַנג האָט אַ גלח געפּרעדיקט אין קאַסטיאַל, אַז היטלער איז גאָטס שליח...

פאַר אַ סך ייִדן — וועלטלעכע, פריַידענקערישע — איז די פראַגע, צי ס׳איז יאָ פאַראַן גאָט אָדער ניט, שוין לאַנג געווען געלייזט צו זיַין אומגונסטן.

די טײַכן בלוט און טרערן האָבן אָבער צעוואַקלט דעם גלויבן אויך בײַ פרומע מענטשן.

— ניטאָ קיין גאָט! — האָט נאָך אַן אַקציע געהאַקט זיך קאָפּ אין וואַנט אַ געוועזענער ישיבה־בחור. — אויב ער איז דאָ, זאָל ער מיך טייטן אויפן אָרט!

דער פּאַרעלטערטער, פּרימיטיווער אַרגומענט פונעם אַטעיִסטישן קאַמף האָט אויף זײַנע ליפּן געקלונגען ווי דער אויסגעשריי פון אַ זיך צאַפּלענדיקן בונטאַר.

נאָך אַ פאַל. בײַם מקבר זײַן אויפן געטאָ־בית־עלמין זײַנעם אַ זון, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן דורכן קאָנוואָיִר פאַרן אויסרופן, די בריגאַדע זאָל זיך אויסמושטירן, האָט דער פאָטער, אַ פרומער ייִד, זיך צעטענהט:

— ניין, איך וועל ניט זאָגן ברוך דיין אמת. גאָט איז ניט גערעכט און זײַן מישפּט איז ניט גערעכט!

איוב איז פאַר אים ניט געווען קיין בײַשפּיל.

כ׳ווייס אָבער אויך: מען האָט אָפּערירט איינע אַ מיידל אין דער היים, בײַ נאַכט. די גאַנצע צײַט פון דער אָפּעראַציע איז איר פאָטער, אַקעגן דעם פאַרבאָט אַרויסצוגיין בײַ נאַכט, אַרומגעגאַנגען אַרום שטיבל און געזאָגט אויפן קול תהילים, גאָט זאָל קומען צו הילף. און געווען איז דער ייִד אַן אַפּיקורוס גמור.

מען האָט דערציילט אויך אַזאַ געשיכטע:

איינער אַ ייִד האָט אויסגעפּרוווט זײַן מזל — געלאָפן פון געטאָ, געוואָלט אויסבאַהאַלטן זיך בײַ אַ באַקאַנטן פּויער. מען האָט אים געכאַפּט, געפּאַרשט אין דער געסטאַפּאָ און באַשטימט: אַן באַוואַכונג, אויף אייגענער ריזיקע זאָל ער צוריקגיין אין געטאָ. אויב דאָס וועט אים געלינגען, ס׳הייסט מען וועט אים ניט פאַרהאַלטן אונטערוועגנס, בלײַבט ער לעבן.

דעם גאַנצן וועג צו די „אייגענע" האָט דער ייִד, מיט אויפגעהויבענע אויגן צום הימל, געבעטן הילף בײַם אַלמעכטיקן. ער איז בשלום דערגאַנגען. און דאָס איז פאַר אים געווען אַ באַווײַז, אַז ס׳איז פאַראַן אַ גאָט אין הימל. האָט ער אים געגומען דינען מיט אַלע חושים און רמ״ח אברים.

די מורא פאַרן טויט, דער ביז משוגעת דערפירנדיקער ווילן איבער־צולעבן און דער געדאַנק, אַז נאָר אַן איבערנאַטירלעכער כּוח קאָן ברענגען די ישועה, האָבן אַזוי דערשיטערט אַנדערע פרײַדענקער, אַז זיי זענען אַרײַנ־געפאַלן אין אַ מיסטיש־רעליגיעזן טראַנס. ווי זיך טרינקענדיקע אינעם ים פון מענטשלעכער לייד, האָבן מענטשן זיך אָנגעכאַפּט אין דער רעליגיע.

אין פּחד פאַרן גורל פון זײַן הייסגעליבטן צעניאָריקן בן־יחיד און בן־זקונים איז דער געוועזענער בוכהאַלטער ב. או. פּאַנאַטיש פרום געוואָרן. ער האָט זיך אויפגעהערט ראַזירן, געדאַוונט, געפאַסט טעניתים. פון אונטער דער ערד באַקומען און געלייגט תּפילין, כאָטש די דײַטשן האָבן געשאָסן געפינענדיק בײַ עמעצן תּפילין, ווײַל אין די של־ראָשן און של־ידן קאָן מען אויסבאַהאַלטן דינאַמיט... ער פלעגט בשתיקה דאַוונען דרײַ מאָל אַ טאָג. בקיצור אָפּגעהיט מצוות. זײַן ייִנגל פלעגט ער אויף גאַנצענע טעג פאַרשפּאַרן אין אַ געמאַכטער באַהעלטעניש — אין אַ טאָפּלוואַנט בײַ זיך אין צימער. אין אָט דער באַהעלטעניש זענען ער, זײַן פרוי און קינד צוזאַמען אומגעקומען, אַרומגעכאַפּטע פון פלאַמען, בעת די היטלעריסטן האָבן ליקווידירט די געטאָ. מען האָט דערציילט, אַז פון די פלאַמען אַרויס האָט דער ייִד געשריִען צו גאָט, גערופן זײַן הילף.

בשכנות מיט אונדז האָט געלעבט אַן אַליין געבליבענער ייִד, אַ בן־שישים, געלעבט אָפּגעזונדערט, פאַרשלאָסן אין זיך. פריִער איז ער געווען שטאַרק פרום. איצט האָט ער אויפגעהערט דאַוונען, ניט געפּראַוועט אפילו היטן שבת צי יום־טוב. ווי מעגלעך פלעגט ער דעמאָנסטרירן זײַן כּפירה. ער האָט געגעסן אָן אַ היטל אַפילו דעמאָלט, ווען דאָס איז אויסגעקומען אין דער קעלט, אויף דער אַרבעט אונטערן פרײַען הימל.

— איר טוט אָפּ גאָט? — האָט אים עמעצער איראָניש געפרעגט.

— מיר האָבן ניט קיין גאָט! — האָט דער ייִד אַרויסגעפּלאַצט דורך טרערן. — אַדרבא, זאָגט, צי איז בכלל פאַראַן אַ גאָט אין הימל?

## עס לאָזט זיך ניט פאַרווישן

ס'איז מיר אַרײַנגעפאַלן אין די הענט אַ צעקנאַדערט שטיקל פון שטרײַכערס העצבלעטל „דער שטירמער". ווי באַוווּסט, איז אונדז פאַרבאָטן צו לייענען צײַטונגען. כ'האָב אָבער דאָס דאָזיקע, מיט גאָטישע אותיות אָנגעפּיקעוועטע שטיקל פּאַפּיר באַהאַלטן און בײַ אַ געלעגנהייט, אין געהיים עס דורכגעאַקערט מיט די אויגן פון ברעג ביז ברעג. און שוין האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס עקלדיק־שמוציקע פּרצוף־פּנים פונעם דאָזיקן „וואָכנבלאַט צום קאַמף פאַר די וואָרהײַט": אַלטבאַקאַנטע בלוטדאָרשטיקע פּלוידערײַען, מאָרד־העצע און שטות, אויסגערעכנטע צו פאַרסמען אָפּגעשטאַנענע מוחות. טשיקאַווע איז אָבער געווען די אינפאָרמאַציע מיטן טיטל „דער גרויסער ליגן". ס'רעדט זיך וועגן אַן אויפגעפירטער פּיעסע אין אַ שווייצאַרישן טעאַטער,

וואָס שילדערט אַ היטלעריסטישן קאָנצלאַגער. דער דראַמאַטורג — אַ געלאַ־פּענער אַרעסטאַנט פון אַזאַ לאַגער. פירט אויס „דער שטירמער": ס'איז קלאָר, אַז אַלץ איז אין דער פּיעסע געמיינער ליגן, ווייל פון אַ דייטשישן קאָנצלאַגער קאָן מען ניט אַנטלויפן...

דער דאָזיקער אויספיר איז מיר לאַנג פון קאָפּ ניט אַרויס. זאָל עס זיין אַן אַנצוהערעניש, אַז קיינער פון די וואָס שמאַכטן הינטער נאַצישע שטעכל־דראָטן, טאָר ניט בלייבן לעבן? אין געטאָ געפינען זיך ניט ווייניק „אומלע־גאַל" לעבנגעבליבענע — אַנטלאָפענע פון די צעשיסונגען אין די קאָוונער פאָרטן און פון די שחיטות אין דער פּראָווינץ. פאַראַן אַפילו אַרויסגעקראָ־כענע פון די מאַסן־קברים. אין שטאָט און דאָרף באַהאַלטן זיך געלאָפענע פון געטאָ. די געטאָ־יוגנט רייסט זיך אין די וועלדער, האָפט צו דערשלאָגן זיך צו פּאַרטיזאַנער און קעמפן, נקמה נעמען. מיר אין געטאָ לעבן אויך דערווייל.

טאָ זאָל שטרייכער און אַלע פון זיינס גלייכן וויסן, אַז קיין מאָל איז קיינעם ניט געראָטן צו פאַרווישן די שפּורן פון פאַרברעכנס, מעגן די פאַר־ברעכער ווער ווייסט ווי זאַרגעוודיק־אָפּגעהיט זיין. פאַרברעכנס קאָן מען ניט פאַרווישן און ניט אויסמעקן!

וועט איר, לעבעדיקע עדות פון אונדזער מוראדיקן בראָך, בשלום דורכ־גיין אויך די ווייטערדיקע גיהנום־קרייזן וואָס שטייען אונדז מסתמא פאָר, און זיך דערוואַרטן דעם סוף פונעם בלוט־מבול? דעמאָלט וועט איר אָפּגעבן די באַגלייבטסטע עדות־דערקלערונג וועגן דעם, וואָס די שטרייכערס ברעג־גען דער וועלט. דערווייל זאָמל איך אייערע אַרויסזאָגונגען, פאַרנאָטיר פאַקטן פון אייער ביטערן נסיון. אפשר האָבן די פאַרשריבענע זייטלעך מער שאַנסן זיך צו דערוואַרטן דעם גוטן סוף פון אַלע סופן...

צו מאָל פרעג איך זיך צי מען דאַרף, צי מען מעג גאָר אַלץ פיקסירן. האָט דאָך דער בעל־פּינקס פון די קאָזאַקישע גזרות און שחיטות אויף יידן אין די יאָרן ת"ח און ת"ט, געלאָזט וויסן, אַז ער האַלט זיך אָפּ פון אויסשרייבן אַלץ, כּדי ניט צו פאַרשוועכן דעם מענטש, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין גאָטס געשטאַלט.

געוויס, ס'וואָלט פאַרשעמט געוואָרן דער מענטש... פון דעסטוועגן זאָל דערציילן, ווער עס האָט וואָס צו דערציילן, און זאָל יעדערער וואָס קאָן האַלטן אַ פען, פאַרשרייבן זיינע איבערלעבענישן. זאָל ניט פאַרגעסן ווערן אויך דער דאָזיקער פאַקט: נאָך אַ קורשבאַל־מאַטש צווישן אַ דייטשישער מיליטערישער און אַ ליטוויש־פאַשיסטישער קאָמאַנדע האָבן די זיגערישע

ליטווינער באַקומען אַ „באַלוינונג" — די געלעגנהייט צו דערשיסן פינף און צוואַנציק ייִדישע מענער פון די פאַרשפּאַרטע אין זיבעטן פאָרט. מיט ווילדע פריידגעשרייען האָבן זיי טאַקע אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט...

## די מאָס פון שולד

אין די זעלבע גרוי־ברוינע שינעלן, אין די זעלבע שוואַרצע פּילאָטקעס, מיט איינע און די זעלבע פּיִאַלעטעווע אָרעמבענדער — און דאָך זענען זיי געווען פאַרשיידן. אַפילו ריין אויסערלעך. איינער — אַ וווקסיקער, מאָגערער, טונקלהויטיקער, מיט אײַנגעפאַלענע באַקן און טיף אַרײַנגעזעצטע בליש־טשעדיקע אייגלעך. דער צווייטער — אַ נידעריקער, ברייטפּלייציקער, מיט אַ רונד אָפן פּנים און העלע אָפענע אויגן. דעם עיקרדיקן אונטערשייד האָבן מיר געקאָנט פעסטשטעלן ערשט אַ ביסל שפּעטער.

ביידע זענען זיי געווען אוקראַיִנער. אַרײַנגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, האָבן זיי געלאָזט זיך פאַרנאַרן פון די היטלעריסטן און אַוועק זיי דינען. ביידע האָבן אַ געוויסע צײַט באַוואַכט אונדזער בריגאַדע אויף דער צוואַנג־אַרבעט.

מיר האָבן ניט געוווּסט זייערע נעמען. האָבן מיר דעם ערשטן געקרוינט מיטן צונאָמען „ביסטריי", ווערדליק זײַן ווערטל „ביסטריי" (ס'הייסט שנע־לער), מיט וועלכן ער פלעגט אונדז שטענדיק אונטערטרײַבן אויפן וועג פון געטאָ און אויף דער אַרבעט גופא. בייז אַרויסגעצישט „ביסטריי", אָפט באַגלייט מיט אַן אומברחמנותדיקן שטויס מיט דער ביקסקאָלבע, האָט ער ניט איינעם פון אונדז שטאַרק צעממיתט.

דעם צווייטן האָבן מיר גערופן „דער פּאַמעלעך". דעם דאָזיקן צונאָמען האָט ער פאַרדינט. ער איז געווען אַ מענטשל אָן אַ גאַל. ס'האָט אים ניט געאַרט, צי מיר אַרבעטן יאָ אָדער ניט, צי מיר כאַפּן אונטערסימולירן — שטייען אָן באַוועגונג, אָנגעשפּאַרט אין די לאָפּעטעס, און שטופּן, שטופּן די צײַט. ער פלעגט אונדז אַליין וואָרענען, אויב ס'דערנענטערט זיך אַ דײַטש אָדער זײַן קאָלעגע קומט אָן. ניט איין רגע פון אונדזער ביטערער וואָר האָט ער פאַרלײַכטערט און פאַרהיט אונדז פון אַ שפּאָר ביסל קלעפּ.

אָפט, ווען די דײַטשן און דער „ביסטריי" פלעגן זיך ערגעץ אָפּטראָגן, האָבן מיר דעם „פּאַמעלעך" אויסגענוצט צו גאַנץ דרייסטע שריט. עמעצער פלעגט נעמען אָן אײַזנפּרעגנט צי אַ מעטאַלענע רער, אַ זעג צי אַ מאָלער־באַרשט, און דער „פּאַמעלעך" האָט אים געפירט כלומרשט צו דער אַרבעט.

פּאַקטיש פלעגט אויף אַזאַ אופן אונדזערער אַ שליח גיין איינשאַפן שפּייז פאַר דער בריגאַדע. ניט איין מאָל האָט דער „פּאַמעלעך" אַזוי באַגלייט אַ חבר, וואָס האָט געטראָגן אַ האַלבן לאַבן ברויט, און וועלכן ס'איז געווען איינגעקנאָטן אַ רעוואָלווער אָדער אַ מאַגאַזין קוילן... פאַרשטענדלעך, אַז אויך ער, אונדזער גוטער קאָנוואָיִר, האָט דערפון ניט געטאָרט וויסן. אגב, פלעגט אים גאָר ניט אָנגיין וואָס עס קומט פאָר אין די שטיבלעך, וווהין ער פירט אַוועק און ברענגט צוריק „זיינע" ייִדן. ער פלעגט בלויז פרעגן:

— האָט מען אייך ניט אָפּגענאַרט?

און געווען איז ער גרייט זיך אָנצונעמען אונדזער קריוודע, טאָמער מען האָט אונדז באַעוולט אינעם מיסחר.

...זיצט איין מאָל דער „פּאַמעלעך" אויף אַ סטאָס ברעטער — די פיס אַראָפּגעהאָנגען, די הענט אַראָפּגעלאָזט, די ביקס, ווי אַן אומנייטיקן קעגנשטאַנד, אין אַ זייט געשטעלט. זיצט ער אַזוי, דעם טעמפּלעכן בליק אַריינגעלאָזט אין דער ווייַט.

עפּעס־וואָס טוענדיק דערנעבן האָב איך געכאַפּט אַ קוק אויף אים. ער האָט עס דערפילט און פון דער העלער הויט זיך גאָר פונאַנדערגערעדט. פאַר אַ ייִדן האָט ער קיין מורא ניט געדאַרפט האָבן, האָט עס ווי אַ פלייץ געטאָן ביי אים פון האַרץ אַרויס:

— זייט מיר ניט מקנא. אייך איז בעסער פאַר מיר. איר קאָנט האָפן. כאָטשבי האָפן באַפרייט צו ווערן. מען וועט אפשר ניט אַלעמען פון אייך דערשיסן. אָבער איך? וואָס וועט מיט מיר זיין נאָך דער מלחמה? ווי וועל איך זיך ריינוואַשן? זאָג, בין איך שולדיק, אַז אַ געשוואָלענער פון הונגער האָב איך צוגעפּויזעט אויף אַלע פיר צו דער דייטשישער פעלדקיך, פון וואַנען ס'האָט זיך געטראָגן דער ריח פון געווירצטן געקעכץ? אומיסטנע האָבן זיי עס געווירצט, די טייוולאָנים, עס זאָל רייצן די נאָז און עס זאָל די געדערעם איבערקערן. כ'האָב אויסגעכליאַבעט ווי אַ הונגעריקער הונט גאַנצע צוועלף קעסעלעך אַרבעסזופּ מיט שטיקלעך געבראָטן חזיר־פלייש... יאָ, אַ גאַנצן טוץ קעסעלעך... דערנאָך האָט מען געלאָזט אויסבאָדן זיך. מען האָט פאַרברענט מיינע לייזיקע שמאַטעס און אַרויסגעגעבן פרישע וועש, נייע קליידער. געגעבן אַ פּאָר שטיוול. אַריינגעשטופּט אין האַנט די ביקס...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. כ'האָב אויך געשוויגן. כ'האָב זיך דערמאָנט די ביבלישע מעשה מיט עשׂון, וואָס האָט פאַרקויפט די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינדזן. דאָ איז פאַר מיר געזעסן אַזאַ אַ, וואָס האָט באַקומען אַ היפּש ביסל מער...

— כ'האָב מיט דער ביקס, — האָט דער „פּאַמעלעך" זיך ווידער צערעדט, פילנדיק מײַן גלײַכגילט צו זײַן אָפּנהאַרציקייט, — קיין איין שאָס ניט אַרויסגעלאָזט. נאָר באַוואַכט. און, דאַכט זיך, כ'בין גוט צו אײַך...

זײַנע העלע אויגן, זײַן קײַלעכיק פּנים, די פּולבלעכע ליפּן, איבער וועלכע ס'האָט געשפּראָצט אַ העלער פוך, האָבן אים געמאַכט נאָך ייִנגער ווי ער איז געווען. ממש אַ יאָטל מיט באַשרענקטע השׂגות, מיט קליינע ווונטשן, און שוין אַ צעבראָכענער מענטש. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט געגעבן אַ האַנט דעם טײַוול און, מעגלעך, אַלץ פאַרשפּילט.

מיר האָט באַנג געטאָן אונדזער „פּאַמעלעך". באַטראַכטנדיק אים האָב איך איבערגעלייענט אויף זײַן אַראָפּהענגעדיקער האַנט די אײַנגעטאַטויִרטע אויפשריפט: „וואַניאַ טשאַבאַן".

איך וויל אים ניט פאַרטיידיקן צי גאָר פּרווון ריינוואַשן. יעדער איינער וואָס האָט אָנגעטאָן אַ היטלעריסטישע אוניפאָרם, איז שולדיק. אָבער די מאָס פון איטלעכנס שולד איז די מאָס פונעם פלײַס, מיט וועלכן ער האָט באַדינט די נאַצישע מאַרדמאַשין. דעריבער, ווען ער זאָל געשטעלט ווערן פאַרן מישפּט, וואָלט איך געלאָזט פאַלן אַ וואָרט לטובֿת אָט דעם וואַניען. שוין דערפאַר, וואָס ער איז געווען אַן אויסנעם און מחמת ער איז אַליין געווען אַ קרבן.

## ליבע

דערהערנדיק דעם גערויש פון אַן אויטאָ, האָבן מיר, עטלעכע ייִדן, זיך צוריקגעצויגן פון דער גאַס און זיך באַהאַלטן הינטער אַ טויער פון אַ הויז. מיר האָבן דאָך געוווּסט, ווער עס קומט אין געטאָ אויף זייערע אויטאָ־מאָבילן...

דורך אַ שפּאַלט אינעם הילצערנעם טויער האָבן מיר געזען, אַז ס'האָט זיך פאַרבײַגעטראָגן אַ ברוינע מאַשין מיט אַ צוגעפּלעטשטן פאָדערשטן טייל, ווי דער שנוק בײַ אַ קראָקאָדיל, און געבליבן שטיין ניט ווײַט בײַ אַ שטיבל. פון דער מאַשין זענען אַרויסגעקראָכן צווייען אין גרין־גרויע אוניפאָרמען. פאַרריכט די שוואַרצע קראַוואַטן, האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט.

— גאָס, מיינער, געסטאַפּאָווצעס, עס־דע... — האָט דערשראָקן אַ שעפּ־טשע געטאָן עמעצער לעבן מיר. — טוט אַ קוק אויפן לינקן אַרבל...

אַ ציטער האָט אונדז אַרומגעכאַפּט דערזעענדיק דעם שרעקלעכן צייכן. די געסטאַפּיסטן האָבן באַקוקט דאָס שטיבל. איינער פון זיי, דער נידע־

ריקערער און ווײַזט אויס, אויך דער נידעריקערער אין ראַנג, האָט זיך אויסגעצויגן פאַר דעם פיל העכערן פון אים און דערנאָך פאַרשווונדן אין שטיבל. באַלד איז ער צוריקגעקומען מיט אַ הויכן מאַנצביל און אַ פרוי.

— לאָזט, לאָזט, — האָב איך מיך אַ צי געטאָן צום שפּאַלט אינעם טויער.

כ'האָב געקענט דאָס פּאָרפאָלק וואָס מען האָט אַרויסגעפירט. ער, אַלעקסאַנדער בלומענטאַל, האָט געשטאַמט פון ליטע, איז אָבער געווען אַ שווייצאַרישער בירגער. זײַן פרוי — אַ קאַטוילין פון בעלגיע און הייסט הענריעטאַ. די מלחמה האָט זיי פאַרוואָרפן צו אונדז.

אויסגעהערט דעם עלטערן געסטאַפּיסט, וואָס האָט זיי עפּעס דערקלערט טײַטלענדיק די גאַנצע צײַט מיטן ווײַזפינגער, האָבן ביידע בלומענטאַלס זיך אומגעקערט אין שטיבל, באַגלייט פונעם נידעריקן דײַטש.

דער העכערער און עלטערער געסטאַפּיסט איז געבליבן בײַם אויטאָ — אַן אויסגעטריקנטער, סוטולעוואַטער דראָנג מיט אַ לענגלעך פּנים און שפּיציקן קין. ער האָט מיטן שנויץ פון זײַנע גלאַנציקע שטיוול געקלאַפּט אין די שינעס ווי אויספּרוּווּנדיק, צי ס'איז גענוג אָנגעבלאָזן לופט. דערנאָך, אָנשפּאַרנדיק זיך מיטן רוקן אין דער מאַשין, איז ער פאַרגליווערט שטיין געבליבן.

דאָס אַלץ איז געשען אין אַ וואַרעמען זומערדיקן נאָכמיטאָג. דער הימל איז געווען לויטער, בלוי. די זון האָט געגאָסן איר שײַן אויף די גרויע הילצערנע הײַזלעך לעבן שמאָלן טראָטואַר פון צעשפּאָלטענע בעטאָנפּליטן. ס'האָט אויסגעזען, אַז אַלץ אַרום האָט אויף עפּעס געוואַרט — דער ברוינער, לענגלעכער אויטאָמאָביל מיטן צוגעקלעפּטן צו אים געסטאַפּיסט, מיר הינטערן טויער, די פאַרטײַעטע מענטשן אין אַנדערע הויפן און שטיבער. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אויך די זון אין הימל איז שטיין געבליבן אין דערוואַרטונג.

ענדלעך האָבן אויפן שוועל פונעם שטיבל זיך באַוויזן די בלומענטאַלס, אָנגעטאָנענע אין בעסערע בגדים. מיט מאַנטלען אויף די הענט, מיט טשעמאָדאַנען. אַרויסבאַגלייט האָבן זיי צוויי פּרויען און אַן עלטערער מאַנצביל. מען האָט זיך געגומען געזעגענען, זיך געדריקט די הענט, געקושט זיך.

ביידע דײַטשן האָבן געדולדיק געוואַרט, ביז די בלומענטאַלס ועלן זיך אָפּגעזעגענען ווי זייער האַרץ גלוסט. דעמאָלט האָט דער עלטערער געעפנט דאָס טירל פון דער מאַשין, העפלעך פאַרבעטן אַהין דאָס פּאָרפאָלק. געהאָלפן אַפילו דער יונגער דאַמע אַרײַנשטעלן איר טשעמאָדאַנדל.

דער אויטאָ האָט זיך צעזשומעט, אַרויסגעשטויסן אַ בלוילעך וואָלקנדל רויך און זיך אָפּגעריסן פון אָרט.

מיר האָבן לאַנג געקוקט אויפן פוסטן געסל. פאַרבײַגייער האָבן אַלץ זיך ניט דערוועגט צו באַווײַזן. די מענטשן וואָס האָבן אַרויסבאַגלייט די בלומענטאַלס, זענען געשטאַנען און, אַזוי ווי מיר, געקוקט אַהין ווו דער אויטאָ איז פאַרשוווּנדן. מיר זענען לסוף אַרויס פון היגטערן טויער און צוגעגאַנגען צו זיי.

— אָט, גליקלעכע מענטשן! קיין שווייצאַריע אָפּגעפאָרן! — האָט מיט פרייד, מיט אַ באַהאַלטענער קינאה אונדז געלאָזט וויסן אַן עלטערע פרוי מיט אַ צעקנייטשט פּנים, איינע פון די אַרויסבאַגלייטער.

קיין שווייצאַריע? פון הינטערן שטעכלדראָט — אין דער נייטראַלער, רויִקער שווייצאַריע? צו פאַנטאַסטיש, עס זאָל זײַן אמת.

דערפילט דעם אומצוטרוי צו אירע רייד, האָט די פרוי מאָדנע זשעסטי־קולירנדיק מיט די הענט, גענומען אונדז פאַרזיכערן:

— יאָ, מיט מײַנע אייגענע אויערן האָב איך געהערט. דער דײַטש האָט זיי געהייסן גוט און שיין זיך אָנטאָן, מיטנעמען די בעסטע זאַכן. צו פופצן קילאָ אויף אַ מענטשן. איך פאַרשטיי דײַטש און האָב געהערט ווי ער האָט געזאָגט, אַז דער שווייצאַרישער קאָנסול אין ליטע האָט זיך געזאָרגט וועגן זיי. איז פאַר זיי אָנגעקומען די דערלויבעניש אומצוקערן זיך קיין שווייצאַריע. וואָס איז דער וווּנדער? דער דײַטש האָט אַפילו געזאָגט, אַז די רײַזע מיטן עראָפּלאַן ביז בערלין איז באַצאָלט. און דאָרטן וועט שוין דער שווייצאַרישער אַמבאַסאַדאָר וועגן זיי זיך זאָרגן, וועט דעקן אַלע קאָסטן...

דער מאַנצביל וואָס איז געווען אַרויס פון שטיבל, האָט שווער אָפּגע־זיפצט. באַקוקט אַלעמען ווי וועלנדיק זיך איבערצײַגן, צי ער מעג רעדן אָפן, האָט ער געזאָגט:

— מעגלעך, עמעצער אין אויסלאַנד האָט טאַקע געזאָרגט זיך וועגן די בלומענטאַלס. ס'איז אויך מעגלעך, אַז זיי האָבן געמאַכט אַוועלכע באַמיִונגען אומצוקערן זיך אַהיים. אפשר איז עס איצט דערגאַנגען צו געסטאַפּאָ... נאָר מיר געפעלט ניט, מיר געפעלט זייער ניט די לעצטע פראַזע פון יענעם דראָנג. איך קען אויך דײַטש, קען גוט. געפעלט מיר ניט אַזאַ זאָג צום שאָפער: „אַלזאָ, צום פלוגפּלאַץ, צו דער רײַזע אין די הימלען"...

ס'האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ ווייפול־אָנגעשפּאַנטע שטילקייט, ווי נאָך אַ לוויה. ס'האָבן געשוויגן די אײַנוווינער פונעם שטיבל. אויך מיר האָבן ניט געהאַט וואָס צו זאָגן.

שטיין אין אַ געזעמל אין מיטן גאַס האָט מען ניט געטאָרט. קיינער האָט אָבער ניט געקאָנט אַוועקגיין, ניט האָבנדיק אויסגעקלאָרט די אומגעוויינט־

לעכע געשעעניש: געטאָ־אַסירים זאָלן האָבן אָפּגעפלויגן קיין שווייצאַריע!

— אויך מיר געפעלט ניט די געשיכטע, — האָט מיט אַ געבראָכענער שטים אָנגעהויבן די צווייטע פרוי, וואָס האָט אַרויסבאַגלייט די אַוועקגעפאָרענע. זי האָט גערעדט שטיל, ווי אַרויסגעבנדיק אַ סוד. — פון העלער הויט איז נעכטן הענריעטאַ אַרויסגערופן געוואָרן אין געסטאַפּאָ. צוריקגעקומען איז זי אַ צעטראָגענע, אַ צעבראָכענע. איך בין געווען אין דער היים און אַלץ געזען. איר מאַן איז צו איר צוגעשטאַנען: „וואָס האָט מען געוואָלט פון דיר?״ זי האָט ניט געענטפערט, איז אַרויפגעפאַלן אים אויפן האַלדז און זיך צעיאָמערט. פאַר וואָס זי האָט געוויינט, האָט זי מיר שפּעטער אויסגעזאָגט, בעת מיר זענען געבליבן אַליין.

— נעכטן האָט זי געוויינט און הייַנט איז זי אפשר די גליקלעכסטע אין דער וועלט, — האָט לעבעדיק צוגעגעבן די פרוי מיטן צעקנייטשטן פּנים.

— די גליקלעכסטע? — האָט אויפגעציטערט די ייִנגערע. — נו, ווייסט איר, ניטאָ קיין גליקלעכע צווישן אונדז און קאָנען ניט זייַן... כ׳וועל אַרויסגעבן דעם סוד, וועט עס זייַן אַ לערע פאַר אַנדערע. הענריעטאַ האָט מיר פאַרשווירן קיין וואָרט ניט צו זאָגן איר מאַן... מען האָט איר פאָרגעשלאָגן זיך שיידן פון אים און פאַרלאָזן די געטאָ, וועט זי קאָנען אומקערן זיך אַהיים. צי פּאַסט עס פאַר אַן אַריערין צו שטעקן הינטערן שטעכלדראָט צוזאַמען מיט די פאַרשאָלטענע... זי איז ניט מסכים געווען, אויף קיין פאַל ניט מסכים געווען. און הייַנט קומט אויס, אַז ביידן האָט מען באַפרייַט... אָרעמע, אומגליקלעכע הענריעטאַ...

געזאָגט עס, איז די פרוי אַוועק, ווי ניט האָבנדיק מער וואָס צוצוגעבן. אַלע זענען שווייַגעוודיקע זיך פונאַנדערגעגאַנגען. איך האָב געטראַכט, אַז הענריעטאַ איז ניט בלויז אַן אָרעמע אומגליקלעכע... ווי זאָל מען אָנרופן אַ מענטש, וואָס האָט ניט געוואָלט פאַרן פּרייַז פון ליבע קויפן די פרייַהייט און אויך דאָס לעבן?

אין אַ קורצער צייַט אַרום האָבן מיר אויף דער אַרבעט זיך געטראָפן מיט סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע. אָפּגעוואַרט אַ מאָמענט ווען די וואַכלייַט האָבן געכאַפּט אַ שמועס צווישן זיך, האָט איינער אַ קריגס־געפאַנגענער, אַ רוס, זיך געווענדט צו אונדז:

— האָט מען אַרויסגעפירט די טעג פון אייַער געטאָ אַ פאָרפאָלק, אַ הויכן מאַן און אַ שלאַנקע פרוי? מען האָט זיי געבראַכט אין אונדזער לאַגער...

איך האָב מיט אים גענומען פאַרפינקטלעכן די זאַך.

ס׳איז צונויפגעפאַלן די צײַט פֿון טאָג, ס׳האָבן געשטימט אויך אַנדערע פּרטים. דאָס זענען געווען די בלומענטאַלס, באַגלייט פֿון די זעלבע צוויי געסטאַפּיסטן, וואָס האָבן מיט פּיסטאָלעטן אין די הענט צוגעפֿירט זיי צו די שטענדיק גרייטע גריבער אויפֿן לאַגער־בית־עלמין און געהייסן אויסטאָן די אייבערשטע בגדים. דערנאָך האָט דער עלטערער דײַטש אָפּגערופֿן די פֿרוי אין אַ זײַט, עפּעס גערעדט צו איר, געוואָלט, ווײַזט אויס, זי אין עפּעס איבערצײַגן, אָפּילו געהאַט דאָס געוווער אַרײַנגעלייגט אין קעשענע. נאָר די פֿרוי האָט פּלוצעם זיך אַ ריס געטאָן צום מאַן, וואָס איז געשטאַנען בײַ דער גרוב, אַרויפֿגעפֿאַלן אים אויפֿן האַלדז...

ווידער האָט דער געסטאַפּאָ־הענקער אַרויסגענומען דעם פּיסטאָלעט און אויסגעלאָשן דאָס לעבן פֿון די צוויי פֿאַרליבטע יונגע מענטשן.

## און די תּליה וואַרט

דער וואַכטע־אָנפֿירער, דער אַזוי גערופֿענער אײַנזאַץ־פֿירער — אַ פּי־פּיקער, געזונטער עסעסניק — האָט זיך פֿאַרפֿאַכטעט, כּדי אַראָפּצולאָזן עטלעכע פֿײַערדיקע פּעטש אַ ייִדן. אָבער דאָס בחורל וועמען די פּעטש זענען דאָס מאָל געווען באַשטימט, האָט אינסטינקטיוו צי באַוווסטזיניק פֿאַרשטעלט זיך דאָס פּנים מיטן עלנבויגן, און דער אײַנזאַץ־פֿירער האָט זיך צעשלאָגן די האַנט אינעם ביינערדיקן עלנבויגן פֿונעם חוצפּהניק.

דעם יונגן בחורל האָט עס טײַער געקאָסט. פֿון אָנהייב האָט זיך אַ שאָט געטאָן אויף אים אַ האַגל פֿון קלעפּ. דערנאָך האָט דער דײַטש אים אַנידער־געשלײַדערט און גענומען טרעטן מיט די פֿיס, ריטשענדיק:

— ווערסט זיך אַנטקעגנשטעלן, האַ?

ווען דער אײַנזאַץ־פֿירער איז מיד געוואָרן, האָט ער באַפֿוילן אַרײַנצו־וואַרפֿן זײַן הײַנטיקן קרבן אין קעלער — „פֿאַרן שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער מאַכט״.

און געווען איז הײַנט דער אײַנזאַץ־פֿירער אויפֿגעשטאַנען גראָדע גוט געשטימט. נאָך דער אויסגעצייכנט אָפּגעשלאָפֿענער נאַכט איז דער קאָפּ געווען ניכטער און פֿריש, ווי דער זומער־באַגין וואָס האָט אָנגעזעטיקט די וועלט מיט אַ מחיהדיק־קילבלעכער לופֿט. צופֿרידן מיט זיך און מיטן וועטער, איז ער געוועזן אַרויס צו זײַנע קנעכט וואָס האָבן שוין געוואַרט, ער זאָל זיי פֿאַרטיילן אַרבעט. אַלע פּנימער זענען געווען צו אים געווענדט מיט דעם געהעריקן אָפּשײַ און מורא. אָבער די הענט האָבן זיך אים געביסן

און ס׳האָט זיי ווי אַ מאַגנעט אַ צי געטאָן יענץ טונקלהויטיקע בחורל, וואָס האָט זיך געקליבן חוצפּהדיק אַ שמייכל טאָן.

אויך דער געשלאָגענער איז היינט געווען אויפגעשטאַנען מיט אַ גוט געמיט. ער האָט אַליין ניט געוווסט פֿאַר וואָס: צי מחמת דעם ווונדערלעכן וועטער וואָס האָט זיך איינגעשטעלט נאָך די כמאַרנע און רעגנדיקע טעג; צי ווייל נעכטן אויף דער גאַס האָט אַ פֿאַרבייפאָרנדיקער שאָפער אַרויס־געשטעקט דעם קאָפּ פֿון זיין קאַבינע און אויסגערופן צו זייער קאָלאָנע: „האַלט זיך! לאַנג וועט איר שוין ניט ליידן!" דאָס איז געווען נעכטן. און היינט פֿירט מען אים אין קעלער...

— איך וועל ניט אַנטלויפן. כ׳קאָן דאָך קיין טראָט ניט שטעלן, — האָט קוים פֿלאַנטערנדיק מיט די פֿיס, אין גאַנצן אַ צעהרגעטער און פֿאַרבלוטיקטער, געזאָגט דער יאָט צום וואַכמאַן וואָס האָט אים געפֿירט. — איר קאָנט מיך בינדן, אַריינוואַרפֿן ווהין איר ווילט, נאָר ניט אין קעלער.

אַנשטאָט אַן ענטפֿער האָט דאָס בחורל באַקומען אַ זעץ מיט דער ביקס אין זייט. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, נאָר ניט אויפֿגעהערט בעטן רחמים:

— פֿירט מיך ניט אין קעלער. דאָרטן אויבן איז מיין מאַמע. אין דער קיך...

איצט האָט דער וואַכמאַן פֿאַרשטאַנען: די מוטער פֿונעם פֿאַרשולדיקטן אַרבעט אין דער „יודענקיכע", און ער וויל ניט זי זאָל וויסן, אַז איר זון ווערט אַראָפּגעלאָזט אַהין ווו מען האַלט ניט בלויז קאַרטאָפֿל, קרויט און בורעקעס, נאָר אויך די, אויף וועמען ס׳וואַרט די תּליה. איז טאַקע גלייכער אויסצומיידן גוואַלדן. האָט דער וואַכמאַן אַראָפּגעלאָזט אין קעלער דעם פֿאַרמישפּטן ניט דורך דער קיך, נאָר דורך עפּעס אַן איינזערנעם ליוק, עפּענענדיק און פֿאַרריגלענדיק אים פֿון דרויסן.

דעם בחורלס מאַמע האָט איר זון ערשט ניט לאַנג צוריק געהאַט דער־ציילט, אַז דער מאַנצביל וואָס איז לעצטנס געווען פֿאַרשפּאַרט אין קעלער, האָט דעם גאַנצן טאָג געזונגען. זיי, די קיכפֿרויען, שיילן קאַרטאָפֿל, בראָקן קרויט, און יענער אויף וועמען ס׳וואַרט די תּליה, זינגט. משוגע האָט מען געקאָנט ווערן...

הייסט עס, אַז אויבן, אין דער קיך הערט מען וואָס אין קעלער טוט זיך. מוז מען זיין שטיל, ניט הוסטן, ניט קרעכצן. די אונטערגעהאַקטע לונגען פֿייפֿן, אין האַלדז כאָרכלט. ער ווערט שיִער ניט דערשטיקט איינהאַלטנדיק דעם הוסט. ס׳פּעלט לופֿט. ס׳איז דושנע, פֿינצטער־חושך...

אויבן, אין דער קיך האָבן עטלעכע פֿרויען געגרייט דעם אָנבייסן פֿאַר די,

וועלכע מען האָט אַרויסגעטריבן צו דער אַרבעט. פאַר נאַכט, בעת אַלע וועלן זיך אומקערן וועט מען עפנטלעך הענגען דעם פאַרמישפּטן, כּדי אַלע זאָלן זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר־השׂכּל.

די עטלעכע קיכפרויען האָבן באַלד זיך דערוווּסט, אַז אונטערן דיל, אין קעלער איז דאָס מאָל פאַרשפּאַרט דער איינציקער זון פון זייער חברטע, דער שטילער האַרעפּאַשניצע וואָס זיצט אין אַ ווינקל און שיילט קאַרטאָפל.

## ס'איז געווען די האָפענונג

„איר באַגייט ניט קיין זעלבסטמאָרד, ווײַל איר זענט ניט קיין מענטשן" — וואַרפן אונדז פאָר די היטלעריסטן. די באַהויפּטונג זייערע, אַז מיר זענען ניט קיין מענטשן, איז ווי אַ היתּר אונדז צו קוילען און מאָרדן.

איך קוק זיך אום אויף די פאָר יאָר, אָפּגעפינצטערטע אין געטאָ. פון אַן ערך דרײַסיק טויזנט מענטשן האָבן פאַר דער גאַנצער צײַט בלויז אַ פּאָר יחידים אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיך.

האָבן מיר ניט געוואָלט אָנטאָן די הענקער קיין שאָדנפרייד? ניט געוואָלט זיי פאַרשפּאָרן „אַרבעט"? צי האָבן מיר פאַרלוירן די עלעמענטאַרע געפילן פון מענטשלעכער ווערדע און שטאָלץ? ניין! מיר האָבן געלעבט! עקשנותדיק זיך געקלאַמערט אינעם לעבן, געגלייבט, געהאָפט...

יאָ, ס'איז געווען די האָפענונג. זי היילט דאָס געמיט. זי העלפט אויס־האַלטן. און פאַרפירט אויך. דער וואָס ווערט געצוווּנגען גראָבן זיך אַ קבר פאַרן דערשיסן, טוט עס האָפנדיק אויף אַ נס.

מיר ווערן יעדן טאָג דערנידעריקט, געטראָטן, באַשפּיגן און מאַכן ניט קיין סוף צו אונדזער שפּלן קיום טאַקע צוליב דער האָפענונג אויף ישועה, דער האָפענונג וואָס איז אַזוי אייגנטימלעך מענטשן. מיר האָבן ווי אָפּגע־וואָרפן נאַוואַליסטע פאַרגעשלאָגענעם אויסוועג צו אַנטלויפן פון דער קאַלטער און אַכזריותדיקער וועלט דורכן קאָלעקטיוון זעלבסטמאָרד.

און טאָמער האָט עמעצער געזאָגט: „לאָמיר שטאַרבן און אַן עק זאָל'ס נעמען"...

האָט מען אים באַלד דערווידערט:

— און זיי, די רשעים, איבערלאָזן אַזאַ שיינע וועלט, אַזוינע הימלען,ביימער, בלומען, ליבע, נחת...

דעם נאַטירלעכן לעבנסדראַנג האָט מען באַרעכטיקט אויך מיט פּסוקים פון אונדזערע חכמים:

„כל זמן שאדם חי, יש לו תקוה"... אַזוי לאַנג ווי דער מענטש לעבט, האָט ער אַ האָפענונג.

„לא אמות כי אחיה" — כ'וועל ניט שטאַרבן נאָר לעבן! דער דאָזיקער, פון פאַרצײַטן צו אונדז דערגאַנגענער אויסגעשריי פון אַ טיף גלייביקער נשמה, האָט שטאַרק אָפּגערופן זיך אין אונדזערע געפילן. מיר האָבן מיט אַ פאַרשטיקטן ווייטיק אַנגעהאָפּטן אויף זיך די געלע לאַטעס, געגאַנגען אין רינשטאָק, געשלעפּט דעם קנעכטשאַפטיאָך און אײַנגעזען: בעסער פון די רשעים גערודפט צו ווערן, איידער געבן זיי אַ האַנט, זיצן בײַ איין טיש, גיין אויפן זעלבן טראָטואַר...

אין „נאָרמאַלע" צײַטן וואָלטן מיר אפשר באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, אַרײַנפאַלנדיק אין אַזאַ לאַגע, ווי אונדזערע איצט. הײַנט לעבט מען. מען רײַסט ניט קיין קריעה אויף די פאַרלוירענע. מען זיצט ניט קיין שבעה אויף די אַרויסגעפירטע אין אַקציעס. מען שיט זיך ניט קיין אַש אויפן קאָפּ צוליבן פאָלקס־אומגליק. דער לעצטער רעשט יידן זוכט גאָר וועגן צו לעבן... ער זינגט אַפילו (אַ ביסל פּאַראַפראַזירנדיק) צונזערס אַ פערז: „דער ייד איז אָרעם אָבער זײַן בטחון איז גרויס. פון אַ ברענענדיקן אויוון גייט ער לעבעדיק אַרויס". צו דער האָפענונג וואָס האַלט אויף דעם מענטש, קומט צו דער אוראַלטער יידישער בטחון.

די האָפענונג. זי פאַרטרײַבט דעם יאוש, די שווער דריקנדיקע פאַר־צווייפלונג־כמאַרעס. ס'איז אַ גײַסטיקער ווידערשטאַנד. אויף זײַן באָדן צינדן זיך אָן הערצער, זאַמלען זיך בסוד־סודות קעמפער, גרייטע זיך צו וואַרפן מיט די הוילע הענט אויף אונדזערע דם־שונאים.

יאָ, ס'איז געווען די האָפענונג. זי האָט אויך געהאַמעוועט אומבאַרעכנטע שריט אין רגעס פון כולר־יאוש און געבוירן דעם אויסדויער. זי האָט ניט געלאָזט אויסגיין דעם צאַנקנדיקן גלויבן אין דער גוטער התחלה פון דעם מענטש און געגעבן דעם כוח, וואָס האָט אונדז געהאָלפן בלײַבן מענטשן. און טאַקע גרייטע ניט בלויז שיין צו שטאַרבן נאָר אויך שיין צו לעבן.

## קיעוו

שווער פאָרויסצוזען די בייזוויליק איבערגעשפּיצטע כוונות פון אונדזערע תלינים. זיי קאָנען אַ ליאַדע רגע איבעררײַסן די לעבן־און־טויט־שפּיל, וועלכע זיי פירן מיט אונדז שוין איבער צוויי יאָר. אַלע סימנים ווײַזן אַז זיי גרייטן דעם טראַגישסטן פינאַל אין אָט דער שפּיל. דאָ ניט לאַנג האָט מען

דאָך ווידער מיט דער שוידערלעכסטער רציחה אַרויסגעריסן בײַ דרײַ טויזנט מענטשן פון אונדזער געטאָ און זיי ערגעץ פאַרשלעפּט. אַלץ רעדט דערפאַר אַז אונדזערע טעג זענען געציילטע. צי קאָן מען זיך מאַכן אילוזיעס נאָך וואַרשע, ווילנע, ביאַליסטאָק? ס׳איז געקומען די ריי פון קאָוונער געטאָ.

ניט וויסנדיק וואָס די קומענדיקע שעה קאָן ברענגען, האָב איך באַהאַלטן מײַן ביסל כּתבים. אָבער כּל־זמן עס לאָזט זיך, דאַרף מען דאָך ווײַטער שרײַבן. אפשר וועלן די פאַרשריבענע זײַטלעך דערגיין צו די מענטשן, וואָס וועלן לעבן נאָך אונדז, און זיי עפּעס־וואָס דערציילן וועגן אונדזער גורל.

...צען אַ זייגער אָוונט. אין גאַס טאָר מען שוין ניט אַרומגיין. כ׳בין אָקערשט געקומען „אַהיים״. די מענטשן מיט וועלכע מיר לעבן אין איין צימער, רוען שוין. כ׳צינד אָן אין מײַן אָפּגעזונדערט ווינקל אַ נאָפט־קנייטל און זעץ זיך שרײַבן.

הײַנט איז זונטיק. הײַנט האָט מען אונדז געלאָזט צו רו, ניט געטריבן צו דער אַרבעט. מיר זענען אויך אויסגעהיט געוועזן פון נגישות און פּורעניות. מיט זייער מלאכה פאַרנעמען זיך די מחבלים, בדרך־כּלל, אין וואָכעדיקע טעג. אָבער מאָרגן? וואָס דערוואַרט אונדז מאָרגן? נאָר לאָמיר עס דערווײַלע פאַרגעסן. הײַנט, זונטיק, איז געווען אַ רויטאָג...

די היטלעריסטן שטעלן זיך געוויס ניט פאָר, אַז אין געטאָ, אין אַ געהיימען קעלער האָט אַ מיטגליד פון דער אונטערערדישער קאַמף־אָרגאַני־זאַציע הײַנט, פּונקט ווי יעדן טאָג, געהערט ראַדיאָ און זיך דערוווּסט: קיִעוו איז באַפרייט געוואָרן!

דאָס קנייטל ברענט און שיילט אויס פונעם חושך אַ העלן קײַלעכיקן פלעק. איך זיץ אינעם העלן קײַלעך און שרײַב, פאַרשרײַב, אַז הײַנט פון אָוונט האָבן מיר זיך געהאַט צונויפגעקליבן בײַ אונדזערן אַ חבר אין אַ קאָנספּיראַטיווער דירה, זיך אויסגעזעצט אַרום אַ טיש פון נאַקעטע ברעטער. אין אַ העלדזל פון אַ פלאַש האָט געברענט אַ ליכט און קוים באַשײַנט אַלעמענס אײַנגעפאַלענע פּנימער. אויפן טיש האָט זיך באַוויזן אַ פלעשל היימישער שנאַפּס, עס זענען פאַרטיילט געוואָרן פּענעצלעך ברויט. מען האָט אַרויפגעשטעלט עטלעכע קעלישקעס...

דער מכניס־אורחים, אונדזער חבר ח. ק., האָט אויפגעהויבן דעם כּוס:

— פאַר קיִעוו! פאַרן ניצחון! פאַר אונדזערע חברים, די קעמפערס פון געטאָ!

עמעצער האָט שטיל־שטיל פאַרצויגן די בײַ אונדז באַליבטע ליד וועגן פּאַרטיזאַן זשעלעזניאַק:

„כערסאָן ט'זיך באַוויזן, מירן דורכגיין מיט שפּיזן"...

אַלע אַרום טיש האָבן אונטערגעהאַלטן דעם זינגער. צו גלייַך זענען אין אונדזער דמיון לעבעדיק געוואָרן די חברים, וועמען ס'איז די טעג געראָטן אַרויסצורייַסן זיך פון דאַנען. מיר האָבן שוין אַפילו געקאָנט מאַכן אַ שטיקל בלוט־חשבון: צוויי זענען געפאַלן אונטערוועגנס צום וואַלד, ניט ווייַט פון קאָוונע. מיר האָבן זיך פאַרגעשטעלט, ווי די איבעריקע בעמען־אויף דעם אומגלייַכן קאַמף מיט די לאָקערונגען פונעם שונא און רייַסן זיך פאָרויס, פאָרויס... זיי האָבן דאָך אויסגעלייגט דעם וועג צו די פאַרטיזאַנער פאַר זייערע ליידן־ און קאַמפברידער, וואָס וואַרטן אומגעדולדיק הינטערן שטעכל־דראָט.

...דאָס קנייטל אין מייַן ווינקל צאַנקט. כ'מוז פאַרענדיקן און באַהאַלטן די אָנגעשריבענע זייַטלעך. לאַנג וועט נאָך אויסקומען זיי צו באַהאַלטן? קיעוו איז דאָך שוין באַפרייַט!

## אונדזער שרעקלעכער אָריענטיר

ס'איז, אייגנטלעך, ניט וויכטיק ווי האָט זיך מיר אייַנגעגעבן צו אַנטלויפן דאָס ערשטע מאָל פון געטאָ. נאָר אפשר איז כדאַי עס צו דערציילן בקיצור.

צוויי מאָל בין איך אַוועק פון טויער מיט גאָרניט.

און אָט בין איך דאָ צום דריטן מאָל. ס'אַ קאַלטער אָוונט פון סוף נאָוועמבער, דורכגעוויקט פון אַ שניי־ און רעגן־געמיש. דער וועטער האָט צוגעשפּילט. איטלעך איינער איז פאַרגיורעט אין זיך און ס'גייט אים ווייניק אָן דער צווייטער מענטש.

מיר זענען אַ מחנה מענער בייַם קנאַפּ באַלויכטענעם אַרויסגאַנג פון געטאָ. מען נעמט אונדז אויף אַרבעט צו דער נאַכט־וואַכטע. די קאָנוואָירן שרייַען, זידלען זיך און שלאָגן — „שטעלן אייַן אָרדענונג", אויף זייער לשון. אינעם געדראַנג כאַפּ איך זיך אַדורך דעם טויער, אַ ניט אַרייַנגערעכנטער אין דער בריגאַדע, פון וועלכער איך דאַרף באַלד נעלם ווערן. מייַנע געלע לאַטעס זענען ניט צוגענייט נאָר צוגעשפּיליעט צום מאַנטל מיט זיכער־נאָדלען.

— זייַט אַזוי גוט, נעמט מיר אַראָפּ די לאַטע פון רוקן, — ווענד איך זיך אין דער שטיל צום מאַנצביל, וואָס געפינט זיך אין דער קאָלאָנע הינטער מיר. האָט ער דערהערט? איז ער גרייט צו שטעלן זיך אין אַ געוויסער סכנה?

איך נעם שפּרײַזן פּאַמעלעכער, דערנענטער זיך צו אים. כ׳דערפיל פינגער אויף מײַן רוקן. זיי באַפרײַען מיך פון אַ לאַסט. כ׳שטרעק אויס אַ האַנט אויף הינטן. מען לייגט מיר אַרײַן אין איר דעם געלן מגן־דוד. פון דער ברוסט נעם איך אַליין אַראָפּ די לאַטע און באַהאַלט שוין ביידע אין קעשענע. טאָמער...

דער מאַנצביל וואָס האָט מיר געטאָן די טובה, די שכנים אין דער ריי פאַרשטייען אַוודאי מײַנע כּוונות און זענען מיר געוויס מקנא: אָט, אַ גליק־לעכער, ער שפּרינגט באַלד אַרויס אויף דער פרײַ, ראַטעוועט זיך...

בײַ מיר איז דער ענין אַן אַנדערער. איך מוז איצט כאַטשבע צײַטווײַליק פאַרשווינדן פון געטאָ, ביז די סכּנה וואָס האָט זיך אָנגערוקט דירעקט אויף אונדזער משפּחה, וועט אַ ביסל פאַרבײַ. נאָר בכלל איז די געטאָ אַ זיך טרינקענדיקע שיף, און יעדערער ווער עס קאָן, דאַרף אַנטלויפן. פאַרשטייט זיך, אַז ס׳איז געפערלעך. ניט אַלע זענען גרייט צו ריזיקירן. ניט אַלע האָבן אַ וועלכע ניט איז אַחיזה אויף דער „פרײַ". ניט אַלע ווייסן פון אַ טיר, וואָס זאָל פאַר זיי זיך דאָרטן עפענען. בין איך עס דער גליקלעכער? גייט דאָך אַרום בײַ אונדז אַ גלײַכוווערטל: „זײַן אין געטאָ איז אַ שפּיל מיטן טויט, אויסער דער געטאָ — אַ שפּיל מיט דער געסטאַפּאָ". וואָסערע פון זיי איז געפערלעכער? מעגלעך אַז איך פאַרקירץ אַליין מײַן וועג צו דער גרוב. און אַנדערע מיינען — אַ גליקלעכער...

כ׳שאַר זיך אַרויס פון דער ריי און וואַרט אויפן שאָס, וואָס דאַרף אַ קנאַל טאָן הינטער מיר. וועל איך אים בלויז הערן?.. דאָס געסל איז שמאָל און טונקל. די קאָנוואָיִרן זענען נאָך אַלץ פאַרטאָן מיטן „אײַנשטעלן אָרדענונג"...

עס געלינגט מיר! איך כאַפּ זיך אַרײַן אין אַן אָפענעם טויער. דאָרטן דאַרף איך איבערוואַרטן, די בריגאַדע זאָל זיך דערווײַטערן. כ׳דאַרף אויך אויסטאָן מײַן היטל און אָנטאָן דעם קאַפּעליוש, וועלכן איך טראָג אונטער דער פּאָלע.

אינסטינקטיוו טו איך אַ פראַל אָפּ אויף צוריק: אַ קאָנוואָיִר פון אַ ברי־גאַדע, ווו כ׳האָב אַ לענגערע צײַט געאַרבעט, טוט דאָרטן אַ הצטרכות. כ׳האָב אים, צום גליק, דערזען און איך בין ווידער אויף דער גאַס, קוק אויס אַ צווייטן אָפענעם טויער. כ׳מוז אומבאַדינגט אָנטאָן דעם קאַפּעליוש. דאָס איז אַ שטיקל מאַסקירונג: ייִדן איז פאַרבאָטן צו טראָגן קאַפּעליושן...

ענדלעך! למאַי זאָל איך לייקענען — ס׳האָבן מיר גוט אונטערגעציטערט די קני, דערפילנדיק די גלאַטע האַרטקייט פון שטאָטישע טראָטואַר־פּליטן. שוין געווען אָפּגעווינט... איך שטויס מיך אָן אין אַן עסעסניק. טרעט ניט אָפּ

אין אַ זײַט, נעם ניט אַראָפּ דעם קאַפּעלױש, װעלכן כ׳האָב שױן מיט מזל אָנגעטאָן, נעם ניט אַרױס די הענט פון די קעשענעס. דאָס אַלץ בין איך מער ניט מחויב צו טאָן. כ׳גילט דאָך איצט ניט פאַר קײן ייִד... ס׳איז טונקל. דער ראַנד פונעם קאַפּעליוש איז טיף פאַרבויגן איבער מײַן פּנים. היטן דאַרף איך זיך פאַר אַמאַליקע באַקאַנטע...

אויפן אָפּגערעדטן אָרט וואַרט שוין אומגעדולדיק מײַן טרײַע און דרייסטע לעבנס־באַגלייטערין, װעלכע האָט שוין אַ היפּשן סטאַזש אין „אַרומשװימען" איבער דער שטאָט אָן לאַטעס. זי איז בלאָנד, האָט העלע גרויע אויגן, אַ פאַררײסן נעזל און קאָן אָנגיין פאַר אַ ליטווינערין אָדער אַפילו פאַר אַ „ריינבלוטיקער" דײַטשקע. האַבנדיק אויף איר צד דעם „אַרישן" אויסזען, ריזיקירט זי די גאַנצע צײַט, גייט אַרום איבער דער שטאָט, זוכט הילפסגרייטע מענטשן. איצט וואַרט זי אויפן „ראַנדעוווּ" מיט מיר.

איך גיי זי האַסטיק פאַרבײַ, געבנדיק אַ צײַכן ניט צוצוגיין צו מיר: אפשר שפּירט מען מיר נאָך. צו לאַנג האָט זיך געהאַט פאַרצויגן די פּראָצעדור פון מאַכן פליטה. מײַן פרוי טוט מיך אָבער אַ נעם אונטערן אָרעם. צוגע־טוליעטע „שפּאַצירן" מיר איצט, ביידע שטאָטיש אָנגעטאָן, זי — אין אַ שיין פילצן היטעלע מיט אַ בונטן שאַל אַרום האַלדז. ווער וועט חושד זײַן, אַז דאָס זענען אַנטלאָפענע פון געטאָ? און ווער וועט צווייפלען, אַז ס׳איז ניט קיין פאַרליבט פּאָרל, וואָס שיצט זיך אונטערן שירעם סײַ פונעם נאַסן שניי, סײַ פון אַ זײַטיקן בליק?

מיר גייען אַזוי אָפּ אַ רעכטן מהלך. די הײַזער ווערן שיטערער, די פאַרבײַגייער — זעלטענער. די אינעווייניקסטע שפּאַנונג לאָזט אָפּ. מיר פילן בחוש, אַז קיינער פאַרפאָלגט ניט און מיר קאָנען זיך פאַרנעמען צום ציל. בלויז איין מאָל איז מײַן פרוי דאַרטן געוועז. אינעם דורכוויסיקן חושך דאַרף זי איצט געפינען דאָס כוטערל פונעם פויער, וואָס האָט צוגעזאָגט מיר געבן אויף אַ שטיקל צײַט אַ מקום־מיקלט.

אויפגעהויבן זיך מיטן שאָסיי באַרג־אַרויף, בלײַבט אונדז צו גיין אַ קילאָמעטער זעקס אין דער ריכטונג פונעם פײַער־אָפּשײַן אויפן האָריזאָנט...

קלאַנגען, אַז מען ליקווידירט די מאַסן־קבֿרים און מען פאַרברענט די הרוגים אין נײַנטן פאָרט, זענען שוין געווען דערגאַנגען צו אונדז. אַ שטאַר־קער ווינט פלעגט אָנטראָגן אין געטאָ דעם ריח פון געברענטע פלייש און ביינער. איצט זעען מיר דעם מוראדיקן פלאַם.

געווען אין געטאָ אַזעלכע, וואָס האָבן נאָך אַלץ געצווייפלט, צי דאָס אַלץ — סײַ די שחיטות אין פאָרט, סײַ דאָס פאַרברענען די טויטע — קאָן

געמאָלט זײַן. איצט זעען מיר מיט די אייגענע אויגן... אַ סוף צו די אילוזיעס וועגן גורל פון די אַרויסגעפירטע אין די אַקציעס. דער פלאַם פון זייערע ברענענדיקע גופים איז אונדזער אָריענטיר. דאָס געזוכטע כוטערל געפינט זיך דערנעבן. בראָדזשען מיר אַהין איבער בלאָטעס, גייען דורך ווינט און חושך אַקעגן דעם אַלץ גרעסער ווערנדיקן פײַער און שטאַרקער ווערנדיקן גערוך פון סמאַלינעס.

— פאַרגעס עס ניט! — רײַסט מײַן פרוי איבער דאָס פאַרקלעמטע שווײַגן. — פאַרגעדענק אויפן גאַנצן לעבן!

„אויפן גאַנצן לעבן"... עס קלינגט ווי אַן איראָניע. אונדזער לעבן! גיט מיר פאַר אים אַ שמעק טאַביקע אין אַנבליק פון אַט יענעם בראַנד. עס פאַרגייט גאָר דער חשק צו לעבן, בעת דעם וועלט־חושך העלט אויף יענער שײַטער. דעם מוט האַלט אַ ביסל אויף די האָפענונג, אַז מירן בײַם פויער ניט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, ס'וועט אונדז דאָ געלינגען צו שאַפן אַ שטיקל אַדרעס פאַר געטאָ־קעמפער און אַנטינאַצי־טוער, וואָס העלפן דער ווידער־שטאַנד־באַוועגונג אין געטאָ. איך וועל דאַרטן אויך קענען שרײַבן.

מיר גייען אַנטקעגן אונדזער שרעקלעכן אָריענטיר. זײַנע פײַערצונגען רײַסן די וועלט פאַר אירע שוואַרצע קודלעס, זי זאָל ניט שלאָפן, ניט רוען. דער פלאַקער קרעכצט דערוויַלע, יאָמערט...

אַדורכגעקעלטערטע, אויסגעווייקטע, פאַרבלאָטיקטע, טרעטן מיר אַרײַ־בער דעם שוועל פון די, וואָס זענען גרייט אונדז צו העלפן. אַ מיטליאָריק פויערש פּאָרפּאָלק, מיט פּנימער צעאַקערטע אין קנייטשן, ווי די ערד וואָס זיי באַאַרבעטן, באַגעגנט אונדז פרײַנדלעך.

דער פויער גייט אַרויס אויף אַ רגע — אָפּצולאָזן דעם הונט פון דער קייט. די פויערטע איז אונדז מכבד מיט פריש שוואַרצברויט, וואָס שמעקט מיטן ריח פון לעבן, און פּעטע טעם־גן־עדנדיקע זויערמילך. אויפן פּריפּעטשיק זידט אַ טאָפּ קאַרטאָפל.

מיר זיצן בײַם טיש און שווײַגן. אַ העל־פּנימדיק בחורל און אַ קליין פלאַקסהאָריק מיידעלע — די קינדער פון די בעלי־בתּים — קאָסיען אויף אונדז נײַגעריק פון דער זײַט. אויך זיי וועט מען זיך דאַרפן פאַרטרויען. אויך זיי וועלן מוזן אַרײַנגעצויגן ווערן אינעם שווערן און שטרענגן סוד פון די דערוואַקסענע. איך פיל, אַז מיר זענען נושא־חן בײַ די פויערים. נעמט נאָך ווייטיקדיקער נאָגן די פראַגע: שאַצן די מענטשן אָפּ די סכּנה, וועלכע מיר האָבן אַרויפגעבראַכט אויף זייער, ווי ס'האָט אויסגעזען, רויִקער נעסט? און צו זיך קומט כּמעט אַ פאָרוואָרף: האָבן מיר רעכט עס צו טאָן?

— איך וועל נאָך הײַנט אומקערן זיך אין שטאָט, — זאָגט פלוצעם מײַן פרוי, ווי וועלנדיק דורך איר אָוועקגיין פאַרמינערן די טויט־סכּנה, וואָס באַדראָט איצט די פרײַנדלעכע מענטשן.

— ווו וועט איר גיין? ס'אַ זינד אַ הונט אַרויסצוטרײַבן אין אַזאַ וועטער, — מאַכט דער פויער.

— איך מוז אָבער... טאָר דאָ ניט בלײַבן...

די פויערטע טוט פלוצעם זיך אַ שאַר צו צום פענצטער, ציט אַ ביסל אָפּ דעם לײַנענעם פאָרהאַנג.

— קוקט, — זאָגט זי און נעמט זיך צלמען. — איך האָב געשווירן...

דער אָפּשײַן פונעם מוראדיקן שײַטער־פײַער רײַסט זיך אַרײַן אין שטוב, דער אָפּשײַן פון אונדזערע ברענענדיקע לײַבלעך־אייגענע. זייער פלאַם צינדט אָן הערצער, מאַכט מענטשן פאַר קעמפער. אין זכות פון די פלאַקערנדיקע קרבנות זענען מיר ביז איצט געבליבן לעבן. אין זייער זכות זענען מענטשן גרייט זיך מקריב צו זײַן פון אונדזערט וועגן. האָבן מיר עס פאַרדינט?

...ניט לאַנג האָב איך באַשוועט מײַנע ווילע גאַסטגעבער. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שוין פריִער האָבן דאָ געפונען אַן אויסבאַהאַלט עטלעכע געלאָפענע פון געטאָ (בעת אונדזער אָנקום זענען זיי פאַרטײַעטע געזעסן אינעם שכנותדיקן צימערל). נאָך מיר זענען צוגעקומען נאָך עטלעכע ייִדן. אויך אַ געלאָפענעם פון לאַגער קריגס־געפאַנגענעם האָבן געגעבן אַן אָפּדאַך די דאָזיקע הילפסגרייטע מענטשן. קיינעם פון די גערודפטע וואָס האָט געבעטן הילף, האָבן זיי ניט געקאָנט אָפּזאָגן. זיי זענען אָבער געווען ניט גענוג אָפּגעהיט, האָבן איבערגעשאַצט די אייגענע מעגלעכקייטן און ניט דערשאַצט די סכּנות.

כ'האָב ניט געהאַט קיין רעכט זיי אָפּצורעדן פון טאָן דאָס, וואָס זיי האָט אונטערגעזאָגט דאָס געוויסן. כ'האָב זיי אָבער געוואָרנט צו זײַן פאָרזיכטיק, ניט פאַרלאָזן זיך בלויז אויף גאָט, ווײַל אויך ער היט דעם וואָס היט זיך אַליין.

וועגן אויפשטעלן דאָ אַ קאָנספּיראַטיוון פּונקט האָט קיין רייד ניט געקאָנט זײַן. ס'האָבן פלוצעם זיך אָנגערוקט אויך אַנדערע מאָמענטן. כ'האָב פאַרלאָזט די דאָזיקע שטוב מיט אַ שווער האַרץ און צו גלײַך מיט אַ טיפן דאַנק צו די, בײַ וועמען אונדזער טראַגעדיע האָט אָנגעצונדן דאָס אמתע מענטשלעכקייט־פײַערל. ווידער איז אויסגעקומען אָנצוטאָן די געלע לאַטעס, וועלכע איך האָב געהאַלטן אין קעשענע על כּל צרה שלא תּבוא — פאַר יעדן

בייזן פאַל — און אַרײַנבאַקומען זיך צוריק הינטערן שטעכלדראָט פון געטאָ.

ליידער האָבן זיך באַרעכטיקט מײַנע חששות. אין עטלעכע חדשים אַרום איז געשען דער אומגליק. צוזאַמען מיט די אויסבאַהאַלטענע האָט באַצאָלט מיטן לעבן אויך דער פויער יאַנאָס יוריאַוויטשיוס פונעם דאָרף זשעמײַט־קעמיס, הינטער קאָוונע, וואָס איז געלעגן האַרט בײַ יענעם שרעקלעכן אָריענטיר.

## צי זענען מיר אַלע צדיקים?

אַ טיפּיש־ליטווישער ווינטער־אָוונט — איין שטיק מרה־שחורה — עסעריק־פּײַכט, זויערלעך־קאַלט, אַן שניי, אָן שטערן, אָן לבנה־שײַן. אַ ווינט, אַ מטורף, לויפט אָן צו מאָל און נעמט בייז אַדורך די מענטשן, אַזש ס׳פאַר־כאַפּט דער אָטעם. געוויס וואָלט מען געדאַרפט זיצן „אַהיים" און אָפּרוען זיך נאָכן טאָג צוואַנגאַרבעט. צו מאָרגנס באַגינען, נאָך שטאָק פינצטער וועט מען דאָך ווידער מוזן זיך פּעדערן, אויפשטיין... מיר זענען אָבער אין דרויסן, באַהאַלטן זיך הינטער אַ שטיבל אין דער נאָענט פונעם געטאָ־טויער. שוין עטלעכע מאָל ווי איך שלײַך זיך אַרויס פונעם אויסבאַהאַלט און קום אויף אויסשפּיר צום פּלאַץ וואָס פאַרן טויער. אַ פּאָר פראַזשעקטאָרן באַלײַכטן אים דאָ העל. אויף דער געטאָזײַט דרייט זיך אַרום די ייִדישע טויערוואַך, פאַרשטייט זיך, אַז אָן כּלי־זיין, בלויז אין דעם אוניפאָרם־היטל און מיטן ווײַסן אַרעמבאַנד אויפן לינקן אַרבל. פון דרויסן האָקן בײַם טויער צוויי דײַטשישע וואַכפּאָסטנס מיט קאַראַבינער אויף די פּלייצעס. מען וואַרט אויף אָנקומענדיקע בריגאַדעס פון דער אַרבעט אין שטאָט. פון צײַט צו צײַט גייען אַרויס פון געטאָ קלענערע גרופּעס ייִדן. דײַטשן קומען זיי נעמען צו דער „נאַכטשיכט" אין זייערע „איינהייטן" אָדער אונטערנעמונגען, פירן זיי אַוועק צו פוס אָדער אין לאַסטאויטאָס.

מיר וואַרטן אויך אויף אַ מאַשין...

זי פאַרזאַמט זיך און מיר קומט אויס שוין צום ווייפלטן מאָל קומען מיט ליידיקן צו די עטלעכע חברה, וואָס שטייען צוגעדריקט צו דער וואַנט פונעם שטיבל. לסוף דערוואַרטן מיר זיך. צום טויער פאַרט צו אַ געדעקטער לאַסטאויטאָ. פון דער קאַבינע שפּרינגט אַרויס אַן אוניפאָרמירטער „דײַטש", גייט האַפּערדיק צו צו דער דײַטשישער טויערוואַך, דערלאַנגט אַ „דאָקומענט". דער „דײַטש" איז מײַן ברודער חיים. דאָס פּאַפּירל איז, פאַרשטייט זיך, אַ געמלאכהטס. אַ פאַרטרויטער מענטש פון דער ייִדישער טויערוואַך איז

באַלד לעבן די דײַטשן. כּדי זיי זאָלן לאַנג ניט בודק זײַן דאָס פּאַפּירל, נעמט ער זיי פֿאַררעדן די ציין און שרײַט אויס אין דײַטש:

אַוסענקאָלאָנע, אַנטרעטן!

דער פּירוש איז: עס זאָלן אַהערקומען די מענטשן פֿון דער בריגאַדע, וואָס דאַרף פֿאָרן אויף אַרבעט אויסער דער שטאָט...

איך גיב צו וויסן מײַנע יאַטן, אַז מען מעג שוין... פֿון עטלעכע אַזעלכע פֿאַרשטעק־ערטער קומען אַרויס בחורים, מיידלעך. אַלע — אין שטיוול, אין קורטקעס, אין פֿעלצהיטלען. בײַם דורכגיין דעם טויער ווערן זיי געציילט. (די דײַטשן פֿאַרלאָזן זיך אויף דעם פּיפּיקן ייִדישן „ציילער".) עטלעכע פֿון די אַרויסגייענדיקע טראָגן פּעק — „בעטגעוואַנט פֿאַר דער בריגאַדע". און אינעם בעטגעוואַנט איז אײַנגעפּאַקט וואָפֿן, אַמוניציע, וויפֿל ס'איז געראָטן אײַנצושאַפֿן פֿאַר אָט דער קעמפֿער־גרופּע, וואָס פֿאַרנעמט זיך צו די פּאַר־טיזאַנער אין די וועלדער פֿון אַרום ווילנע, אַ 150 קילאָמעטער פֿון דאַנען. די „בריגאַדע" איז באַלד אין דער אויטאָבויד. אויפֿן באָרט פֿון דער אָפֿענער הינטערשטער זײַט זיצן צוויי „דײַטשישע קאָנוואָירן" — איבערגעטאָנענע געטאָ־קעמפֿער... די „אָפּעראַציע" געדויערט אַ פֿינטל מיטן אויג, און די אָנגעפּילטע מאַשין רײַסט זיך אָפּ פֿון אָרט, פֿאַרשווינדט אין דער פֿינצטערניש.

פֿונעם פּלאַץ בײַם געטאָ־טויער צעגייען זיך הײַפֿלעך ייִדן. ווו קאָנספּי־ראַציע, ווען קאָנספּיראַציע! יעדער איינער וואָס איז הײַנט אַרויס אין וואַלד, האָט „בסוד" געהאַט עס פֿאַרטרויט זײַנע נאָענטע. איז מען געקומען אַרויס־באַגלייטן...

מיר צעגייען זיך איטלעכער אין זײַן ווינקל. דאָס האַרץ צאַפּלט זיך פֿאַר פֿרייד: ס'האָט ווידער אָפּגעגליקט! ס'ווערט וואַרעם אויף דער נשמה. רבונו־של־עולם, איז דאָס אַלץ טאַקע וואָר? מען באַגלייט אַרויס צו די פּאַרטיזאַנער קעמפֿער פֿון געטאָ, ווי צו אַן עקסקורסיע! שוין עטלעכע מאָל אַזוי. און דער ספּעקטאַקל מיטן אָפּפֿאָר! ביז איצט איז אַלץ געגאַנגען כּשורה. ס'הייסט, קיינער האָט ניט אָפּגעמסרט. איך נעם שטאָלצירן מיט אונדזער געטאָ. ניטאָ קיין מוסרים! ניטאָ קיין פּראָוואָקאַטאָרן! זענען מיר טאַקע אַלע צדיקים?

עס טויכט באַלד אויף אין מײַנע מחשבות אַן עפּיזאָד פֿון מיט עטלעכע טעג צוריק. ס'האָט מיך אָפּ אין געטאָ איינער אַ ייִד, בײַדער, (ער איז געהילף־בריגאַדיר פֿון דער ייִדישער בעל־מלאכה־בריגאַדע, וואָס ווערט גענומען צו פֿאַרשיידענע אַרבעטן אין דער היגער געסטאַפּאָ) און מאַכט צו מיר אַזוי:

— כ'וויל איר זאָלט עס וויסן. אַ געסטאַפּאָ־פֿונקציאָנער האָט מיר די טעג אָט וואָס אָנגעבאָטן: אויב כ'וועל זיי אָנווײַזן די „באַנדיטן" אין געטאָ, אויף

זייער לשון — די פּאַרטיזאַנער, וועל איך מיט מײַן משפּחה אַרויסגעלאָזט ווערן לעבן אויף דער פרײַ אין שטאָט. דער געסטאַפּיסט האָט נאָך דערגעבן, אַז איצט פאַרשטיי איך שוין גוט, וואָס פרײַהייט באַטײַט. האָב איך דעם דײַטש אָן קווענקלעניש אָפּגעענטפערט, אַז ניטאָ אין געטאָ קיין „באַנדיטן"...

וועגן דעם ערנסטן חשד בײַ דער געסטאַפּאָ, אַז אין געטאָ איז פאַראַן אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג, האָבן מיר געוווּסט. אַ חבר פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשיקט געוואָרן אַרבעטן אין דער דערמאָנטער יידישער „געסטאַפּאָ־בריגאַדע", האָט געפונען דאָרטן אין אַ פּאַפּירקאָרב אַן איבערגעפּירטע קאָפּיע פון זייערן אַ „טעטיקייט־באַריכט" פאַר בערלין, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט, אַז זיי ווייסן פון אַ געהיימער „באַנדיטן־גרופּע" אין געטאָ און זיי זענען שוין אויף איר שפּור... פון דעמאָלט איז אַוועק מער ווי אַ האַלב יאָר און זיי זענען נאָך אַלץ אויף דעם שפּור...

בײַדער האָט טאַקע קיין זאַך ניט אַרויסגעגעבן, הגם ער האָט געקענט האָבן אַ סך געוווּסט. ווייסן מיר אָבער פון אַ צווייטן ייִדן, כּספּי־סערעבראָוויטש, וואָס איז באַלד מיטן אַרײַנמאַרש פון די דײַטשן יאָ אַוועק דינען דער געסטאַפּיסטישער סיטרא־אחרא, און דערפאַר טאַקע געבליבן לעבן מיט דער משפּחה אין שטאָט. ער און זײַנע אייגענע זענען אַרומגעגאַנגען פראַנק און פרײַ אָן די געלע לאַטעס, באַזוכט קינאָ, אײַנגעאָרדנט בײַ זיך אין שטוב הוליאַנקעס פאַר געסטאַפּאָ־מיטאַרבעטער...

כּספּי... אַראָפּגעקומען קיין קאָוונע איז ער אין די צוואַנציקער יאָרן פון זײַן היימשטעטל ראַקישאָק נאָך דעם, ווי ער האָט דאָרטן אָנגעמאַכט צרות־צרורות אַ סך ייִדן. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען לינקס־ראַדיקאַל געשטימט. באַלד געוואָרן אַ ציוניסט און מיט סקאַנדאַלן דורכגעגאַנגען כּמעט אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען ביז צום עקסטרעמען סיקריקון־פליגל פון די רעוויזיאָניסטן. צו דער זעלבער צײַט איז ער געווען אפשר דער איינציקער אין ליטע ייִד, אַ מיטגליד פון דעם האַלב־מיליטערישן, פאַשיסטישן „שיסער־פאַרבאַנד" (שאַוליר־סאַיונגאַ). דאָס האָט אים פאַרשאַפט אַ צוגאַנג צו ליטווישע מלוכה־אַנשטאַלטן און צו דער געהיים־פּאָליציי. ווי אַ צײַטונג־רעפּאָרטער האָט ער געשעפּט פון דאָרטן אינפאָרמאַציע און מיט עפּעס זיי אָפּגעדינט... די סאָוועטן האָבן אים אין 1940 געהאַט אַרעסטירט, נאָר ניט באַוויזן אָפּצומישפּטן און פאַרשיקן. די דײַטשן האָבן אים באַלד באַפרייט פון תּפיסה און ער איז אַוועק זיי דינען. פאָרמעל איז זײַן אויפגאַבע באַשטאַנען אין אויפדעקן דאָס פאַרמעגן, וואָס ייִדן האָבן איבערגעלאָזט בײַ ליטווינער. אָבער...

כּספּי פלעגט אָפט קומען אין געטאָ „דינסטלעך”. בעת ער פלעגט אַדורך דעם געטאָ־טויער — אָן אָפּגעפּרעסענער, אין אַ נײַעם שוואַרצן לעדער־מאַנטל, אין גלאַנציקע שטיוול, מיט אַ רײַטשטעקל אָדער אַ דיקן שפּאַציר־שטאָק אין האַנט, פלעגן ייִדן זיך נעמען באַהאַלטן, בעיקר די וואָס האָבן אים געקענט אָדער גאָר מיט אים געהאַט אַ וועלכן ניט איז פּאָליטישן סיכסוך צי פּערזענלעכע חשבונות. אין די „גוטע צײַטן” פלעגט מען כּספּין אויסווײַכן, מורא געהאַט פאַר אים. איז ווי נאָך — הײַנט. אויך די ייִדישע געטאָ־אַדמי־ניסטראַציע איז ניט געווען באַגײַסטערט פון זײַנע וויזיטן. ער פלעגט זיך מישן אין איר טעטיקייט, פלעגט קומען בעלי־בית׳עווען, אָפּגעבן באַפעלן, דיקטירן, פאָדערן „מתּנות” פאַר „זײַנע” געסטאַפּאָ־דײַטשן... ער פלעגט זיך אײַנשטעלן פאַר זײַנע פרײַנד און אנשי־שלומנו אין געטאָ, פאַרלאַנגט פאַר זיי גוטע דירות, גרעסערע שפּײַזנאָרמעס, לײַכטע אַרבעטספּלעצער אָדער בכלל באַפרײַען פון דער אַרבעט. פון נאַטור אַן עקזאַלטירטער פּראַ־אדם, האָט ער זײַן „מאַכט” דעמאָנסטרירט אויף די משונהדיקסטע אופנים. צו מאָל פלעגט ער פאָדערן, אַז צו זײַן קומען זאָל די ייִדישע געטאָ־פּאָליציי זיך אויסשטעלן שפּאַליר. דעמאָלט פלעגט ער פאַר איר האַלטן אַ צעטומלטע און פּאַטעטישע דרשה וועגן די „הייליקע” פליכטן, אויפגאַבעס און צילן פון די געטאָ־ייִדן... נאָכן פאַרענדיקן האָבן די פּאָליציסטן געדאַרפט דרײַ מאָל אויסרופן „הידד!” אָדער ”וואַליאַ!” — אין ליטוויש... דעם מטורף כּספּי איז געגאַנגען אין לעבן צו דערווײַזן „זײַנע” דײַטשן, אַז אין אים האָבן זיי אַן אמתן פאַרבינדעטן קעגן די ענגלענדער, אַ מענטשן פון אַ פּאָליטישער אָריענ־טאַציע וואָס סימפּאַטיזירט היטלערן, די אַקס־מלוכות און קוקט אויס זייער נצחון.

זײַנער אַ נאָענטער מענטש האָט אים געפרעגט, ווי אַזוי קאָן ער האָבן צו טאָן מיט די קוילערס פון אונדזער פאָלק? האָט ער געענטפערט, אַז מיט די דײַטשן פאַרבינדט אים די אידעאָלאָגיע פונעם קאַמף קעגן קאָמוניזם. אין זײַן מיטאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ האָט ער אײַנגעזען אַ „נאַציאָנאַלע שליחות” — צו ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך. דערבײַ האָט ער געגעבן אַ משל: אַ גענעראַל האָט רעכט צו שיקן אַ פּאָלק אויף אומקום, כּדי צו ראַטעווען די דיוויזיע...

ס׳האָט כּספּין געהאַט אָפּגעהאַלטן אין געטאָ זײַנער אַ באַקאַנטער פון אַמאָל און געבעטן ראַטעווען אַ קרוב, וואָס איז אַרײַנגעפאַלן אין געסטאַפּאָ.

— איר זענט דאָך אַ ייִד! — האָט ער אַפּעלירט צום געוויסן פונעם ייִדישן געסטאַפּאָ־אַגענט.

— איך בין ניט קיין ייִד! — האָט כּספּי שאַרף דערווידערט און אַוועק זײַן וועג, אויפגערעגט וואָרטשענדיק: — אַפילו ניט קיין האַלבער ייִד, אַפילו ניט קיין פּערטל...

ער האָט, קענטיק געמיינט, אַז עס גילטן ניט פאַר אים ניט די נאַצישע „ראַסן־לערע", ניט די „ראַסן־געזעצן" פונעם „דריטן רײַך".

אַנדערש האָבן אָבער געטראַכט זײַנע בעלי־בתּים.

דער סוף כּספּיס איז געווען ווי דער סוף פון אַלע אַזעלכע דעגענעראַטיווע רענעגאַטן און מוסרים. אין אַ יאָר אַרום נאָך איר געוועלטיקן אין ליטע האָט די געסטאַפּאָ אים כּלומרשט אַריבערגעפירט אויף „אַרבעט" אין ווילנער געטאָ, אָבער אונטערוועגנס געשאָסן צוזאַמען מיט פרוי און צוויי טעכטער אין דעם אומקומאָרט פון די ווילנער ייִדן — אין פּאָנאַר.

כּספּיס גורל איז געווען אַ וואָרענונג. געוויס איז אויך געווען אַ וואָרענונג דאָס פאַרשווינדן פון עטלעכע ייִדן, וואָס זענען אומלעגאַל געווען אַרויס פון געטאָ, זענען דורכגעפאַלן, און די געסטאַפּאָ האָט זיי געהאַט געצוווּנגען איר צו דינען...

פאַראַן אין געטאָ אויך כּספּיס אַ שטיקל יורש — ליפּצער. אמת, ער טראָגט די געלע לאַטעס מיט אַלעמען צו גלײַך, איז פאַרשפּאַרט הינטערן שטעכלדראָט, און אויב אין שטאָט — גייט ער אין רינשטאָק. ער איז דער אָנפירער פון דער אויבן דערמאָנטער ייִדישער „געסטאַפּאָ־בריגאַדע". זײַן „מיט־אַרבעט" מיט געסטאַפּאָ באַשרענקט זיך, אויף וויפל מיר ווייסן, אויף ענינים פון אינערלעכן געטאָ־לעבן. דעם צוגאַנג צו די דײַטשן האָט ער אין געוויסע פאַלן אויסגענוצט אויף אַרויסצושלעפן אַרײַנגעפאַלענע ייִדן אין די לאַפּעס פון דער פּאָליצײַ און געסטאַפּאָ. אַוודאי איז אויך ליפּצער אַן איין אײנציקער אויסנעם. קאָנען מיר זיך טאַקע ניט באַקלאָגן אויפן מאָראַל פון די ייִדן אין קאָוונער געטאָ, וואָס שייך דינען אונדזערע שונאים. ניטאָ קיין מוסרים! און דאָס פילט אונדז אָפּט אָן מיט שטאָלץ, וואַרעמט און פעסטעט דעם גלויבן, אַז ניט אַלץ איז פאַרלוירן...

און ווידער און אָבער קומט אויף די קשיא: צי זענען מיר טאַקע אַלע צדיקים?

## געבליבן מיטן אייגענעם גורל

— הערט אויס, איך וועל אײַך עפּעס דערציילן, — מאַכט צו מיר אַ קליין זשוואָו ייִדל, מיט וועלכן איך האָב געהאַט געאַרבעט אין איין בריגאַדע.

איצט זענען מיר צופעליק ביידע געשטאַנען אין דער ריי בײַ אַ פּאַרטיילונגס־פּונקט אין געטאָ צו באַקומען די שפּײַזנאָרמע. לאַנג איז אונדז אויסגעקומען צו שטיין, האָט דאָס ייִדל מיט הנאה זיך פונאַנדערגערעדט: — וואָס וואָלט איר געטראַכט, ווען אַנשטאָט אַוועקצופירן אײַך אויף אײַער שטענדיקן אָר־בעטפּלאַץ — פאַרפעסטיקן דעם אַנשיט בײַם ברעג טײַך, פירט מען אײַך גאָר אַוועק אויף דער אײַזנבאַן צו פאַרפלעכטן מיט שטעכלדראָט די פענצ־טערלעך פון פּראַכטוואַגאָנען. און נאָך דער אַרבעט, אַנשטאָט אײַך צו ברענ־גען אין געטאָ, ווערט איר אַוועקגעפירט אויף גרוזאָוויקעס ניט אַנדערש ווי אויפן נײַנטן פאָרט. מען פאַרשפּאַרט אײַך דאָרטן אין אַן אונטערערדישער תּפיסה הינטער אײַזערנע שטאַכעטן... וואָס וואָלט איר געטראַכט, האַ? אַוודאי וואָלט איר געטראַכט, אַז געגרייט האָט איר וואַגאָנען אַרויסצופירן דעם רעשט ייִדן פון געטאָ, אַרויסצופירן אויף אומקום, ווי מען האָט עס געטאָן אין ווילנע. געטראַכט וואָלט איך אויך, אַז אײַך גופא קלײַבט מען זיך אָפּצושיסן. קיינער גייט דאָך קיין לעבעדיקער ניט אַרויס פונעם פאָרט...

— טאָ הערט ווײַטער. שטייען מיר אַזוי בײַ די שטאַכעטן, וועלכע טיילן אונדז אָפּ פונעם קוים באַלויכטענעם קאָרידאָר, וואַרטן, מען זאָל אונדז קומען אַרויספירן צו די גריבער. עס דערהערן זיך טריט, ס׳טראַמפּלען הילצערנע זוילן אויף בעטאָן. אין קאָרידאָר לאָזט זיך אַרײַן אַ מחנה שרעקלעך אָפּגע־ריסענע, שרעקלעך פאַרחושכטע ייִדן. אַלע שטעלן זיך אויס אין אַ ריי, גייען צו צו איינעם וואָס נעמט זיי אַראָפּ קייטן פון די פיס, און דאַן צעקריכן זיך אַלע איבער די קאַמערעס. אויך אונדז גייען פאַרבײַ עטלעכע פון יענע מאַנסלײַט. כ׳דערזע אַ ווײַטן באַקאַנטן. פאַר דער מלחמה האָבן מיר געלעבט אויף איין גאַס. פאַרהאַלט ער זיך, דער באַקאַנטער, לעבן מיר בײַ די שטאַ־כעטן און פרעגט דערשטוינט:

— און וואָס טוט איר דאָ?

— מען האָט אונדז געבראַכט... מיר האָבן פאַרקראַטעוועט פענצטערלעך פון פּראַכטוואַגאָנען. מסתּמא ליקווידירט מען די געטאָ. און איר, וואָס טוט איר דאָ?

— מיר... מיר ברענען טויטע... די דערשאָסענע דאָ... ס׳איז קלאָר, מען ליקווידירט אונדזער געטאָ. ווי אומעטום. נאָר די וואָס ברענען די מתים, וועט מען נאָך אַ שטיקל צײַט לאָזן לעבן. נאָך פאַראַן אַ סך אַרבעט. האָבן זיי אונדז בייטיק... אפשר בײַטן מיר זיך? אײַער קאַמערע איז ניט פאַרשלאָסן. די דײַטשן קאָנטראָלירן נאָר די אַלגעמיינע צאָל מענטשן. קיין נעמען האָבן מיר דאָ ניט, אויך ניט קיין נומערן. אפשר בײַטן מיר זיך? דאָ איז מען זיכער

מיט עטלעכע חדשים לעבן. און עסן גיט מען צו זאַט. די דײַטשן זאָגן, אַז אַרבעט האָבן זיי פּאַר אונדז איבערגעגעבן אויך אַנדערשווו... בײַטן מיר זיך? איך קאָן זיך שוין דעם טויט ניט דערוואַרטן... נאָר שנעל, שנעל מאַכן מיר עס. לאַנג טאָר איך זיך דאָ ניט פאַרהאַלטן...

ווער איך צעטומלט: אפשר טאַקע בײַטן זיך? אָפּגעבן דעם אייגענעם און נעמען יענעמס גורל. דער באַקאַנטער איז גרייט, וואַרט אויף מײַן הסכּמה.

— זאָל שוין זײַן, ווי יעדערן איז באַשערט, — באַשליס איך.

ביידע שווײַגן מיר אַ ווײַלע.

— זאָל זײַן אַזוי, — וואַקלט דער באַקאַנטער אַוועק צו זײַן קאַמערע און פאַרשווינדט הינטער דער אײַזערנער טיר.

אַזוי זענען מיר געבליבן איטלעכער מיט זײַן גורל. ווי ס'ווערט דערציילט אין דער מעשה: איינער איז געקומען קלאָגן זיך פאַרן רבונו־של־עולם אויף זײַן ביטערער דאָליע. האָט גאָט אויסגעשטעלט גורלות פון אַ סך מענטשן, צווישן זיי אויך פון דעם וואָס איז געקומען זיך באַקלאָגן, און געזאָגט: „קלײַב זיך אויס". האָט דער מענטש געקוקט, געקליבן, געוויגן, געמאָסטן, איבערגעטראַכט און אַ כאַפּ געטאָן דעם אייגענעם גורל.

— נו, און ווי איר ווייסט, האָט מען די וואַגאָנען מיט די פאַרקראַטעוועטע פענצטערלעך טאַקע אָנגעפּראַפּט מיט עטלעכע טויזנט יידן פון געטאָ און ערגעצוווּ פאַרשלעפּט. אונדז, מיר זאָלן ניט אויספּלאַפּלען וועגן די צוגעגרייטע וואַגאָנען, האָט מען פאַרהאַלטן אין פאָרט ביז איבער נאַכט און נאָך דער אַרויספירעניש צוריקגעבראַכט אין געטאָ, — האָט פאַרענדיקט דאָס זשוואַווע יידל, מיט וועלכן מיר האָבן זיך באַגעגנט אינעם באַשפּײַזונגס־פונקט.

דערווײַלע איז דערגאַנגען אונדזער ריי צו באַקומען די ברויטפּאָרציע.

## די לעצטע?

בײַ אַ געלעגנהייט האָט מיר איינער אַן עלטערער ייד פאָרגעלייענט זײַנע פערזן, וואָס ער האָט געשריבן אין געטאָ. ס'איז געווען אַ גאַנץ פּרימיטיווע גראַמען־פלעכטערײַ. פון דעסטוועגן האָב איך פאַרגעדענקט די ערשטע פּאָר שורות פון זײַנעם אַ שיר. אָפּט שווימען זיי מיר אַפילו אויף אין די געדאַנקען:

מיר זענען די לעצטע שיריים פון שטאַם,
געשלײַדערטע שפּענדלעך אויפן ברויזנדן ים.

שטעל איך זיך די קשיא: צי דען טאַקע די לעצטע? לאַנג איז שוין „ייִדן־ריין" די ליטווישע פּראָווינץ. אין ווילנע זענען געבליבן בלויז עטלעכע הונדערט ייִדן, פאַרשפּאַרטע אין אַ לאַגער. אין שאַוול זשיפּעט אַ קליינע געטאָ פון אַ פּאָר טויזנט נפשות. אין קאָוונע... מיר זענען דאָ נאָך איבער צען טויזנט.

דער פראָנט רוקט זיך אויף מערב, דערנענטערט זיך צו אונדז און דער אימהפּולער שאָטן פון „עוואַקואַציע", „ליקווידאַציע" הענגט איבער דער געטאָ. ס'האָבן זיך באַנייט די קלאַנגען, אַז מען וועט אונדז סטעריליזירן.

איך טרעף אַ באַקאַנטן, אַ גוט אינפאָרמירטן מענטשן, וואָס דערשמעקט אָפּט, ווי מיר האַלטן אין דער וועלט. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און כ'ציטיר אים אָפּ די צוויי געגראַמטע שורות, וואָס איך האָב פאַרגעדענקט, און טו אַ פרעג, צי אויך ער האַלט, אַז מיר זענען די לעצטע.

ענטפערט ער מיר שטאַרק פּעסימיסטיש:

— סיידן אַ נס. געוויס, די קלאַנגען וועגן סטעריליזאַציע האָבן אַ יסוד. סיידן זיי וועלן ניט באַווייזן. די געסטאַפּאָ האָט בדעה אונדז צו ליקווידירן — אַלעמען ביז איינעם!

זענען מיר טאַקע די לעצטע שיריים פון שטאַם?.. נאָר וויפל מאָל האָבן ייִדן אויף זייער לאַנגן און טראַגישן וואַנדערוועג געמיינט, אַז זיי זענען שוין די לעצטע?

## נאַצישער „גרויסמוט"

דער נייער שעף פון די קאָנצלאַגערן אין ליטע בכבודו־ובעצמו, שטורמבאַנפירער ווילהעלם געקע, האָט אין דער באַגלייטונג פון זיינע יוצר־משרתים צום ערשטן מאָל באַזוכט די מלאכה־שול אין געטאָ.

וואָס איז די סיבה פונעם באַזוך? צי דען אַ קוק טאָן ווי עס ווערן געגרייט די צוקונפטיקע קנעכט?

ווי ס'איז געווען צו דערוואַרטן, האָבן ייִדן באַלד צעלייגט אויף טעלער־לעך דעם דאָזיקן שריט פון אונדזער מושל. עמעצער האָט דערציילט ווי ליב דער הויכגעשטעלטער עסעס־מאַן איז געווען צו די קינדער. ער האָט זיי געטאָפּט די הענטלעך, באַדויערט וואָס זיי זענען בלויז פון קעלט. גוט אויס־זידלענדיק דעם שול־אינספּעקטאָר, וואָס ער זאָרגט זיך ניט פאַר זיינע דערציִונגלינגען, האָט דער נאַצישער קאַרפּנקאָפּ מיטליידפול באַטאָנט, אַז די „אָרעמע פאַרפרוירענע קינדערלעך" זענען אויסגעבלייכט, אויסגעמאָגערט.

קענטיק, אַז זיי ווערן שלעכט דערנערט. דעריבער האָט ער אין אַלעמענס בײַזײַן באַפוילן זײַנע געהילפן ברענגען פאַר דער שול הייצוואַרג, אָנגעוויזן, וויפל פלייש, פוטער און צוקער מען דאַרף צוגעבן צו דער שפּײַז־„ראַציאָן" פון יעדן קינד, אַפילו צוגעזאָגט האָלענדישן קעז און מאַרמעלאַד...

אויך אַ צווייטע ניט געווײנטלעכע געשעעניש האָט אַרויסגערופן חידוש. דער געסטאַפּיסטישער אַכזר קיטעל (ס'האָט פּאַסירט, ער האָט באַגעגנט אַ קינד אין געטאָ, געהייסן אים עפענען ס'מויל און אַנשטאָט דער צוגעזאָגטער קאַנפעט — אַרײַנגעשאָסן), דער דאָזיקער אַכזר האָט אויף זײַן אייגענער מאַשין צוריקגעבראַכט אין געטאָ צווי ייִדישע קינדער, וועלכע ער האָט געפונען אויסבאַהאַלטענע בײַ ליטווינער. געבראַכט צום געטאָ־טויער ביידע קינדער פרישע, געזונטע און געהייסן איבערגעבן די עלטערן. שטענדיק איז דער גורל פון אַזוינע קינדער און זייערע עלטערן געווען אַ געחתמעטער — די גריבער און פלאַמען פונעם נײַנטן פאָרט.

דעם פלוצעמדיקן „גרויסמוט" פון די נאַציִשע שררות האָבן ייִדן אויס־געטײַטשט פאַרשיידן. „אָפּטימיסטן" האָבן אין אים אײַנגעזען אַ גוטן סימן: די מפּלות אויף די פראָנטן צווינגען די דײַטשן זיך צו פאַרטראַכטן, צווינגען זיי אויפצוהערן מאָרדן. ס'איז דאָך איצט ניט מער האַרבסט 1941...

די געשוווירענע סקעפּטיקער האָבן זיך געהאַלטן בײַ זייער שטענדיקער מיינונג: דערוואַרט ניט קיין גוטס פון די נאַציס!

די ווירקלעכקייט אַליין האָט באַלד אַנטשיידן, ווער ס'איז גערעכט. אַלץ האָט זיך אויפגעקלערט אין עטלעכע טעג אַרום, בעת דער אַקציע אויף קינדער און אַלטע לײַט, וואָס די היטלעריסטן האָבן דורכגעפירט.

דער שטורמבאַנפירער געקע, וואָס האָט אַזוי מיטגעפילט די „אָרעמע פאַרפרוירענע קינדערלעך", האָט מיט די אייגענע הענט געוואָרפן עופעלעך אין געדעקטע לאַסטאויטאָס, אָנגערייצט הינט אויף מוטערס, וועלכע האָבן זייערע קינדער ניט אָפּגעלאָזט. ער האָט געקאַטשט זיך פון געלעכטער, הערנדיק די האַרצרײַסנדיקע געשרייען פון די אומגליקלעכע פרויען, צע־ביסענע פון די אויף זיי אָנגערייצטע הינט, צעממיתטע פון צווייפיסיקע ברואים. יאָ, ער האָט באַרעכטיקט דעם פירערס צוטרוי און אָפּגערייניקט די געטאָס און קאָנצלאַגערן אין ליטע פון „נוצלאָזע עסערס". דער דאָזיקער הענקער מיט הויכבילדונג, דער ליבהאָבער פון די „שיינע קונסטן" — פון ליטעראַטור, מאָלערײַ און מוזיק — האָט מיט זײַן אַכזריות איבערגעשטיגן אַלע זײַנע פאָרגייער בײַ אונדז.

ווידער זענען גערעכט געווען די „שוואַרצזעער" פון צווישן אונדז. זיי

האָבן געוואָרנט: נאַציס בלײַבן נאַציס! היטן זאָל מען זיך פאַר זייער „גרויסמוט" ניט ווייניקער ווי פאַר זייער רציחה. די „גוטהאַרציקייט" וועלכע זיי ווײַזן צו מאָל אַרויס, איז בייזוויליקער שקר, ס'איז בלויז אַ מיטל אײַנצושלעפערן דעם קרבן, אָפּצוטעמפּן זײַן וואַכיקייט.

## די שפּיל אין בערעלעך

געוויס האָט קיינער זיך ניט פאַרגעשטעלט, וואָס דער דאָזיקער געווייניטלעכער, קילבלעכער און זייער לויטערער טאָג פון סוף מאַרץ וועט ברענגען די ייִדן פונעם געטאָ־פיליאַל, דעם אויסנשטאָטישן אַרבעט־לאַגער.

פון דער צוואַנגאַרבעט איז מען צוריקגעגאַנגען האָפּערדיק: שטאָטישע תּושבים האָבן איבערגעגעבן וועגן נײַע מפּלות פון די „וועלט־באַצווינגער", וועגן דעם אַז היטלער איז ווידער זיך מודה אין „פראָנט־פאַרקירצונגען און אויסגלײַכונגען". דער פראָנט דערנענטערט זיך. מיט אים דערנענטערט זיך דער סוף צום קאָשמאַר, דער סוף צו דער נאַצי־הערשאַפט.

קיינער האָט שוין ניט געספּקט, אַז אַוועק איז דער לעצטער ווינטער אין דער קנעכטשאַפט, און געוויס האָט קיינער זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז אין אַזאַ לויטערן טאָג פון אָנהייב פרילינג וועט געשען אַזוינס...

נאָך דעם ווי מען האָט די דערוואַקסענע אַרויסגעפירט צו דער אַרבעט, זענען אין לאַגער אַרײַנגעפאָרן עטלעכע לאַסטאויטאָס מיט איבערגעדעקטע בוידן און זיך פאַרהאַלטן בײַם אַרײַנגאַנג פון באַראַק פאַר קליינע קינדער. פון די אויטאָס זענען האַסטיק אַראָפּגעשפּרונגען עסעסניקעס און אַרײַנגעכאַפּט זיך אַהין.

— מען וועט זיך שפּילן אין בערעלעך, — האָבן זיי געמאָלדן די עלטערע לײַט, וואָס האָבן אויפגעפּאַסט אויפן קליינוואַרג. — דערקלערט עס די קינדער, זיי זאָלן זיך ניט שרעקן.

אַ מאָדנע שפּיל איז עס געווען: מען האָט אויסגעשטעלט די קינדער אין אַ שערענגע — איינס הינטערן אַנדערן, ווי צו אַ „גענדזנמאַרש", און געהייסן זיי אויסשטרעקן אין אַ זײַט די רעכטע הענטלעך. דעמאָלט האָבן די עסעסניקעס מיט שטריק צונויפגעבונדן די אויסגעשטרעקטע הענט פון די קינדער, צו צען אין אַ גרופּע.

— מיר וועלן זיך שפּילן אין בערעלעך, אין בערעלעך! — האָבן די דײַטשן גענומען הילכיק זינגען, צוטופּענדיק צום טאַקט מיט די פיס. ציִענדיק פאַר די שטריק האָבן זיי אַרויסגעפירט די קינדער אין דרויסן.

אַזוי איז קליינוואַרג אָנגעקומען צו די אויטאָס און איבער צוגעשטעלטע לייטערלעך אַרײַנגעקראָכן אין די בוידן. אָן טומל, מיט אַן אָרדענונג...

קוים שלעפּנדיק די פיס זענען די עלטערע לײַט נאָכגעגאַנגען די קינדער, באַגלייט זיי אין דעם „ספּעציעלן" לאַגער פאַר ניט־אַרבעטפעיִקע...

ניין, איך וועל ניט פּרוּוון, וועל גאָר זיך ניט דערוועגן צו באַשרײַבן דאָס, וואָס הינטערן שטעכלדראָט האָט זיך אָפּגעטאָן, ווען די עלטערן האָבן זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט. ניטאָ פאַר דעם קיין ווערטער. כ'וועל בלויז פאַרצייכענען, אַז מען האָט געשאָלטן גאָט און דעם מענטש, וועלכן ער האָט באַשאַפן אין זײַן געשטאַלט. מען האָט פאַרשאָלטן זיך דעם טאָג פון געבוירן. אַנדערע האָבן גענומען מתפּלל זײַן, גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען אויף די אומשולדיקע ברעקעלעך. געווען אַזעלכע וואָס האָבן גערופן נעמען נקמה. אָבער ווי אַזוי? און מיט וואָס? די נקמה פאַרן בלוט פון אַ קליין קינד האָט דאָך דער טײַוול אַליין ניט צוגעטראַכט.

ניין, קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן אויף די קלינגעוודיקע קלעפּ פונעם האַמער אינעם שטיק אויפגעהאַנגענעם רעלס, וואָס האָבן גערופן צום אָוונט־עסן. ווען מען האָט אַ צווייט מאָל געקלונגען — לאַנג און אומגעדולדיק — האָט עמעצער פון די מענטשן אין באַראַק אַ זעץ געטאָן זײַן ליימענעם עס־געשיר אין דיל. אַ סך האָבן אים נאָכגעטאָן. שערבלעך פון שיסלען און טעפּלעך האָבן זיך געוואַלגערט אונטער די פיס, ווי שפּליטערס פון צעבראָכענע וועלטן. און פונעם אַרויסגעפּלאַצטן געיאָמער האָבן בפועל־ממש גע־ציטערט די פענצטערשויבן.

אַפילו דער זייער שטרענגער און אומברחמנותדיקער לאַגער־קאָמענ־דאַנט איז ניט אין שטאַנד געווען צו צווינגען די מענטשן נעמען זייער שטיקל ברויט און גיין שלאָפן. באַשטראָפן פאַר ווידערשפּעניקייט מיט טויט? דער טויט האָט איצט אויסגעזען פאַר די געליטענע ווי אַ ישועה. אויך אויף מאָרגן אין דער פרי האָט דער קאָמענדאַנט ניט געקאָנט אַרויסטרײַבן די מענטשן צו דער אַרבעט. קיינער האָט ניט געפאָלגט.

דער היטלעריסט איז מבולבל געוואָרן: אַזאַ אומאָרדענונג, אַזאַ ווילקיר! און יענע שערבלעך (פול זענען מיט זיי די דורכגענג צווישן די נאַרעס) האָבן אויסגעזען ווי אַ צייכן פונעם סוף פון דער וועלט, און ווי לעבעדיקע געגרילצט אונטער די פיס, אַזש מוראַשקעס זענען געקראָכן איבערן לײַב.

אַ ספק, צי דער קאָמענדאַנט וואָלט אײַנגעגאַנגען אויף דער „שפּיל אין בערעלעך", ווײַל אַזוי לאַנג מען האָט געהאַלטן אין לאַגער די „ווערעם", האָבן זייערע עלטערן געאַרבעט, און דאָס האָט פילפאַכיק געדעקט די שפּײַזקאָסטן

פון די „בוצלאַזע עסערס". ליקווידירן וואָלט מען זיי געקאָנט אין דער זעלבער צײַט, ווען פאַר די עלטערן וועט שלאָגן די לעצטע שעה. אָבער מיט אים, דעם לאַגער־קאָמענדאַנט, האָט מען זיך ניט באַראָטן...

פון דעם וואָס מען האָט זיך צוגעאײַלט אומצוברענגען די קינדער, איז אַ טאָג אַרבעט געגאַנגען אין גיוועץ. דער קאָמענדאַנט האָט אים בכּוונה מקריב געווען. אויפן אַנדערן טאָג גאַנץ פרי האָט ער געלאָזט מעלדן, אַז ס'איז אָנגעקומען אַ גוטע ידיעה פון די קינדער. ער האָט אַ טעלעגראַמע וואָס וועט ווערן עפנטלעך פאַרגעלייענט, ווען אַלע וועלן זיך אויסשטעלן צום גיין אַרבעטן.

פון עפּעס אַ פּאַפּיר האָט דער היטלעריסט הויך אויפן קול און מיט גרויס אָנשטעל געלייענט, אַז די קינדער זענען עוואַקוירט געוואָרן מיטן ציל צו פאַרלײַכטערן די דערוואַקסענע פלײַסיק און פּראָדוקטיוו צו אַרבעטן. די קינדער זענען אָנגעקומען אין דעם באַשטימונגס־אָרט, וווּ עס פונקציאָנירן קינדער־גערטענער מיט אָפּטיילונגען לויטן עלטער. דאָרטן וועלן זיי דערצויגן ווערן אונטער דער אויפזיכט פון די אַרויסגעפּירטע עלטערע לײַט און דער־פאַרענע פּעדאַגאָגן...

— און איצט, גענוג געוויינט, גענוג געפּוילט זיך! גענוג די ליידיק־גייערײַ! מוטיק צו דער אַרבעט! ענערגיש אויספּילן די פליכט! — האָט דער קאָמענדאַנט פּאַטעטיש פאַרענדיקט און דערגעבן: — כ'וועל ניט שטראָפן פאַרן פאַרניכטן אייגנטום פונעם דריטן רײַך. כ'האָב באַשטעלט נײַע שיסלען...

— ווען מיר קריגן עפּעס אַ בריוול, אַ צעטעלע פון די דערוואַקסענע, וואָס זענען מיטגעפאָרן, — האָט עמעצער זיך דערוועגט צו זאָגן.

— וואָס? איר געטרויט ניט דײַטשן?! — איז דער קאָמענדאַנט געוואָרן מלא־רציחה, זיך געלאָזט מיט זײַן גומיפּלעטקל אַהין, פון וואַנען ס'האָט זיך געהערט יענע ביטע, און גענומען ממיתן די מענטשן איבער די קעפּ.

קלעפּ איבער מענטשלעכע שאַרבנס האָבן אויפגעקלונגען אינעם קילב־לעכן און זייער לויטערן פרילינגדיקן אינדערפרי.

## ווי לאַנג געדויערט אַ האַלבע שעה?

זיי זיצן פאַרגליווערט און שווײַגן: אַן עלטערער מאָגערער מאַנצביל מיט אַ ליסן קאָפּ, וואָס ציטערט אויף זײַן אויסגעצויגענעם האַלדז, און אַ מיטליאָריק פּאָרפּאָלק. זייערע אויגן זענען צוגעשמידט צו אַ ליידיק הילצערן קינדערבעטל, צו דער פאַרשפּרייטער אויף אים גרויער קאָלדרע.

זיי זיצן און וואַרטן. קיינער פון זיי האָט ניט קיין זייגער, מען זאָל קאָנען כאַפּן אַ קוק און וויסן, ווען עס ענדיקט זיך די האַלבע שעה.

ווי לאַנג געדויערט אַ האַלבע שעה, וואָס מען גיט זיך צו אַנטשיידן — לעבן בלײַבן אָדער אומקומען?

דער וואַכמאַן מיטן אויטאָמאַט איבער דער ברוסט שטייט בײַ דער שוועל און רייכערט קאַלטבלוטיק אַ סיגאַרעט. ער וואָלט געקאָנט אַ קוק טאָן אויף זײַן זייגער און זאָגן, וויפל איז געבליבן ביז ס׳וועט קומען זײַן עלטסטער. אפשר וועט נאָך קלעקן צײַט, אַ נס זאָל געשען? פאַר דעם איז דאָך גענוג אַן אויגנבליק.

דאָרטן, אין דרויסן בעלי־ביתעוועט דער טויט. קינדערשע געוויינען און פאַרצווייפלטע יללות פון מאַמעס מישן זיך צונויף מיט וויסטע זידלערײַען און געשרייען אין דײַטש. דעם טומל פאַרטויבן הילכערס מיט פריילעכע טענץ און קנאַקעדיקע מאַרשן.

און אינעם מישמאַש הערט ניט אויף צו שמײַסן אַלץ די זעלבע און די זעלבע פראַגע פון די צעיושעטע היטלעריסטן: „פאַראַן דאָ קעצלעך?״

מיט דער אָ פראַגע האָט צו די דרײַ וואָס זיצן בײַם בעטל, זיך געהאַט געווענדט דער געשטופלטער העלהאָריקער דײַטש, אַרײַנפאַלנדיק צו זיי מיט זײַן באַנדע.

— ווּ איז דאָס קעצל? — האָט ער געשטויסן מיטן אויטאָמאַט אינעם בעטל.

נאָך איידער מען איז צו זיי געקומען האָבן די דרײַ ייִדן באַוויזן צו זען דורכן פענצטער, ווי פונעם אַנטקעגנדיקן שטיבל האָבן דײַטשן אַרויסגע־טראָגן פאַר די קערקלעך צוויי עופעלעך און זיי אַרײַנגעשלײַדערט אין דער פאַרמאַכטער בויד פון אַ לאַסטאויטאָ. דערנאָך אַרײַנגעשטויסן אַהין עטלעכע עלטערע קינדער און אַלטע לײַט. די מאַמעס וואָס האָבן זיך געריסן צו די קינדער, האָט מען אָפּגעשלײַדערט מיט רציחה.

— ווּ איז דאָס קעצל? — האָט זיך ניט באַרויִקט דער געשטופלטער אויסטאַפּנדיק אַלע געלעגערס, אַרומנישטערנדיק אין אַלע ווינקלען פונעם שטיבל.

דער מאַנצביל און דאָס פאָרפאָלק זענען געשטאַנען און פאַשטיינערט צוגעקוקט.

— כ׳גיב אײַך אַ האַלבע שעה, — האָט דער געשטופלטער, שוין אַ ביסל רויִקער, געזאָגט. — וועט איר ניט אָנווײַזן ווּ דאָס קעצל איז פאַרשטעקט, פאָרט איר אַליין אַנשטאָט דעם. און דערווײַלע — זעצט זיך, באַטראַכט זיך.

איבערגעלאָזט בײַ דער טיר דעם שומר, האָט ער מיט זײַנע געהילפן אַוועקגעטראָגן זיך ווײַטער.

דער טומל, די יללות און געשרייען האָבן ניט אויפגעהערט אַרײַנצו־דרינגען פון גאַס אין שטיבל אַרײַן. אויך פון הויף, פונעם שטעלכל וווּ ס׳איז געווען געמאַכט אַ באַהעלטעניש פאַר דער מוטער מיטן קינד, האָבן זיך דערטראָגן פאַרצווייפלטע קולות.

און אויב מען האָט שוין דאָס קינד פון דער שכנה אַרײַנגעוואָרפן אינעם געדעקטן אויטאָ?

צוגעזאָגטן מיטן בליק צום קינדס בעטל, קאָרטשען זיך די דרײַ מענטשן צונויף, שווײַגן נאָך פאַרביסענער. זייערע מחשבות שטעלן זיך אָפּ אויף איין פראַגע: ווי לאַנג וועט נאָך געדויערן די האַלבע שעה? אפשר אַ גאַנצע אייביקייט?

פלוצעם רײַסט זיך אויף די טיר. ס׳פאַלט אַרײַן דער געשטופּלטער — די פּילאָטקע וווּליונגעריש פאַרדרייט אין אַ זײַט. אַ חוצפּהדיקער שמייכל צאַפּלט אויף זײַנע פליישיקע ליפּן.

— נאָך אַכט און דרײַסיק סעקונדעס, — מעלדט ער, כּלומרשט אַ קוק טוענדיק אויפן האַנטזייגערל. — ווּ איז דאָס יינגל?

דאָס מאָל דריקט ער זיך אויס פּינקטלעך — „דאָס יינגל", עס זאָל קיין „מיספאַרשטענדעניש" ניט זײַן...

די דרײַ פאַרגראָבן נאָך טיפער די אויגן אינעם בעטל און זיצן ווי פאַרגליווערטע — שטומע, אײַנגעשרומפּענע, פאַרגליווערטע.

— נעמען זיי! — גיט אַ קאָמאַנדע דער געשטופּלטער.

די דרײַ מענטשן שטייען אויף און שאַרן זיך וואַקלדיק צום אַרויסגאַנג. עס וואַרט שוין אויף זיי אַ געדעקטע לאַסטמאַשין.

כ׳וויל, מען זאָל וויסן זייערע נעמען: יעקב קאַרנאָ און דער פּראָוויזאָר געלמאַן מיט זײַן פרוי.

## איר לעצטער אויפטריט

אירע באַקאַנטע, אירע שכנים האָבן זיך געוווּנדערט. נאָך מער האָט זי אַליין, די אַרטיסטין סאָפיע ערדי, זיך געוווּנדערט, וואָס אָט, שוין איבער צוויי יאָר ווי דער טויט מײַדט זי אויס. אַזוי פיל קרבנות אַרום און אַרום, אַזוי פיל מענטשן האָט מען פאַרשלעפּט אויף אומקום, און זי שאַנעוועט דער מלאך־המוות. נאָך יעדער אַקציע קאָן זי ניט קוקן מענטשן אין די אויגן, פילט

זיך ווי שולדיק אין דעם, וואָס אַנדערע זענען אַוועק און זי איז געבליבן.

זי איז אַ יידישע אַקטריסע. דערצו שוין ניט יונג און טויג ניט צו קיין פיזישער אַרבעט. ברענגט קיינעם קיין נוצן ניט און עסט להם־חסד, ברויט וואָס אַנדערע רייסן אָפּ פון זיך. און די דייטשן, ווי זיי דריקן זיך אויס, רייניקן אָפּ פון מאָל צו מאָל די געטאָ פון נוצלאָזע עסערס... אַזוי פיל יונגע פאַלן אַריין אין אַט דער קאַטעגאָריע, און זי — ווי זי וואָלט געבוירן געוואָרן אין אַ גליקלעך העמדעלע. צי בלייבט זי לעבן אַ דאַנק איר אויסזען? צי רופט זי אַרויס צו זיך אַזאַ אָפּשײַ, אַז ס'פאַרהאַלט זיך די האַנט פונעם הענקער?

נאָר אויך איר ריי איז דערגאַנגען בעתן כאַפּן קינדער און עלטערע לייט.

זי האָט זיך ניט אויסבאַהאַלטן, געבליבן אין איר ווינקל, געוואַרט. און זיך דערוואַרט.

דערזען די כאַפּערס, האָט זי זיך אויפגעהויבן און העפלעך געבעטן:

— וואַרט איין מינוט. נאָר איין מינוט, ביטע.

און ווײַל זי האָט זיך ניט אַנטקעגנגעשטעלט, און ווײַל זי איז ניט אַרויס מיט בקשות און תחנונים, האָבן די אָנגעקומענע משחיתים ניט דערווידערט.

זי האָט אַרויסגענומען אַ שפּיגעלע, אָנגעפּודערט זיך, אָנגעפאַרבט די ליפּן. געטאָן עס ווי פאַר אַן אויפטריט אויף דער סצענע.

די שליחים פונעם טויט — אין קאַסקעס, מיט אויטאָמאַטן אין די הענט — האָבן דערשטוינט געשוויגן, געדולדיק געוואַרט.

פאַרענדיקט דעם טואַלעט, האָט די אַרטיסטין אַרויפגעוואָרפן אויף זיך אַ בונט קאָפּטל, דאָס איינציק אויסגעהיטע, זיך אויסגעגלײַכט, שטאָלץ אויפגעהויבן דעם קאָפּ אָפּוואַרפנדיק אויף הינטן די קוטשמע העלע, גראָוועראַנדיקע האָר און געלאָזט פאַלן דעם לעצטן זאַץ פון איר לעצטער רעפּליקע אויף דער לעבנס־בינע:

— אויך שטאַרבן דאַרף מען שיין!

## דער געטאָ־פאָטאָגראַף

מיר האָבן זיך פאַר אים געהיט. אַ גרונט דערפאַר איז געווען: ער איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט אַן באַוואַכונג. (אמת, אין רינשטאָק, מיט די געלע לאַטעס, ווי אַלע יידן.) געגאַנגען איז ער פאַרריכטן ראַדיאָס בײַ פאַרשיידענע היטלעריסטישע שררות — אין זייערע אַנשטאַלטן און פריוואַטע וווינונגען.

פלוצעם האָבן זיך בײַ אונדז באַוויזן פאָטאָס פונעם געטאָ־לעבן. (פאַר־

שטייט זיך, אַז ביַי יחידים און בסוד־סודות.) מען האָט געשמועסט, אַז דאָס פאָטאָגראַפירט אין געהיים ער, דער פּריווילעגירטער ראַדיאָ־טעכניקער, אויף וועלכן מיר קוקן מיט חשד.

עסקן זיך מיט אַ פאָטאָ־אַפּאַראַט האָט געשמעקט מיטן טויט. האָט מען נאָך מער געגומען זיך היטן פאַרן ראַדיאָ־טעכניקער, וואָס האָט פּלוצעם זיך אַנטפּלעקט ווי אַ פאָטאָגראַף. און דאָ נאָך — אַזוינע פאָטאָס! אַ סך פון זיי האָבן, ווי מען זאָגט, „פּאַראייביקט געשיכטע" און זענען געווען שטאַרקע באַשולדיקונג־דאָקומענטן קעגן דער נאַציִשער בלוטהערשאַפט. זיי האָבן, צום ביַישפּיל, פאַרפיקסרט אַ הענג־עקזעקוציע אין געטאָ און מאָמענטן פון אַקציעס און „איבערזידלונגען". אַ סך פאָטאָס זענען געמאַכט געווען ביַים געטאָ־טויער: קאָלאָנעס פון מענער און פרויען מיט בעטלערזעק אויף די פּלייצעס, ווערן קאָנטראָלירט אָדער „דעפּילירן" פאַרביַי דער טויערוואַך, וועלכע שלאָגט די מענטשן מיט גומי־פּלעקלעך. אַ גאַר גרויסע צאָל פאָטאָס האָט אָפּגעשפּיגלט אונדזער בידנעם אַלטאָג: די צעשמאַטעטע הלבשה און דאָס שוכוואַרג מיט די האָלצזוילן, וואָס מיר האָבן געטראָגן; די פאַרהונגערטע מענטשן און זייערע שרעקלעכע וווין־באַדינגונגען. פון די שטומע פאָטאָס האָט אַראָפּגעשריִען דער ווײ פון אויסגעמאָגערטע, ווי פאַרפאַלגטע חיהלעך צעשראָקענע קינדער, אָפּגעשטעמפּלטע מיט דער געלער לאַטע.

...עס זענען געווען טעג פון צעווילדעוועטן אָנגריף אויף דער געטאָ. מען האָט זי געריסן, געפּליקט אויף שטיקער. געסטאַפּאָ האָט געזוכט „בונקערס", ס'הייסט, באַהעלטענישן, געזוכט די אונטערערד־קעמפער. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אויך דעם געטאָ־פאָטאָגראַף וויל מען כאַפּן. איז אויפגעשוווּמען די קשיא: וואָרענען דעם ראַדיאָ־טעכניקער, וואָס פאַרנעמט זיך מיט פאָטאָ־גראַפיע? אמת, דערמיט קאָן מען זיך אַליין שטעלן אין סכּנה. נאָר טאָמער זוכט אים טאַקע געסטאַפּאָ, זענען דאָך אַלע חשדים קעגן אָט דעם מענטש אָן אַ יסוד. מער נאָך, ער איז אַ קעמפער!

נאָך אַ געוויסן יִשוב־הדעת האָבן מיר באַשלאָסן: מען וואָרנט אים!

אַ פּאָר מינוט נאָך דעם ווי מען האָט אים מודיע געווען וועגן דער סכּנה, איז צום היַיזל וווּ ער האָט געלעבט, צוגעפאָרן אַ ליַיכטע מאַשין. עטלעכע געסטאַפּיסטן זענען פון איר אַרויסגעשפּרונגען, אָפּגעקאָנטראָלירט דעם שטובנומער און אַריַינגעכאַפּט זיך אינעווייניק.

דער ראַדיאָ־טעכניקער איז שוין אָבער געווען אַרויסגעלאָפן דורך דער הינטערטיר. צום גליק, האָט ער געווינט האַרט ביַים צוים. צום גליק, האָט דער פּאָסטן ניט באַמערקט, ווי ער איז דורכגעקראָכן דעם דראָטגעפלעכט

און פאַרשווונדן אין אַ דערבײַיִק געסל — מיטן פּאַטאַ־אַפּאַראַט אונטער דער מאַנטל־פּאָלע און אָנגעפּאַקטע קעשענעס מיט נעגאַטיוון־טאַשמעס.

## אַ לעבעדיקער עדות

ס'איז ער, דער זעלבער יאַט. ווו האָט ער עס אַזוי פאַרשטויבט צי אויס־געשמירט אין קאַלך זײַנע האָר? כ'האָב שוין געוואָלט אויפהייבן אַ האַנט אַפּצורייניקן זיי, נאָר... דער קאָפּ פונעם צוואַנציקיאָריקן בחור איז געווען גראָ. דרײַ חדשים זענען פאַרבײַ, זינט מיר האָבן זיך דאָס לעצטע מאָל געזען. פאַר דער צײַט האָט ער געפּרווט דערגרייכן פּאַרטיזאַנער, איז אַרײַנגעפאַלן אין געסטאַפּאָ, געווען אין נײַנטן פאָרט...

איצט איז ער ווידער מיט אונדז, אין געטאָ. דאָס פּנים — אויסגעצויגן, די הויט — אַזש דורכזיכטיק, די אויגן — טינקעלערע, גרעסערע ווי פריִער — ממש ברענען. קוקנדיק אויף אים האָב איך אַ טראַכט געטאָן: אַזוי האָבן מסתּמא אויסגעזען גרויסע קעמפער, דענקער, נביאים, ווען זיי פלעגן טראָגן אַ נײַעם אמת אין לעבן אַרײַן.

קיינער טאָר ניט וויסן, אַז אָט דער יאַט און אויך חברים זײַנע האָבן זיך בײַ נאַכט אַרײַנגעגנבעט אין געטאָ דורכן צוים. און קיינער טאָר ניט וויסן, ווו די דאָזיקע מענטשן באַהאַלטן זיך איצט. אין אָט די באַהעלטענישן („מאַ־לינעס", אויפן געטאָ־לשון) וועט זיי אוסקומען ניט לאַנג צו בלײַבן. מען וועט זיי אָוועקפירן אין וואַלד צו די פאַרטיזאַנער, מיט וועלכע ס'איז שוין אויפגעשטעלט אַ גוטע פאַרבינדונג. דער קאַמף וועלכן זיי האָבן אָנגעהויבן אין דער געטאָ־אונטערערד און אויפן פאָרט, אָנגעהויבן אין ביז גאָר טראַגישע באַדינגונגען, וועט סוף־כּל־סוף פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ווערדיקן אָפענעם געראַנגל מיט אונדזערע דם־שונאים.

נאָר דערווײַלע, אַרומגערינגלט מיט שטרענגער קאָנספּיראַציע, געפינען זיך די יאַטן אין „מאַלינעס". זיי האָבן זיך אויסגעבאָדן, זיך איבערגעטאָן אין פרישע בגדים, די אַלטע טראַנטעס — פאַרברענט. און דאָך טראָגט זיך פון די געקומענע אַ שרעקלעכער ריח, אַ גערוך פון פוילנדיקע מתים. און די היטלעריסטן נישטערן אַרום, זוכן די געלאָפענע פון נײַנטן פאָרט, פון וועלכע עס טראָגט דער אַ ריח...

די געקומענע, ווייסן מיר, האָבן אויף אַ פאַנטאַסטיש־דרייסטן אופן זיך אַרויסגעריסן אויף דער פרײַ. מיר האָבן צו זיי דעם פולן צוטרוי. פון דעסט־וועגן איז שווער צו באַנעמען, וואָס דער גראָ־געוואָרענער בחור דערציילט:

— דער גיהנום איז ניט קיין אויסטראַכטעניש. איך בין דאָרטן אַליין געווען... געזען מיט די אייגענע אויגן צונויפגעלייגטע אין שטאַבעלן שײַטן האָלץ און מתים... הענט, פיס, קעפ סטאַרטשען אַרויס פונעם געהילץ... פּלוצעם — אַן אויפרײַס. ס׳צעפלאַקערט זיך אַ שטאַבעל. דער שײַטער זעצט אין הימל אַרײַן לאַנגע פײַערצינגער, צעשפּרייט אין די זײַטן פעכיקע קנוילן רויך, וואָס טראָגט פונאַנדער אַ גערוך פון סמאַלינעס און טערפּקן עיפּוש. דער פלאַם באַפאַרבט אין צונטער־רויט די פּנימער פון געשפּענסטער, וואָס עסקן זיך אַרום אים. די דאַזיקע באַשעפענישן טראָגן לאַנגע גרויע שינעלן, שפּיציקע היטלען. קייטן קלימפּערן אויף זייערע פיס. אין די הענט האַלטן זיי דרײַצייניקע מיסטגאָפּלען, מיט וועלכע זיי קלײַבן צונויף די מענטשלעכע קערפּערטיילן, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון די גופים און וואַלגערן זיך אויף דער ערד. אָט האָט איינער אויפגעהויבן אַ קאָפּ פון אַ פרוי מיט לאַנגע קאַשטאַן־האָר, אַ צווייטער — אַ קינדיש פיסל אין אַ ווײַס שיכעלע. דער קאָפּ און דאָס פיסל פליִען אין די פלאַמען... איך, איך בין געווען איינער פון די דאַזיקע געשפּענסטער! כ׳האָב געברענט מתים!

געשוויגן אַ רגע, איז דער יאַט זאַכלעך־טרוקן ממשיך:

— מען האָט אונדז געצוונגען אויפצוגראָבן מאַסן־קברים פון געשאָסענע ייִדן, געצוווּנגען אַרויסצושלעפּן פון דאָרטן די טויטע און צונויפלייגן זיי אין שטאַבעלן — אַ שיכט האָלץ, אַ שיכט מתים. יעדן שיכט געדאַרפט באַגיסן מיט בענזין. פאַר נאַכט־צו פלעגן מיר אָנצינדן דעם שײַטער מיט טערמיט־לאָדונגען. אַ גאַנצן מעת־לעת האָט ער דערנאָך געברענט. און אַזוי טאָג־אויס, טאָג־אײַן... איין מאָל האָב איך געמיינט, אַז איך טראָג צום שײַטער מײַן געהרגעטן טאַטן, אַ כמעט נאַקעטן. ווו ניט ווו איז זײַן גוף געווען צוגעדעקט מיט צעפליקטע איבערבלײַבעכצן פונעם אונטערוועש. ווען ס׳פלעגט אויס־קומען צו לייגן אויף די טראָגברעטער נאַקעטע פרויען, פלעג איך אָפּקערן דעם קאָפּ. ניט געוואָלט זיי פאַרשעמען מיטן בליק פון אַ מאַנצביל. מסתּמא איז צווישן זיי געווען אויך מײַן מאַמע, וואָס איז אַוועק אין אַן אַקציע...

ווידער ווערט אַנטשוויגן דער בחור. ס׳פאַרפעלט אים אָטעם. עס גייט פאַרבײַ אַ צײַט, ביז ער קאָן ווײַטער דערציילן:

— אוי, האָבן זיי זיך געוועדט, די טויטע, ניט געוואָלט ברענען. געוואָלט בלײַבן כאָטשבע טויטע עדות. ס׳פלעגט אויסזען, אַז זיי לעבן פּלוצעם אויף אויפן שײַטער. אַ פוס טוט אַ צוק, אַ האַנט, געבײַלט אין אַ פויסט, טוט זיך אַ הייב, פאַלט אָנמאַכטיק אַרונטער און פאַרשווינדט אינעם פלאַם־פײַער. מיט מײַנע אויגן האָב איך געזען... דאָס קאָן מען ניט פאַרגעסן! פון דער היץ

האָט געפּלאַצט דער בויך פון אַ שוואַנגערער פרוי, וואָס איז געלעגן בײַם ראַנד פונעם שײַטער, און אויף דער ערד איז אַראָפּגעפאַלן אַ קינד. אָקערשט געבוירן. אינעם אָפּשײַן פון די פלאַמען האָט ער ווי געוואָלט באַגריסן די וועלט, דאָס לעבן... דער וואַכמאַן האָט מיך גענומען שלאָגן, למאַי כ'הייב ניט אויף דאָס עופּעלע און וואַרף עס ניט אין פײַער. מיך האָט געראַטעוועט אַ חבר. ער האָט אַרויפגעכאַפּט אויף זײַן גאָפּל דאָס טויטע גופל, אַ וואַרף געטאָן עס אויפן שײַטער אויסרופנדיק: „דער גרעסטער וועלט־פאַרברעכער מוז פאַרברענט ווערן!״ דער דײַטש האָט זיך צעשמייכלט און אויפגעהערט מיך שלאָגן. אָבער אַנדערע מתים האָב איך דאָך יאָ געברענט! געהאָלפן די מערדער פאַרווישן די שפּורן פון זייערע פאַרברעכנס. איז עס ניט קיין חטא? האָבן מיר, די מתים־ברענער, זיך ניט פאַרזינדיקט לגבי דער געשיכטע?

דער דערציילער וואַרט אויף מײַן ענטפער. זאָג איך:

— אײַער אַנטלויפן איז אויך געשיכטע. ס'איז יידישער מוט, ס'איז אונזער נקמה...

— נקמה... — כאַפּט מיך אונטער דער בחור. — אַוודאי! מיר, די מתים־ברענער, האָבן, ווי איר ווייסט שוין, ניט געקאָנט משלים זײַן מיט אונדזער לאַגע, מיטן גורל. האָבן מיר זיך אָרגאַניזירט, כמעט מיט די הוילע הענט אויסגעבויערט אַ לאָך אין אַן אײַזערנעם טויער, געפּויזעט דורך טונעלן, זיך אַראָפּגעקײַקלט פון אַ שטייניקן באַרג־שיפּוע, געקראָכן איבער בעטאָנענע ווענט... אַזוי זענען מיר אין איינער אַ נאַכט, ווי איר ווייסט, אַנטלאָפן פון גיהנום. גלייבט מיר, געפינענדיק זיך דאָרטן ווערט שוין ניט דער עיקר בלײַבן לעבן, כאָטש יעדער מענטש וויל לעבן. ס'האָט זיך געוואָלט נעמען נקמה, דערציילן דער וועלט... איך בין דאָך אַן עדות, אַ לעבעדיקער עדות, וואָס האָט אַ מוראדיקן סוד אַרויסגעטראָגן פונעם פײַער...

## פרויען דערציילן

און אָט זענען עטלעכע עפּיזאָדן פון דעם, וואָס מיט אונדזערע פרויען איז געשען אין די לאַגערן, ווהין זיי זענען פאַרשלעפּט געוואָרן נאָכן ליקווי־דירן די געטאָ. די דאָזיקע דערציילונגען װעלן, פאַרשטייט זיך, ניט אויסשעפּן דאָס וואָס די פרויען האָבן איבערגעלעבט. זיי קאָנען בלויז צוגעבן איינעם, אַ צווייטן שטריך צום אַלגעמיינעם בילד פון זייער און אונדזער לײַדנסוועג.

## אָן אַ העמד

געקומען אין לאַגער, האָט מען אונדז אויסגעטאָן נאַקעט און אָפּגעראַ־זירט. „פון היגיענע וועגן" — האָבן דערקלערט די עסעסניקעס. אין דער אמתן זענען אונדזערע האָר אַוועק אויף רוישטאָף פאַר ווייכע און לײַכטע מאַטראַצן... אַנשטאָט די צוגענומענע מלבושים האָט מען יעדערער פון אונדז אַרויסגעגעבן איין אָפּגעטראָגן העמד און איין צעטראַמפּלט קליידל — „אויפן גאַנצן לעבן"...

האָבן מיר געהיט, געציטערט איבער דעם דאָזיקן איין איינציקן פאַרמעג, אָן וועלכן מען איז געווען נאַקעט־הויל ווי אָפּגעשונדן. ווי האָט מען אָבער געקאָנט וואַשן דאָס העמד, עס זאָל ניט פאַרלײַזיקט ווערן, אַז אַפילו אין טרינקוואַסער איז געווען אַ דוחק? מיר פלעגן קריגן אָפּגעמאָסטן אַ גלאָז וואַסער אַ טאָג. אָבער ניט אָפּהיטן ציכטיקייט איז געווען דאָס זעלבע, ווי מאַכן שותפות מיטן מלאך־המוות.

ס'האָט אונדז אָפּגעגליקט. גראָבנדיק אויף אַ פעלד אַ לאַנגן און טיפן קאַנאַל, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף גרונטוואַסער — אַ דין ריטשקעלע אויפן דעק פונעם גראָבן. פלעגן מיר בגנבה פון די קאַנוואָירן אַרומוואַשן זיך. איין מאָל אַפילו זיך דערוועגט אויסצוואַשן די העמדער. עטלעכע פרויען פלעגן פאַרשטעלן די', וואָס כאַפּט האַסטיק אַראָפּ איר העמד, טוט עס אַ שווענק און ציט עס אַרויף אַ נאַס' אויפן לײַב.

געקומען פאַר נאַכט אין לאַגער אַרײַן, איז עפּעס אַ פרוי אײַנגעפאַלן אויסצוטריקענען דאָס נאַסע העמד. אויפגעהאַנגען עס אויפן שטעכלדראָט פונעם צוים און געבליבן היטן. די שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון וואַרעמען, און ס'וואָלט געוויס זיך געהאַט אויסגעטריקנט דאָס העמד. דאָ האָט מען אָבער געקלונגען צום „אַונט־קאַווע" — אָפּנעמען אַ שעפּלעפל ביטערע, ברוין־שוואַרצע פליסיקייט און אַ פענעצל ליימיק ברויט.) האָבן זיך אַלע אַ לאָז געטאָן צו דער פעלדקיך.

די פרוי וואָס האָט איר העמד געטריקנט, האָט געצווייפלט: גיין צי ניט? פון דעסטוועגן האָט זי באַשלאָסן צוצולויפן אָפּנעמען כאָטש די פאַרציע ברויט.

צוריקוועגס האָט זיך איר אַנטקעגנגעטראָגן אַ געלעכטער. ס'האָבן געלאַכט די לאַגערפרויען, זיך ממש געקאַרטשעט פון געלעכטער. אַ קו פון אַ פאַרבײַגעטריבענער טשערעדע האָט געהאַט אַרויפגעכאַפּט אויף די הערנער דאָס אויפגעהאַנגענע העמד און אַוועק מיט דעם.

— פרויען, מײַן איינציק העמד! — האָט היסטעריש זיך צעשריִען די

געליטענע. זי איז צוגעפאַלן צום צוים בעטנדיק רחמים ביַים פאַסטעך, ער זאָל אומקערן דאָס העמד. אים אַפילו צוגעזאָגט אָפּצודאַנקען. מיט וואָס? וואָס קאָן געבן אַ געפאַנגענער מענטש דערצו נאָך אָן אַ העמד אויפן ליַיב?

דער פאַסטעך האָט געפּרוווט אַראָפּנעמען פון די הערנער דאָס שלימזל־דיקע העמד. די קו האָט אָבער פלינק זיך אויסגעדרייט און אַוועקגעלאָפן...

מסתמא האָט דער פאַסטעך וואָס איז גליַיכגילטיק אַוועק נאָך דער טשערעדע, זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז ער לאָזט איבער אַ מענטש אָן אַ העמד אויפן ליַיב. און די אָוונטן זענען שוין קילבלעכע, די נעכט און באַגינענס — קאַלטע. אַ מענטש אָן אַ וואַרעמען מלבוש בליַיבט איצט נאָך אָן אַ העמד, אָן דעם העמד וואָס איז אים אַרויסגעגעבן געוואָרן אויפן „גאַנצן לעבן"...

## טיף איַינגעוואָרצלט

כאָטש ס'איז שוין סוף זומער, באַקט די זון אָן רחמנות. פון דער חמימה איז דער אַספאַלט אַזש ווייך ווי טייג. אויף אונדזערע שיך — פּודן אָנגע־קלעפּטע ליים. שווער צו הייבן די פיס נאָך אַ טאָג קאַטאָרגע אין די ליימיקע טראַנשייען, וואָס מיר גראָבן. מיר קערן זיך אום אין לאַגער — הונגעריקע, אויסגעשעפּטע, פאַרצווייפלטע. און דער קרעמאַטאָריע־קוימען רייכערט...

אָנגעקומען אין לאַגער, אויסגעזופּט די „אָוונט־קאַווע", צעשיטן מיר זיך איבערן שטח, צעזעצן זיך אין שאָטן פון די הילצערנע באַראַקלעך ווו מיר נעכטיקן. ביז מען לאָזט אַזוי זיצן, בליַיבן מיר אין דרויסן.

ביַי איינעם אַ באַראַקל האָט זיך געהאַט איַינגעמאַסטעט אַ געוועזענע מאָלערין און אויף אַ געפונען שטיקל קאַרטאָן עפּעס געצייכנט מיט אַ ברעקל קויל. דער מאָלערין האָבן „פּאָזירט" צוויי ליבלעך צוגעטוליעטע ייִדישע מיידלעך, און זי האָט געלעבט אין דער צייכענונג, וואָס איר האַנט האָט געבוירן.

ערשט, ווי פון אונטער דער ערד איז דערנעבן אויסגעוואַקסן אונדזער אויפזעער, אַ ראַטענפירער פון עסעס, אַ בלוטדאָרשטיקער גזלן וואָס ווייסט נאָר שלאָגן, פּיַיניקן אָדער שיקן אין קרעמאַטאָריע. ער איז אַ רגע געשטאַנען, באַקוקט דאָס געמעל, די איבערגעשראָקענע „מאָדעלן".

— אָך, גאָט, ווי טיף דאָס לעבן זיצט! — האָט ער אַ וואָרטשע געטאָן און אָפּגעטראָגן זיך, קיינעם ניט שלאָגנדיק, ניט שטראָפנדיק.

מיר זענען געבליבן אָן לשון. זיַינע ווערטער און די ניט כאַראַקטעריסטישע פאַר אים רעאַקציע האָט געקאָנט דערשטוינען. דאַכט זיך, געמאַכט אונדז

פּאַר אויס מענטשן — דערנידעריקט, צעבראָכן, צעטראָטן — און ס׳העלפט ניט! צוויי יונגע פּנימער — שיינע, לעבנסדאָרשטיקע, מיט האָפענונג־פלעמלעך אין די אויגן — האָבן אָראָפּגעקוקט פון דער צייכענונג, וואָס אַ מענטש האָט געשאַפן אין שאָטן פון קרעמאַטאָריע־רויכן.

טיף איַינגעוואָרצלט איז דאָס מענטשלעכע...

## די עסעס־פּאַרב

ס׳איז טיפער האַרבסט. מיר גראָבן נאָך אַלץ טראַנשייען לעבן עפּעס אַ שאָסיי. און אַז די טראַנשייען וועלן פאַרטיק ווערן, וואָס וועט זיַין?

— מען וועט אונדז דערוויַילע ניט שיסן. מיר זענען זיי נייטיק, טרייסטן זיך אַנדערע. — הינטער אונדזערע פּלייצעס באַהאַלטן זיך די עסעסניקעס פון גיין צום פראָנט.

און דער רעגן גיסט, פּליוכעט. מיר זענען פּיטש־נאַס, אויף דורך און דורך פאַרפרוירן. רוקן מיר זיך צונויף אין אַ ווינקל פון דער טראַנשיי און זוכן דאָרטן אַ שטיקל שוץ פון די וואַסערשטראָמען, וואָס דער פאַרכמאַרעטער הימל הערט ניט אויף צו גיסן. מיר שאַרן זיך צונויף און טראַכטן: „ווען ס׳איז באַשערט צו פאַלן פון אַ קויל און ווען — אונטערגעקאָסיעט צו ווערן פון דעם אומוועטער״.

מיט אַ מאָל האָבן די עסעסניקעס געבראַכט צו שלעפּן און אונדז צוגע־וואָרפן עטלעכע אָפּגעטראָגענע שוואַרצע שינעלן. הייסט עס, אַז מיר זענען זיי טאָקע נייטיק, די וואַכליַיט...

זייערע שוואַרצע שינעלן, אַרויפגעוואָרפענע איבער אונדזערע קעפּ... אַ שטיקל שוץ פון עם ווינט און דעם רעגן האָט עס געקאָנט זיַין. און מיר האָבן מיט עקל צוריקגעשליַידערט די דאָזיקע חסד־גאָב. בעסער קראַנק ווערן, בעסער אומקומען, איידער...

איינער פון די דיַיטשן האָט געפּרוווט טרעפן פאַר וואָס מיר טוען עס, און גאַליק אַ זאָג געטאָן:

— שוואַרץ, וואָס? ס׳געפעלט איַיך ניט די עסעס־פאַרב?

## די ווערט פון אַ נאָדל

וויפל איז ווערט אַ קליין שטיקל פאַרהאַרטעוועט שטאָלדראָט מיט אַ שאַרפן שפּיץ אויף איין ברעג און מיט אַ לעכעלע אויפן אַנדערן? אָבער

אין לאַגער? עס צעפאַלן זיך אויף דיר די טראַנטעס. דו מוזט זיי ווי ניט ווי צוזאַמענשטשאַבען, אויב דו ווילסט אויפהאַלטן דײַן לעבן. ווי וועסטו דאָס אָבער טאָן אָן נאָדל־פאָדעם?

אַ קבצן גיט זיך אַן עצה, זאָגט מען. ניטאָ קיין באַוול, דריוולט מען אויס אַ פאָדעם פונעם מלבוש. אָבער דאָס קליינע שטיקל שטאָלענע דראָט מיטן לעכעלע, ווו נעמט מען אַ נאָדל?

בײַ איינער אַ פרוי האָט זיך אָפּגעזוכט אַ נאָדל. שוין לאַנג האָט דער שטאָל פאַרלוירן זײַן גלאַנץ. די נאָדל איז באַדעקט מיט זשאַווער. מיר שלאָפן דאָך אין ניט קיין באַהייצטע דיקטענע בײַדלעך אויפן אָפענעם פעלד, ווו פון דער נעץ שימלען די קליידער.

אַ פאַרזשאַווערטע נאָדל, אָבער פאָרט אַ נאָדל! אין אַ פרײַער רגע גייט זי פון האַנט צו האַנט. מען פאַרריכט די מלבושים, די אַנטעטשעס, וואָס פאַר־בײַטן אונדז זאָקן.

די אייגנטימערין פון דער נאָדל היט זי ווי דעם גרעסטן אוצר. פאַר געבן באַנוצן זיך מיט איר פאָלט דאָך צו דער פרוי אַ צוגאָבלעכער ביסן ברויט, אַ לעפל זופּ.

דאַרף פּאַסירן, אַז איינע פון אונדזערע פרויען האָט פאַרלוירן די אַנ־טלױענע נאָדל. זי האָט געזוכט, אַלע האָבן געהאָלפן זוכן, זיך אַרויסגעשלאָגן פון די כּוחות זוכנדיק, און אומזיסט. צענדליקער, צענדליקער אָפּגעריסענע לאַגערניצעס זענען געבליבן אָן אַ נאָדל!

די נאָדל־אייגנטימערין האָט נאָך אַלץ ניט באַנומען, וואָס איר האָט גע־טראָפן, אַזוי פריטשמעליעט איז זי געווען. זי האָט בלויז געציטערט פון אויפרעגונג און געמורמלט:

— מײַן שפּײַזערין, די נאָדל. אַזאַ רײַכקייט, אַזאַ רײַכקייט...

די שולדיקע האָט געבראָכן מיט די הענט — וואָס זאָל זי טאָן, וואָס זאָל זי טאָן? און זיך גענומען פאַרענטפערן:

— זײַט מוחל! אויף נאמנות, כ'האָב ניט געוואָלט... נאָך דער מלחמה, אַז מירן, אם־ירצה־השם, באַפרײַט ווערן, גיב איך אײַך אָפּ אַ גאַנץ פּעקעלע נאָדלען.

אַ רגע זיך אָנגעקוקט, זענען ביידע פרויען אַרויפגעפאַלן איינע דער צווייטער אויפן האַלדז און זיך צעיאָמערט.

## זײַן פֿאַרגעניגן

מען קאָן ניט זאָגן, אַז מיר האָבן ניט געהאַט קיין פּיצל מענטשלעכע פֿרייד אין לאַגער. מיר האָבן געלעבט מיט די זכרונות פֿון אַמאָל, בשתּיקה געזונגען, הגם דאָס איז געווען פֿאַרבאָטן. גערעדט וועגן אַ מאָל געלייענטע ביכער, זיך געלערנט רעדן רוסיש, ענגליש... אַ שיינער וועטער, אַ געדיכטע זופּ, וויַטע באַמבע־אויפֿרײַסן — האָבן פֿאַרשאַפֿט גוטע געפֿילן.

אויך אונדזער שטענדיק שוויַגעוודיקער שפּײַז־פֿאַרטיילער, דער פֿלעג־מאַטיש־גלײַכגילטיקער עסעסניק האָט זיך געהאַט זײַן פֿאַרגעניגן: זונטיק נאָך מיטאָג, אויסגעפּוצט אין זײַן פֿאַראַדנער אוניפֿאָרם, פֿלעגט ער זיך אַוועקזעצן אויף דער באַנק פֿאַרן קיכבאַראַק מיט עטלעכע לעבלעך ברויט לעבן זיך און וואַרטן, עס זאָלן זיך צונויפֿקלײַבן לאַגערפֿרויען. אַ וואָרף געטאָן דאָס ברויט די לאַגערניצעס, פֿלעגט ער צוקוקן ווי זיי פֿאַלן עס נעמען, און אָפּלאָזן זײַן הונט — צו באַרויקן די שטרײַטנדיקע...

דאָס פֿלעגט זיך איבערחזרן יעדן זונטיק.

ניט איין מאָל האָבן מיר זיך געהאַט פֿאַרגעוואָרפֿן, למאַי מיר דערני־דעריקן זיך און פֿאַרוויַלן דעם סאַדיסט. די עלטערע פֿון צווישן אונדז האָבן לסוף „פֿאַרשטרײַקט" — אויפֿגעהערט שפּילן פֿאַרן גזלן אויף דער גלאַדיאַ־טאָרן־אַרענע און גערופֿן מאַכן אַ סוף, ניט אָננעמען מער זײַן „פֿילאַנטראָפּיש" ברויט.

ניט אַלע האָבן געפֿאָלגט. די איינע האָבן געהאַלטן אַז דאָס ברויט איז אונדזערס. ס׳איז אַראָפּגעגנבעט אין משך פֿון דער וואָך פֿון אונדזערע פּאָרציעס. דאַרפֿן מיר, זענען גאָר מחויב עס צוצונעמען. אַנדערע האָבן זיך פֿאַרענטפֿערט, אַז אַ דאַנק דעם שטיקל צוגאָבלעך ברויט האַלטן זיי אונטער די צאַנקנדיקע כּוחות. אַ יונג מיידל האָט דערקלערט, אַז דאָס ברויט דאַרף זי נייטיק פֿאַר איר אָפּגעשוואַכטער קראַנקער מוטער.

מיר האָבן זיך ניט געגריבלט, ניט געפּרוווט פֿעסטשטעלן, ווער ס׳איז גערעכט. נאָר געדאַנקט האָבן מיר דעם כביכול, וואָס דער דײַטש פֿאַרוויַלט זיך בלויז איין מאָל אַ וואָך, זונטיק.

## ניט איַנגעבראָכן

דער ווינטער האָט זיך אָנגערוקט. ס׳איז קאַלט געוואָרן, אַ שניי איז געפֿאַלן. האָבן מיר פֿון אַ גרויסער בלעכענער פּושקע זיך געמאַכט אַ שטיקל אייוועלע, צו קאָנען אָנוואַרעמען אַ קאָפּ דאָס בײַדל ווו מיר נעכטיקן. דאַרף

פאַסירן, אַז אַן עלטערע פרוי האָט אין אַ קאָנסערוון־פּושקע צוגעשטעלט אויפן אייוועלע אָפּקאָכן קרויטבלעטער און אַליין אָפּגעגאַנגען אין אַ זײַט. בײַם אייוועלע האָט זיך געוואָרעמט אַ צווייטע פרוי, אַ געוועזענע אָפּערע־זינגערין. עפּנט צום שלימזל דער ראַפּאָרט־פירער די טיר און דערזעט, אַז מען קאָכט עפּעס אינעם בײַדל. מאַכט ער ניט קיין שהיות און פאַרשרײַבט דעם נומער פון דער פרוי, וועלכע ער האָט געכאַפּט שטיין בײַם אייוועלע. אומזיסט האָט זי געטענהט, אַז ניט זי קאָכט עס. דער נומער וואָס אויף איר בגד, איז שוין געווען פאַרשריבן.

אַוועק איין טאָג, אַ צווייטער. מיר האָבן שוין געהאָפט, אַז די געשיכטע מיטן געקעכץ איז פאַרגעסן געוואָרן. אָבער אויפן דריטן טאָג נאָכן אומקערן זיך פון דער אַרבעט, האָט מען אַלעמען פאַרזאַמלט אויפן פּלאַץ אין מיטן לאַגער. מען האָט אויסגערופן דעם נומער פון דער „שולדיקער״. איצט האָט זי זיך ניט פאַרטיידיקט, און דער לאַגער־קאָמענדאַנט אַליין האָט מקיים געווען די מיצווה פון אַרײַנצייילן איר פינף און צוואַנציק שמיץ.

גומענע פלעקלעך, אָנגעפילטע מיט בלײַ, האָבן געדראָשן איר לײַב, און די געשמיסענע האָט קיין פּיפּס ניט געטאָן. פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן.

מיר האָבן דעם אָוונט אונדזער ברויט־פּאָרציע ניט גענומען. הונגעריקע, צעבראָכענע אַרײַנגעקראָכן אין די בײַדלעך, אײַנגעגראָבן זיך אינעם שטרוי און געוויינט, געוויינט אַ גאַנצע נאַכט.

אין דער פרי האָט די געשמיסענע געבעטן, מען זאָל איר העלפן אויפֿשטיין צום „אַפּעל״ — זאָלן די שמײַסערס ניט מיינען, אַז מען האָט זי אײַנגעבראָכן.

דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט אַליין קאָנטראָלירט, צי די באַשטראָפטע איז אַרויס צו דער אַרבעט. אָנגעקוקט זי מיט חוזק, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— איצט קאָנסטו זינגען די אַריע פון דער אָפּערע „דער געשמיסענער הינטן״.

ער האָט פאַרגעדענקט, דער אויסוואָרף, אַז בעת איינער אַן אינספּעקציע האָט ער געטראָפן די דאָזיקע פרוי זינגען און זיך דערוווּסט, ווער זי איז.

מיר האָבן די געשמיסענע דערפירט ביז צו די טראַנשייען, זי אײַנגעאָרדנט אין אַ געשיצטע ווינקל און יעדערע צו ביסלעך אויסגעדלובעט אין דער געפרוירענער ערד אויך איר „אַרבעטס־נאָרמע״. זי זאָל ניט פרירן, האָבן מיר מאַסאַזשירט איר די הענט און פיס, דאָס פּנים. אויך מיר האָבן געוואָלט דערווײַזן אונדזערע פּײַניקער, אַז מענטשן קאָן מען ניט אײַנברעכן.

— אַ גליק, וואָס געשמיסן האָט ער מיך. די אַלטע וואָלט ניט אויסגע־

האַלטן, — האָט בײַלנדיק די פויסטן געזאָגט די צעקאַטעוועטע שיינע, שטאַלטנע און שטאָלצע פּרוי.

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט מען געביטן דעם לאַגער־קאָמענדאַנט.

באַלד דערנאָך האָבן מיר אין איינעם אַ באַגינען אומזיסט געוועקט די געוועזענע אָפּערע־זינגערין. איצט, ווען דער וואָס האָט געשמיסן, איז שוין ניט געווען, האָט זי, ווײַזט אויס, געהאַלטן אַז זי מוז ניט אומבאַדינגט אויפשטיין. איז זי געבליבן ווײַטער שלאָפן. אויף אייביק.

## דער שפּור פון דרײַ זין

ס׳אַ ספק, צי פאַליע פורמאַנסקי איז געבליבן לעבן. זי איז דאָך לעצטנס געווען אַ באַרוועסע. און אַ באָרוועסע לאַגערפרוי האָט ניט געקאָנט לעבן בלײַבן. און ווײַל איך ווייס, אַז איר איז שוין ניט באַשערט אַליין צו דערציילן איר געשיכטע, וועל איך, איר נאָענטסטע חברטע, עס פּרווון טאָן. זאָל כאָטש איין איבערלעבעניש פון אירע לעצטע טעג בלײַבן אין דער געדעכעניש פון מענטשן.

ווי נאָר מיר זענען אָנגעקומען אין לאַגער, האָט מען אונדז אָפּגעשוירן די האָר און דורכגעפירט די פּראָצעדור פון אָפּטובלען אין אַ פאַס קאַרבאָל־וואַסער. איינע נאָך דער אַנדערער אין איין און דעם זעלבן וואַסער. און געהייסן האָט עס — „דעזינפעקציע"... דערנאָך האָט מען אונדז אַרויסגעגעבן צו איין צעשמאַטעטע העמד, צו איין אָפּגעטראָגן, שמוציק קליידל, צו איין פּאָר צעטראַמפּלטע שיך: האַלט זיך דערמיט און מער זאָלסטו ניט בעטן!

אויף נאַכטלעגער האָט מען אונדז אַרײַנגעטריבן אין אַ באַראַק מיט צוויי־עטאַזשיקע נאַרעס. פאַליע איז אַרויפגעקראָכן אויפן צווייטן עטאַזש פון איינער אַזאַ נאַרע און זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל.

שלעכט האָט זיך אַלעמען געשלאָפן די ערשטע נאַכט אין נײַעם אָרט, די ערשטע נאַכט אין דער ענגשאַפט פון דעם פאַרעיפושטן לאַגער־באַראַק. ביטערע געדאַנקען האָבן ניט געלאָזט קיין אויג צומאַכן. פאַליע איז קיין אויסנעם ניט געווען. זי האָט זיך געקערט פון איין זײַט אויף דער אַנדערער, דערצו האָט עפּעס אַ ברעטל געסטאַרטשעט אינעם שטרויסעניק, געשניטן די זײַטן, ניט געלאָזט אײַנליגן. אויף קיין באַקוועמלעכקייטן ריכט מען זיך ניט אינעם לאַגער. מען מוז דאָ אָפּקומען. נאָר אַז אַ ברעטל דערקוטשעט, און אַזוי עטלעכע נעכט נאָך אַנאַנד, זוכט מען זיך אַן עצה צו געבן. פאַליע האָט אויפגעריסן דעם סעניק, כּדי פּטור ווערן פונעם ברעטל. אַרויסגעשלעפּט

עס מיט כּעס און באַמערקט אויף דעם אויסגעקריצטע ייִדישע אותיות. צוגעשאַרט זיך צום לעמפּל, איבערגעלייענט און איבערן באַראַק האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן איר האַרצרײַסנדיקער אויסגעשריי:

— מײַנע קינדער! אַלע מײַנע דרײַ זין!

שווער צו גלייבן, אַז אַזוינס קאָן פּאַסירן. מיר זענען אָבער דערבײַ געווען, אַ גאַנצער באַראַק פרויען, און געהערט פּאַליעס אויפגערעגטע ווערטער:

— נאָט, לייענט! אײַנגעקריצט די נעמען פון מײַנע פייגעלעך! עס שטימט! אַפילו יעדערנס געבורטסטאָג שטייט דאָ. אַלע מײַנע זין, די בייני־דעלעך זייערע — אינעם פלאַם־פײַער! און איך ליג אויפן זעלבן אָרט ווו זיי זענען געלעגן, און וויל אײַנשלאָפן. ווײי און ווינד צו דער מאַמען, וואָס וויל אויפן קבר פון אירע דרײַ זין רו געפינען!

פּאַרלוירענע דרײַ זין! הינטערן עלעקטריזירטן שטעכלדראָט, אין נעפּל פון קרעמאַטאָריע־רויכן האָט אַ מוטער זייער לעצטן שפּור געפונען. ביז איצט האָט זי נאָך געהאָפט. איצט פאַרשטייט זי, אַז ניטאָ מער אויף וואָס צו האָפן. מיט קנאַפּע דרײַ יאָר צוריק האָט מען אירע דרײַ זין אַרויסגעשלעפּט פון געטאָ, פאַרשלעפּט, הייסט עס, אַהערצו. מענטשן פאַלן דאָ ווי פליגן, דער קרעמאַטאָריע־אויוון ברענט אָן אויפהער, און מיר האָבן פאַרנומען פרײַ געוואָרענע נאַרעס...

אָן אמתער יום־כּיפּור איז געוואָרן אין באַראַק. פּאַליע האָט געיאָמערט. ווי אַ שליח־ציבור האָט זי העכער פון אַלעמען געקלאָגט אויף איר אומגליק, געשפּאָלטן הימלען. מיר האָבן זי אונטערגעהאַלטן, געוויינט אויף אונדזער אַלעמענס בראָך.

## אַ פרוי אויף אַ שטיין

געטריבן פון שוואַרץ געקליידטע עסעסניקעס און זייערע הינט, האָבן מיר זיך געשלעפּט איבערן פאַרשנייטן וועג. ווער ס'האָט ניט אויסגעהאַלטן און געפאַלן, איז דערשאָסן געוואָרן. דער קאַראַוואַן פון מענטשן־שאָטנס האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך אויפן שניי שוואַרצע שפּורן — פאַרשניטענע לעבנס. אַזוי האָט מען עוואַקוירט אונדזער פרויען־לאַגער, ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט. די ווירקלעכקייט האָט באַשטעטיקט אונדזער באַליבט ווערטל: „די ישועה איז אויף דער נאָז און דער חלף — אויפן האַלדז".

מיר שלעפּן זיך, שלעפּן זיך... און דאָ, אויף אַ גרויסן שטיין וואָס האָט

אַרויסגעסטאַרטשעט פונעם שניי בײַם ראַנד פון וועג, איז אויסגעוואַקסן אַ פרוי, איינע פון אונדזערע פרויען — אין הוילע טראַנטעס און אין גאַנצן באָרוועס. אויסגעוואַקסן הויך איבער אַלעמען, האָט זי פון דער זײַט ווי אַ פאַרגליווערטע געשפּענסט־סטאַטוע, אויפגענומען די דעפּילאַדע פון די מענטשן־שאָטנס, שרייענדיק מיט אַ גרילציק־שאַרפער שטים:

— פאַרשאָלטן זאָלן זיי זײַן און אין בלוט זאָל מען זיי דערטרינקען, די רוצחים, די רוצחים! מײַן קללה זאָל זיי טרעפן און מײַן בראָך זאָל זייער לעבן פּלעטן! איך פאַרשילט זיי אויף אייביק, אייביק! פאַרגעדענקט מיך, איך בין חיה שאַליט, חיה שאַליט!

די עסעסניקעס האָבן איר יִדיש ניט פאַרשטאַנען און געלאָזט זי אומגע־שטערט שרײַען. ס׳האָט זיי פאַרווײַלט די אויסטערלישע סצענע מיט דער, ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט, „פערריקטער אוילע", ס׳הייסט, משוגענער סאָווע. זיי האָבן זי ניט געטריבן מיטצוגיין און ניט דערשאָסן. זי וועט דאָך פון אָרט ניט אַראָפּ, וועט צופרירן צום ניט פאַרשנייטן, אײַזקאַלטן שטיין אויף וועלכן זי האָט, קענטיק, געזוכט רעטונג פאַר אירע באָרוועסע פיס, און דער פראָסט וועט איר נשמה אַרויספּרעסן.

אָבער אָפּגייענדיק אַ רעכטן מהלך האָבן די דײַטשן, ווײַזט אויס, זיך געהאַט באַטראַכט, אַז די פרוי אויפן שטיין קאָן זיך אַ מאָל דערוואַרטן דעם אויסלייז: דער האַרמאַטן־געדונער וואָס קומט פון מיזרח, ווערט אַלץ שטאַר־קער, אַלץ נענטער. האָבן זיי פון דער ווײַטן גענומען זיך פאַרמעסטן אין צילשיסן. זיך אַזוי לאַנג פאַרמאָסטן, ביז די גרויליקע פרוי־סטאַטוע איז אַראָפּגעפאַלן פון איר שטיינערנעם פּאָסטאַמענט.

עד־כאן — דערציילונגען פון פרויען, דעפּאָרטירטע פון קאָוונער געטאָ אין אַרבעטס־לאַגערן אויף דער דעמאָלטיקער טעריטאָריע פון דײַטשלאַנד.

### אַ סאַנאַטאָריע...

מיר זענען געשטאַנען אונטערן רעגן אויפן זאַמלפּלאַץ בײַם געטאָ־טויער און געוואַרט, מען זאָל קומען אונדז נעמען צו דער אַרבעט. דורכגעווייקטע, דורכגעקעלטערטע, איז אונדז פאַרגעשטאַנען אַ לאַנגער טאָג פון שווערער אַרבעט אונטערן פרײַען הימל.

געקומען זענען דאָס מאָל נאָך אונדז נײַע קאָנוואָירן. וועלן זיי ניט זײַן אַכזריותדיק? וועלן זיי לאָזן איבערכאַפּן דעם אָטעם? וועלן זיי ניט שטערן

„מאַכן אַ פּעקל", ס'הייסט, איינשאַפן זיך אין שטאָט אַ ביסל שפּייז?

צי עמעצער האָט זיך געהאַט באַקלאָגט פאַר אַ נייעם וואַכמאַן אויף אונדזער וויסטער לאַגע, צי דער וואַכמאַן אַליין האָט אָנגעהויבן. אַלנפאַלס, ער האָט געלאָזט פאַלן אַזאַ פּראַזע:

— ביי אייך דאָ, די געטאָ איז אַ סאַנאַטאָריע אין פאַרגלייך מיט די ערטער פון וואַנען מיר קומען...

ווי אונדזער „סאַנאַטאָריע" זעט אויס, האָבן מיר שוין גוט געוווּסט. אַז די נייע קאָנוואָירן קומען פון קאָנצלאַגערן אין פּוילן און דייטשלאַנד, האָבן מיר זיך אויך באַלד דערוווּסט. ניט געוווּסט האָבן מיר דערווייַלע, וואָס דאָרטן טוט זיך. און זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז אין גיכן וועט אַ גרויסער טייל פון אונדז אַהין פאַרשלעפּט ווערן.

זאָל מיר דערלויבט ווערן דאָ וויַיטער איבערצודערציילן אַ צאָל עפּיזאָדן, אַ טראָפּן פון דעם וואָס די יידן פון קאָוונער געטאָ האָבן דאָרטן איבער־געלעבט. געוויס, אויך אינעם דאָזיקן טראָפּן שפּיגלט זיך אָפּ דער ים.

## אָפּגעהאַקטע הענט

ממש ווי אַ הייליקע עבודה פלעגן די עסעסניקעס דורכפירן דעם „אַפּעל" — דאָס אויסמושטירן זיך און דאָס ציילן די לאַגער־אַסירים באַגינען בייַם אויפשטיין און פון אָוונט פאַרן צעגיין זיך אין די באַראַקן אויף נאַכטלעגער. די טראַדיציאָנעלע קאָמאַנדעס „מיצען אַב!" (אויסטאָן די היטלען) און „מיצען אויף!" (אָנטאָן די היטלען) האָבן די לאַגערניקעס געדאַרפט אויספילן בליץ־שנעל און אַלע ווי איין מענטש. די „אַפּעלן" פלעגן זיך פאַרציִען שעהען, ביז אַלץ פלעגט זיך באַקומען לויטן געשמאַק פון די באַפעלגעבער. ס'האָט אויסגעזען, אַז די „אַפּעלן" זענען געוואָרן אַ ציל פאַר זיך, ווי צוליב זיי זענען בכלל די לאַגערן געשאַפן געוואָרן.

אין דער פרי זענען מחויב געווען אויסצושטעלן זיך אויפן אַפּעלפּלאַץ אַלע אָן אויסנעם — די לעבעדיקע און די געשטאָרבענע במשך פון דער נאַכט. יאָ, אַפילו די טויטע! אויך זיי האָבן געדאַרפט אָנטיילנעמען אין דער צע־רעמאָניע. עס האָבן געמעגט פאַרגיין שעהען, די אויסגעמאַטערטע מענטשן האָבן געמעגט דורכגעווייקט ווערן ביזן ביין אונטערן רעגן, פאַרגליווערט ווערן פון קעלט, חלשן אָדער גאָר פאַלן טויט אויף אָן אָרט — קיינעם האָט עס ניט געקימערט. די צאָל קעפּ וואָס איז אַריין און אַרויס פון די באַראַקן, האָט געמוזט שטימען!

אַ מאַטערניש איז געווען מיט די געשטאָרבענע בײַ נאַכט... צוויי קוים לעבעדיקע סקעלעטן האָלטן אונטער די אָרעמס אַ מת און קאָנען ניט ווי געהעריק אויסטאָן און אָנטאָן די היטלען. די מתים שטערן דער קאָלאָנע פוס־אײַן־פוס צומאַרשירן צום טויער, ווו די געשטאָרבענע ווערן צונויפ־געוואָרפן אין אַ קופּע.

איז עמעצן פון די לאַגער־שררות אײַנגעפאַלן: צו וואָס שלעפּן צום „אַפּעל" די טויטע? ס'איז דאָך פיל ראַציאָנעלער אָפּהאַקן זיי די לינקע הענט מיט די אײַנגעטאַטוירטע נומערן און ברענגען צום קאָנטראָל!

אַזוי איז טאַקע געבליבן. אויפן טישל פונעם „לאַגער־שרײַבער" פלעגט יעדן פרימאָרגן אויסוואַקסן אַ בערגל נאַקעטע, ביזן עלנבויגן אָפּגעהאַקטע הענט. אויפמערקזאַם איבערגעלייענט יעדן האַנטנומער, פלעגט דער „שרײַ־בער" אים אויסמעקן פון דער ליסטע, און די האַנט, שוין אַן אומנייטיקער חפץ, פלעגט אַרײַנפליִען אין אַ מיסטוועגל, וואָס האָט געהאַט איין מאַרשרוט — צו די אויוונס פונעם קרעמאַטאָריע.

## גאָלד

די פירערס פונעם לאַגער זענען שוין לאַנג ניט געווען אַזוי צעקאָכט: ווו איז עס געהערט געוואָרן! אַזוינע שלעפּערס! אַזאַ אָרעמען טראַנספּאָרט האָבן זיי נאָך ניט געהאַט! קיין איין גאָלדן רינגעלע, קיין איין גאָלדענע מינץ! אַפילו אַ זייגערל איז בײַ קיינעם ניט געווען בנמצא. ניט אַנדערש, זענען די עסעסניקעס געקומען צום אויספיר, ניט אַנדערש, אַז די נײַ־אָנגעקומענע האָבן, דערהערנדיק דעם באַפעל אָפּצוגעבן דאָס צירונג און אַלע ווערטזאַכן, באַוויזן אַלץ באַצײַטנס אַראָפּצושלינגען. בלײַבט איין אויסוועג: אויסשווענקען זיי די געדערעם און אַזוי אַרום אַרויסבאַקומען דאָס גוטס, וואָס ווערט אויסבאַהאַלטן.

קיין ריצנאייל, ביטערזאַלץ צי אַנדערע אַפּפיר־מיטלען האָט מען צוליב דעם ניט געדאַרפט באַזאָרגן. אונטער דער האַנט איז געווען אַ מער עפעק־טיוו, דערצו אומזיסט מיטל — דאָס וואַסער פונעם לאַגער־ברונעם. אין אים האָט עס געשוויבלט און געגריבלט מיט באַקטעריעס, וואָס האָבן געווירקט שטאַרקער פאַר דער שטאַרקסטער מעדיצין. ניט אומזיסט פלעגן די „אַלטע" לאַגערניקעס אָפּגעבן אַ העלפט פון זייער נעבעכדיקער פאַרציע ברויט פאַר אַ קווערטל געקאָכט וואַסער.

די נײַ־אָנגעקומענע האָבן, פאַרשטייט זיך, דערפון ניט געוווּסט. מען

האָט דערלויבט אָנצוטרינקען זיך, זענען זיי — דאָרשטיקע, פאַרשמאַכטע — צוגעפאַלן צום ברונעם. ניט געפילט דעם עקלדיקן טעם פונעם וואַסער.

שוין דעם זעלבן טאָג האָבן זיי זיך געקאָרטשעט פון ווייען — די דיזענטעריע־באַצילן ווירקן תיכּף. און ס'זענען געוואַקסן די שערענגעס ביי די אָפּטרעטן.

אויף מאָרגן האָבן די לאַגער־שׂררות אָפּגעקליבן פונעם נייעם טראַנספּאָרט דריי מענער — ניט פון די יינגסטע, ניט פון די עלטסטע — מיטליעריקע, סאָלידע, לויטן אויסזען קרעפטיקע און געהאָרכיקע. באַפוילן זיי אויסטאָן זיך, אַראָפּקריכן אין דער אָפּטרעטגרוב און אויסגעפינען יענע ווערטזאַכן, וואָס די מענטשן פון זייער טראַנספּאָרט האָבן געהאַט די העזה אויסצובאַהאַלטן אין זייערע בייכער מיטן ציל צו באַרויבן דאָס דריטע רייך. אַראָפּקריכן און זיך ניט דערוועגן אַרויפצוקומען, ביז די שיסלען, וואָס מען האָט זיי געגעבן, וועלן ניט פול זיין מיט גאָלדמינצן און צירונג.

די איבעריקע ניי־אָנגעקומענע, געפּייניקטע פון שרעקלעכע קראַמפּן, האָבן געמוזט צוקוקן, ווי די דריי מענער וועלן צוריקקערן דער דייטשישער מאַכט, וואָס איר קומט. זענען אַלע געשטאַנען אין שרעק און ציטערניש. זיי האָבן דאָך געוווּסט, אַז געקומען איז מען פון אַלץ באַראַבעוועט. נאָר אפשר, אפשר וועלן די מענער עפּעס יאָ געפינען און אוסקויפן דעם חטא פון זייער אָרעם זיין. עמעצער פון די אַלטע לאַגערניקעס האָט זיי געטרייסט, אַז אין דער אָפּטרעטגרוב קאָן מען טאַקע געפינען טייערע חפצים. אַ פריערדיקער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען ניט אַזוי אָרומגעשונדן, און זייענע מענטשן, דערזעענדיק אַז מען נעמט אַלץ צו, האָבן באַוויזן אַריינצוואַרפן אין די אָפּטרעטן זייערע ביז דעמאָלט אויסגעהיטע ווערטזאַכן. נאָר אַ זוך טאָן, קאָן מען געפינען. דאַרף מען האָפן...

אויך די עסעסניקעס האָבן ניט פאַרלוירן די האָפענונג און ניט צוגעלאָזט דעם געדאַנק, אַז די נייע שלעפּערס זאָלן אַלץ האָבן אָפּגעגעבן אַנדערע, און זיי, די אָרטיקע לאַגערטוערס, וועמען ס'וועט אויסקומען צו עסקן מיט די דאָזיקע לומפּן ביז צום ליקווידירן זיי, וועט קיין זאַך ניט צופאַלן.

לאַנג האָבן זיך פאַרהאַלטן די מענער אין דער אָפּטרעטגרוב. די דייטשן איז נימאס געוואָרן צו וואַרטן. האָבן זיי זיך צעהאָלדערט:

— איר זענט דאָרט איינגעשלאָפן, וואָס? געפעלט אייך די לופט דאָרט, צי וואָס? אַרויס מיט די קאָסטבאַרקייטן!

די דריי מענער זענען געווען געהאָרכיק: אַרויסגעקראָכן ביז אין העלפט אָפּגעטונקענע אין שמוץ, און אויסגעשטרעקט די דייטשן שיסלען מיט צואה...

דאָס איז געווען אַן אומגעהערטע חוצפּה. האָט מען די דרײַ ייִדן ניט דערשאָסן, נאָר מיט שטעקענער פּאַרקאַטעוועט אויף טויט.

## "WERTERFASSUNG"

אויסשטשירענדיק זײַנע גרויסע ציין, האָט דער ראַטענפּירער אָטאָ עטלעכע מאָל געזאָגט צו די לאַגערניקעס:

— איר וועט לעבן, לעבן!

האָט ער געחוזקט? ניט שוין זשע האָט ער אַ גרונט עס צו זאָגן? ניט שוין זשע וויל ער טרייסטן, צוגעבן מוט די ייִדן, זיי זאָלן זיך האַלטן? ווער קאָן אים גלייבן, דעם הויכן, אָפּגעפּרעסענעם שלעגער וועלכן דער עולם האָט געקרוינט מיטן צונאָמען „באָקסער". אָפּט פלעגט געגוג זײַן זײַנער אַ זעץ מיט דער פויסט אין האַרץ אָדער אין קין, דער געטראָפענער זאָל בלײַבן ליגן אַן חיות. און איצט זאָגט דער זעלבער „באָקסער": „איר וועט לעבן!" אויב אַזוי, דאַרף ער אויפהערן זיך באָקסן, די לאַגער־בעלי־בתּים דאַרפן מילדערן דעם רעזשים און כאָטש אַ ביסל פאַרבעסערן די באַשפּײַזונג, דאַרפן אַזוי ניט מאַטערן אויף דער אַרבעט און שאַפן אין די באַראַקן די עלעמענטאַרסטע לעבנס־באַדינגונגען פאַר מענטשן.

אין לאַגער האָט אָבער קיין זאַך זיך ניט געענדערט. מען איז אויס־געשעפּט געפאַלן אויף דער אַרבעט, מען איז אויסגעגאַנגען אויף די נאַרעס, און דער קרעמאַטאָריע־קוימען האָט זיך געררייכערט... בלויז אָטאָ האָט אויפ־געהערט טרענירן זײַנע פויסטן און קיינעם ניט געבאָקסט. אגב, עפּעס ניט וויכטיקס איז יאָ געשען: מ'האָט אויפגעהערט שערן אויף גלאַט די אַסירים.

האָט דער עולם מיט פרייד איבערגערעדט:

— מען וועט אונדז לאָזן טראָגן „פריטשאָסקעס". מירן אויסזען ווי מענטשן. אפשר לאָזט מען טאָקע לעבן?

איין מאָל, דערקלערנדיק אַז מירן שוין לעבן, האָט אָטאָ דערגעבן:

— איצט וועלן זאַגאַר אײַערע האָר ברענגען נוצן גרויס־דײַטשלאַנד. איר פאַרשטייט, ס'איז „ווערט־ערפאַסונג"!

דער דאָזיקער באַגריף איז די לאַגערניקעס שוין געווען באַקאַנט. וואָרט־לעך באַטײַט עס: ווערטן־אויפזאַמלונג, און אין דער היטלעריסטישער טער־מינאָלאָגיע — פולשטענדיק אַרומשינדן דעם מענטש. לכתחילה — אויס־קוועטשן דאָס לעצטע ביסל חיות אויף דער צוואַנגאַרבעט; און נאָכן טויט — באַראַבעווען די בר־מינגנס, אויסרײַסן זייערע גאָלדענע ציין, כּדי צו פאַרפולן

דעם פאַראַרעמטן גאַלדפּאַנד פון דער דײַטשישער אימפּעריע; פאַרטאָן אין דער זייף־פּראָדוקציע דאָס מענטשלעכע פעטס, אויב אַזאַ איז אויף די מתים נאָך פאַראַן; איבעראַרבעטן די מענטשלעכעביינער אויף באַמיסטיקונג־שטאָפן פאַר דער לאַנדווירטשאַפט... איצט ווערן אויך די האָר אַ הכנסה־קוואַל.

מען האָט אויפגעהערט שערן די אַסירים. בלויז איבערן מיטן קאָפּ — פון שטערן ביזן נאַקן — האָט דער לאַגער־פאַריקמאַכער מיט דער שער־מאַשינקע דורכגעפירט אַ שמאָלע סטעשקע אין די האָר. יעדע וואָך באַנײַט זי — קענטלעך געמאַכט די מענטשן, זיי זאָלן ניט טראַכטן וועגן אַנטלויפן.

די דאָזיקע נײַע דעטאַל אין דער „נײַער אָרדענונג" האָט מען אָנגערופן לכּבוד דעם שעפער פון אָט דער „אָרדענונג" — „היטלערשטעג".

אָטאָ האָט אַרומגעשמײַעט אַרום זײַנע אַסירים, געפּאַכעט מיט די לאַנגע, אָן אַרבעט געבליבענע הענט און שיִער ניט געפּלאַצט פון פאַרדראָס:

— אַלץ די אינסטרוקציע... זעסט, וואָס דאָ טוט זיך! מענטשלעכע האָר איז אויך אַן אַרטיקל.

אַן אַנדערש מאָל האָט ער אַליין זיך ווי געטרייסט, דערקלערנדיק די ייִדן דעם טיפן זין פון דער „האָר־אינסטרוקציע":

— אײַערע שאָפענע קעפּ קאָנען ניט באַגרײַפן, וואָסערע וווּנדערלעכע זאַכן מען מאַכט פון מענטשישע האָר. קאָנאַטן פאַר אונטערוואַסער־שיפן — איינס, שטעקשיך פאַר זייערע מאַנשאַפטן — צוויי, מאַטראַצן — דרײַ, ספּע־ציעלן פילץ — פיר, ספּעציעלע זאָקן — פינף... און נאָך און נאָך... זעט איר, אונדזער אײַנפאַלערישקייט, דײַטשישע קלוגשאַפט! ווי שעפסן זענט איר בײַ אונדז...

די הענט האָבן זיך אָבער פאַרט געביסן דעם ראַטענפירער אָטאָ. אַזוי פיל מינערווערטיקע באַשעפענישן האַלטן זיך קוים אויף די פיס און בעטן זיך, מען זאָל זיי דערלאַנגען דעם לעצטן זעץ אין קין אָדער אונטערן לעפּעלע, און דאָ — שאַנעווע זיי! שאַנעווען? אַזאַ אַנווײַזונג איז, אייגנטלעך, ניטאָ, אָבער די אינסטרוקציע וועגן ניט שערן זיי... אַלץ די „ווערט־ערפאַסונג", צום דאָננערוועטער!

### דער אַנטלאָפענער

אַז ס'איז פאַרשוווּנדן דאָס שוואַרצחנעוודיקע, שטענדיק שווײַגעוודיקע, ווי אַ שפּאָן אויסגעטריקנטע יאַטל מיט די גרויסע קאַרשן־אויגן, האָט מען זיך געכאַפּט ערשט פאַרן סוף פונעם אַרבעטסטאָג.

עס פעלט אַ מענטש! איז געוואָרן יענע בהלה.

אין לאַגער מעג מען, מען איז אַפילו מחויב צו שטאַרבן פון הונגער, פון אומדערטרעגלעכער האַרעוואַניע. פאַרן לאַגער איז פון „העכער״ פעסט־געשטעלט אַ טעגלעכע „טויטן־נאָרמע״. דעריבער ווערן די לאַגער־מושלים ניט האָבן דערקעגן, זאָלסט אויסהויכן די נשמה אונטער אַן אַרויפגעוואַלגערטן אויף דיר באַרג שטיינער אָדער זאָלסט צעקוועטשט ווערן צווישן צוויי זיך צונויפשטויסנדיקע, פול אָנגעלאָדענע וואַגאָנעטקעס. ס׳איז געווען „נאָרמאַל״, אויב אַן אויסגעשעפּטער מענטש שלאָפט איַין אין באַראַק אויף דער נאַרע זיַין אייביקן שלאָף אָדער שטייט ניט אויף נאָך דעם, ווי ער קריגט זיַין פּאַרציע שמיץ. נאָר פון העלער הויט נעלם ווערן — איז שטרענג, זייער שטרענג פאַרווערט.

ווען ס׳איז פאַרשוווּנדן דאָס יאַטל, איז די גאַנצע באַוואַכונג אַלאַרמירט געוואָרן. אַ דאַנק אירע פּירפיסיקע געהילפן האָט זי אַן שוועריקייט אויפ־געזוכט דעם פאַרשוווּנדענעם. מען האָט אים געפונען אַן אויסגעצויגענעם אויפן גראָז פון אַ לאָנקע אינעם דערבײַיִקן וועלדל. אין שיַין פון דער מילדער אָונטיקער זון האָט ער געכאַפּט אַ דרעמל, ניט האָבנדיק קיין אַנונג וואָס פאַר אַ טומל זיַין פאַרשווינדן האָט אַרויסגערופן.

— איך קאָן ניט זען, ווי מען שלאָגט, — האָט זיך פאַרענטפערט דאָס יאַטל זשמורענדיק די אויגן, און צונויפגעקאָרטשעט זיך.

— ער איז פון זינען אַראָפּ, — האָט געפסקנט איינער פון די וואַכלײַט.

די שטראָף ווערט אָבער צוליב דעם ניט פאַרגעבן. די שטראָף אין לאַגער גילט ניט אַזוי פאַרן שולדיקן, וועמענס גורל ס׳איז שוין סײַ ווי געחתמעט, ווי פאַר די איבעריקע אַרעסטאַנטן וואָס זענען דערווײַלע מחויב צו לעבן.

— איך קאָן ניט זען ווי מען שלאָגט, — האָט דאָס יאַטל אַלץ געפּרעפּלט.

— און צוזען ווי מען שלאָגט דיך, קאָנסטו? — האָט געפרעגט אַ צווייטער עסעסניק אַנהייבנדיק ממיתן דעם געלאַפּענעם.

דאָס יאַטל איז געפאַלן, צונויפגעדרייט זיך אין אַ קנויל און אַזוי געבליבן ליגן. מען האָט אים געבריקעט, ער זאָל אויפשטיין, געשטויסן מיט ביקסן־קאָלבעס. און ער, ווי ניט אים מיינט מען עס — ווי ער איז געלעגן, אַזוי איז ער געבליבן ליגן.

— אַ משוגענער, — האָבן פעסטגעשטעלט די דײַטשן.

פאַר אַנטלויפן מוז מען שטראָפן עפנטלעך. ווי שטראָפט מען אָבער אַזאַ איינעם וואָס קאָן ניט זען, ווי מען שלאָגט אַנדערע, און בלײַבט אין גאַנצן גלײַכגילטיק בעת מען שלאָגט אים אַליין?

— זאָל ער, אויב אַזוי, אַליין שלאָגן אַנדערע, — האָט פאַרגעלייגט עמעצער פון די וואַכליַיט.

מען האָט דאָס יאַטל ווי ניט איז אַוועקגעשטעלט אויף די פיס, אַריַינגע־שטופּט אים אַ פלאָקן אין האַנט, צוגעפירט צו אים לאַגערמענטשן און באַפוילן שלאָגן זיי. דאָס יאַטל איז געשטאַנען מיט אויפגעריסענע אויגן און ניט פאַרשטאַנען, וואָס מען וויל פון אים. ס׳האָט ניט געהאָלפן דער צוואַג, אַז מען וועט אים אַלץ מוחל זיַין אויב ער וועט שלאָגן.

— ניקס צו מאַכן — אַ וואַנזיניקער, — האָבן ענדגילטיק באַשלאָסן די דיַיטשן און זיך מישב געווען, וואָס וויַיטער צו טאָן.

איינער פון זיי וואָס האָט געשמט מיט זיַינע איַינפאַלן, האָט עפּעס צור־געטראַכט. ער האָט אַרויסגענומען פון יאַטלס האַנט דעם פלאָקן, אים אַריַינ־געשטעקט אין דער ערד און צוגעבונדן דעם יאַטלס פוס מיט אַ שטריק צום פלאָקן. דערנאָך האָט ער אים געגעבן אַ לאָפּעטע און באַפוילן:

— טו זיך דרייען אַרום דעם פלאָקן, דריי זיך ביז וועסט אָנצייכענען אַ קריַיז אויף דער ערד. אָט אַזאַ רונדע גרוב וועסטו אויסגראָבן, פאַרשטייסט, וואַנזיניקער?

דאָס יאַטל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אָנגעהויבן גראָבן. מען זאָל נאָר קיינעם ניט שלאָגן.

זיַין „אָונט־קאָווע" האָט ער ניט באַקומען. די לאַגערניקעס האָט מען געצוווּנגען פאַרביַיגיין די גרוב מיטן באַקומענעם ברויט און די שיסלען טרינקעכץ. מען האָט שטרענג געהיט, קיינער זאָל דעם יאַטל ניט צווואַרפן קיין ביסן.

דאָס יאַטל האָט באַגלייט די פאַרביַיגייענדיקע מיט אַ מילדן שמייכל — אַבי מען שלאָגט ניט.

אַ הונגעריקער האָט ער געגראָבן אויך ביַי נאַכט.

אין דער פרי, פאַרן אַרויסגיין צו דער אַרבעט האָט מען צו דער גרוב צונויפגעטריבן אַלע לאַגערניקעס, און זיי אַלע האָבן דערזען ליגן אין איר דאָס יאַטל — צונויפגעדרייט, איַינגעקאָרטשעט, מיטן צוגעבונדענעם פוס צום פלאָקן, וואָס האָט זיך געוואַלגערט דערנעבן. קיינע קלעפּ האָבן אים ניט אויפגעוועקט, ניט אויפגעהויבן. ער איז געבליבן גליַיכגילטיק צו די גערמאַנישע שלעגער. געבליבן גליַיכגילטיק אויך צו דער אויפגייענדיקער זון, וואָס איז ניט אויסגעלאָשן געוואָרן פון צער און בזיון, גליַיכגילטיק צום הימל, וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו זיַין בלוי און לויטער, ווי קיין זאַך וואָלט ניט האָבן פּאַסירט אין דער וועלט.

דעמאָלט האָבן די דײַטשן באַפוילן צו פאַרשיטן דעם „וואַנזיניקן" מיטן זאַמד, וואָס ער האָט באַוויזן אַרויסצוּוואַרפן פון דער גרוב. פאַרשיטן, ער זאָל שוין קיין מאָל ניט דערוועגן זיך צו אַנטלויפן...

## די צײן־אינווענטאַריזאַציע

אויסער אַ פּאָר צעטראַמפּלטע הויזן און אַ העמד פון זעלבן גרוי־בלוי געשטרײַפטן שטאָף אויפן אויסגענאַגטן קערפּער פאַרמאָגט דער לאַגערניק מער גאָרניט. מיט וואָס זאָל ער זײַן נאָך נוציק דעם דריטן רײַך, אַז אַפילו די האָר פון קערפּער זענען שוין לאַנג אָפּגעשוירן און אַוועק אויף מאַטראַצן? דער אויסגעטריקנטער לאַגערניק איז אַ גאָר קנאַפּער רוישטאָף פאַר דער זייף־אינדוסטריע. זײַנע ביינער וועט מען נאָך קאָנען איבעראַרבעטן אויף באַמיסטיקונג... נאָר ביז וואָס־וואָן בלײַבט אים די הייליקע פליכט צו אַרבעטן און זיך באַטייליקן אין אויספילן די טעגלעכע „טויטן־נאָרמע".

פּונקט ווי בײַם לעבן, אַזוי אויך גלײַך נאָכן טויט האָט די מאַכט זיך פאַרנומען מיטן לאַגערניק. מען האָט קאָנטראָלירט די ציין בײַ די טויטע און אַרויסגעריסן די גאָלדענע. נאָר אַזוי ווי דער דאָזיקער הכנסה־מקור פון דער דײַטשישער מלוכה און פון די לאַגער־בעלי־בתּים איז די לעצטע צײַט כּמעט אין גאַנצן אויסגערונען, זענען די עסעסניקעס געוואָרן שטאַרק פאַר־זאָרגט. ווּ קומען אַהין די גאָלדענע ציין?

האָט דער קאָמענדאַנט בעת אַן „אַפּעל" באַפוילן אַלע אַסירים צוצוגיין צום טישל פונעם רעגיסטראַטאָר, דעם אַזוי גערופענעם „שרײַבער", און ברייט עפענען דאָס מויל. אַ ציינדאָקטער האָט פאַרצייכנט, וועלכע גאָלדענע ציין, פּראָטעזן און „בריקן" דער אַרעסטאַנט פאַרמאָגט, פאַרצייכנט פּינקטלעך, פּאַכמעניש.

נאָכן פאַרענדיקן די פּראָצעדור האָט דער קאָמענדאַנט געוואָרנט, אַז ווײַ וועט זײַן דעם, בײַ וועמען אין מויל ס׳וועט עפּעס פעלן פון די גאָלדענע אָביעקטן. טאָמער פאַלט אַרויס פון־זיך, דאַרף מען אים באַלד איבערגעבן דער לאַגער־פאַרוואַלטונג, וואָס וועט דאָס אָפּמערקן אין די דאָקומענטן, כּדי דער אַרעסטאַנט זאָל שפּעטער ניט האָבן קיין אומאַנגענעמלעכקייטן, ווײַל וויסן זאָל מען: ווער ס׳וועט באַראַבעווען די מלוכה, וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן...

די ציין־אינווענטאַריזאַציע האָט דערמאָנט אַלעמען, ווּ מען האַלט אין דער וועלט. די יעניקע וואָס האָבן געהאַט אַרויסגעריסן זייערע גאָלדענע ציין

און אויסגעביטן אויף ברויט, האָבן לכתּחילה זיך דערפרייט, וואָס זיי איז געראָטן אָפּצונאַרן די דײַטשן, אָבער באַלד אַרײַנגעפאַלן אין יִיאוש: ס'איז דאָך קלאָר, וואָס עס דערוואַרט דאָ אַלעמען! און די יעניקע וואָס האָבן זיך ערשט געקליבן נאָכצוטאָן די דאָזיקע פּיפּיקע חברהליײַט, האָט פאַרדראָסן למאַי זיי האָבן פאַרשפּעטיקט. זענען זיי אויך אַרײַנגעפאַלן אין יִיאוש. צע־קלעמט זענען אַרומגעגאַנגען די, וואָס האָבן ניט געהאַט אין מויל קיין גאָלד. וואָס גאָלדענע ציין, ווען גאָלדענע ציין, אויב ס'גייט אונטער דאָס מענטש־לעכע, די גאַנצע וועלט.

נאָר דאָ האָט עמעצער אויסגערופן:

— וואָס האָט איר אַראָפּגעלאָזט די נעזער? און אַז זיי וועלן שוין קאָנטראָלירן אונדזערע מײַלער און געפינען לעכער אַנשטאָט גאָלד, איז וואָס? וואָס וועלן זיי אײַך, מתים, שוין קאָנען טאָן? העכסטנס — מנשק זײַן... הערט מײַן עצה: רײַסט אַרויס אײַערע גאָלדענע ציין, בײַט זיי אויס אויף אַכילה, עסט געזונטערהייט און היטלערן זאָל אָנקומען אַ מכּה.

די שווערע שטימונג איז אַ קאַפּ געמילדערט געוואָרן.

## דוליאַגדעס

אינעם געדיכטן גרינעם געבלעטער האָבן געפינקלט קליינע, בלוט־רויטע ווײַנשל... און אפשר זענען עס גאָר רויטע ווײַמפּערלעך? גלאַנציקע, זאַפט־אָנגעגאָסענע אַזוינע. ס'פלעגט פול ווערן בײַ די לאַגערניקעס דאָס מויל מיט שפּײַעכץ בײַם פאַרבײַגיין דעם הויך פונאַנדערגעוואַקסענעם קוסט מיט די מאַניענדיקע רויטע פינטעלעך. מען איז אַזוי הונגעריק, פון הונגער קערן זיך איבער די געדערעם; אַ טשאַד שטייט אין קאָפּ, אַ טומאַן — פאַר די אויגן. און דאָ — ווײַנשל, צי ווײַמפּערלעך. בײַם פאַרבײַגיין צו דער אַרבעט און צוריק האָבן זיי ניט איינעם פון די יִידן געצויגן צו זיך פון דער ווײַטן ווי אַ מאַגנעט. אָבער די שטרענגע שמירה... און ניט בלויז די דײַטשישע וואַכליײַט. געווען אויך יִידן וואָס האָבן געוואָרנט — ניט קיין ווײַנשל, ניט קיין ווײַמפּערלעך, ס'איז סם־המוות.

אויף די דײַטשן האָבן צביעותדיק־כיטרע מרמז געווען:

— געפעלן אײַך די לאָקנדיקע רויטע פּרוכטן? טאַלבעערן...

דוליאַגדעס — האָבן יִידן איבערגעזעצט. עמעצער האָט אַפילו זיי אָנגע־רופן מיטן רוסישן נאָמען, וואָס זײַן טײַטש איז — וועלפישע יאַגדעס, און געוואָרנט, אַז ס'איז אַ שרעקלעכער סם. אָבער דער הונגער, דער הונגער...

איינער פון די ייִדן האָט ניט אויסגעהאַלטן. אָפּגעטראָפן אַ רגע, ווען די וואַכלײַט זענען געווען פאַרטיפט אין אַ שמועס, האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט פון דער קאָלאָנע און צוגעפאַלן צום קוסט. אָפּגעריסן אַ זשמעניע יאַגדעס און זשעדנע זיי אַרײַנגעשטופּט אין מויל. ס'איז אים אויך געראָטן אומבאַמערקט אַרײַנצושלײַכן זיך צוריק אין דער ריי.

ניט לאַנג האָט געדויערט און דער ייִד האָט גענומען רײַסן, פליקן פון זיך די בגדים, גענומען ווילד שרײַען, דולן, קריכן אויף אַלע פיר.

האָבן די דײַטשן פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיי מיאוס אָפּגענאַרט — אומבאַמערקטערהייט געווען בײַם קוסט און אָנגעפרעסן זיך מיט די „טאָל־בעערן". קומט אים די האַרבסטע שטראָף פאַר נאַרן דײַטשן און פאַר עפּעס אונטערנעמען. האָבן זיי אַראָפּגעריסן פון ייִדן דעם רעשט בגדים־שמאַטעס און אַ נאַקעטן צוגעבונדן צו אַ בוים אויף אַ קענטלעכן אָרט אינעם לאַגער. אַרומגעשנורעוועט מיט שטריק זײַן קערפּער און די הענט, צוגעפּלעטשטע צו די זײַטן, ער זאָל זיך ניט קאָנען באַפרײַען. אַ קאָנטראָליר געטאָן זײַנע ציין. יאָ, פאַראַן אַ סך גאָלדענע ציין. געפּרוווט זיי אַ שאָקל טאָן, געוואָלט אַרויסרײַסן. געזען אַז זיי זיצן פעסט, האָבן די דײַטשן אויפגעהערט. די ציין וועלן ניט אַנטלויפן...

כּמעט צוויי מעת־לעת האָט דער נאַקעטער ייִד פאַר אַלעמען אין די אויגן זיך געצאַפּלט, אַ צוגעבונדענער צום בוים. שוים איז אים פון מויל געראָנען. דער קאָפּ, דער איינציקער אבר וואָס האָט זיך געקאָנט באַוועגן, האָט קאָנוווּלסיוו זיך געטרייסלט אויפן אויסגעצויגענעם האַלדז, ביז ער איז אָנמאַכטיק אַראָפּגעזונקען אויף פאַרנט.

די דײַטשן זענען געווען הומאַן. ערשט איצט האָבן זיי באַפוילן זייער ציינציִער אַרויסצורײַסן בײַם „טאָלבעערן"־עסער די גאָלדענע ציין.

**היילמיטלען**

דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט געבושעוועט, איז געווען קאַפּאַבל דעם דאָקטער, וואָס איז געווען ניט מער ווי אַן אַרעסטאַנט, ניט מער ווי אַ ייִד, צו צערײַסן:

— הונט, לומפּ, שווײַן! מיינסט, ועסט פאַרוואַנדלען מײַן לאַגער אין אַ סאַנאַטאָריע? אין אַ קוראָרט? ווער איז שולדיק, אַז איר זענט אייביק קראַנק? אײַער בלוט איז שוין אַזאַ — פון אַ נידעריקער קוואַליטעט, היילן ניט אײַערע ווונדן. און אייביק וועט איר קרענקען! איך וואָרן: ווער ס'וועט

באַקומען לוסט צו בלײַבן אינעם קראַנקן־באַראַק מער פון צוויי טעג, וועט ווערן אָפּגעשיקט אַהין, ווו מען דאַרף ניט אַרבעטן! יאַוואָל, אַהין וועט איר אָפּגעשיקט ווערן!

זײַנע דבורים האָט ער פֿאַרענדיקט מיט אַ זשעסט אין דער ריכטונג פונעם הויכן, פּירקאַנטיקן קרעמאַטאָריע־קוימען, פון וועלכן ס'האָבן גע־שפּאַרט קנוילן רויך...

און ווידער האָט ער זיך גענומען צום דאָקטער. פאַר די אויסגעמושטירטע לאַגערניקעס אים צעפּאַטשט אויף ביידע באַקן — פאַרן באַפרײַען פון דער אַרבעט אַ גרעסערע צאָל פאַרשלאַפּטע.

דער הויכער אויסגעטריקנטער דאָקטער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און שיִער ניט אומגעפאַלן.

דעם היטלעריסט האָט דערצאָרנט אויך דאָס, וואָס דער דאָקטער האָט זיך דערוועגט שפּאַלטן דאָס מויל און זאָגן, אַז ס'איז אוממענטשלעך צו שיקן צו דער אַרבעט קראַנקע מענטשן. אויף אַזאַ חוצפּה האָט דער קאָמענדאַנט זיך ניט געריכט. ווער עס קומט אים לערנען שטאַט! ווער עס קומט אים געבן עצות! עפּעס אַן אָפּגעריסן ניט־אַריש דאָקטערל!

און באַלד האָט דער צעווילדעוועטער מושל אַוועקגעלאָזט זיך מיט אַ מענה־לשון וועגן דאָקטוירים בכלל. אָ, ער האָט פון זיי איבער גענוג! זײַן ווײַב האָט אַ מאָל געהיילט אַ דאָקטער און געהאַלטן בײַם אַוועקשיקן אין גן־עדן אַרײַן. און מיט זײַנע חזירים האָט ער געהאַט נאָך אַן ערגערן אָפּשניט. ער איז אַן אייגנטימער פון אַ חזירים־פערמע — אַן אַלטע אײַנגעפונדעוועטע ווירטשאַפט, באַרימט אין דער וועלט. איז איין מאָל קראַנק געוואָרן אַ ראַ־סעווע חזיר־מאַטקע. האָט ער גערופן אַ וועטערינאַר. און יענער האָט מיט זײַנע היילמיטלען געהאַט באַלד אומגעבראַכט אַלע חזירים. דאָס גאַנצע פאַרמעגן האָט געקאָנט אַוועקגיין מיטן רויך. אַ גליק, וואָס ער, דער לאַגער־קאָמענדאַנט, האָט זיך צו דער צײַט דערמאָנט אַז זײַן זיידע, דער גרינדער פון דער פערמע, האָט ערגעץ אין אַ העפט געהאַט פאַרשריבן ווי צו היילן חזירים. אויפגעזוכט דעם דאָזיקן העפט, זיך באַנוצט מיטן זיידנס קלוגע עצות און געראַטעוועט די לאַגע. צום טײַוול די דיפּלאָמירטע דאָקטוירים! ווי נאָר ער פאָרט אין ארלויב, אַזוי וועט ער אומבאַדינגט מיטברענגען דעם ווונדערלעכן העפט און געבן אים אַ ליאַדן סאַניטאַר, וואָס וועט האַלטנדיק זיך אין די אָנווײַזונגען פונעם זיידן, אָפּווישן די נאָז דעם בעסטן דאָקטער מיט הויכבילדונג. די ריכטיקע היילמיטלען פאַר חזירים זענען ווי אָנגעמאָסטן פאַר ייִדן...

ער האָט ניט געשפּאָסט, דער לאַגער־קאָמענדאַנט, ניט געחוזקט, ניט איראָניזירט. ער האָט געמיינט ערנסט.

דער גורל זײַנער האָט אָבער מיט אים אויך קיין קאַטאָוועס ניט געטריבן. די „באַרימטע" חזירים־פֿערמע איז פֿון דער לופֿט צעבאָמבאַרדירט געוואָרן, נאָך איידער איר בעל־הבית האָט זיך דערוואַרט אויף זײַן ערדנטלעכן אורלויב. איצט האָט ער באַקומען אַן אויסעראָרדנטלעכע דערלויבעניש צוצופֿאָרן אַהיים.

ניט געפֿינענדיק דאָרטן קיינעם בײַם לעבן, האָט ער באַלד פֿאַרקערעוועט אויף צוריק אין זײַן איצטיקן קיניגרײַך, אין לאַגער אַרײַן. אָבער אונטער־וועגנס איז ער אַליין געטראָפֿן געוואָרן פֿון אַ באָמבע. און ס'איז געבליבן ניט אויפֿגעקלערט, צי ער האָט געפֿירט מיט זיך דעם באַרימטן העפֿט פֿונעם קלוגן זיידן, צי ניט.

אַזוי צי אַזוי דאַרף מען מיינען, אַז דאָס וואָס דער העפֿט איז, משמעות, אונטערגעגאַנגען און זײַן אייגנטימער האָט אײַנגענומען אַ מיתה־משונה, איז גאָר אַ קנאַפּער אָנווער פֿאַר דער מעדיצין און פֿאַר דער געשיכטע. פֿאַר־קערט, דער דאָזיקער אָנווער איז אַ גאָר גוט היילמיטל פֿאַר דער מענטשהייט.

## בײַ די גליִענדיקע קוילן

נאָכן וויסטן אָפּהאָרעווען אַ טאָג בײַ בויאַרבעט, אין רעגן און קעלט, האָבן זיך אינעם נידעריקן, ניט באַלויכטענעם דיקטענעם באַראַק צעזעצט אַרום דעם טאָפּ מיט גליִענדיקע קוילן די ייִדן, וואָס נעכטיקן דאָ. אויסגעזופּט די ביטערע „קאַווע" כּל־זמן מ'האָט נאָך געקאָנט פּילן, אַז ס'איז געווען געקאָכט, אָראָפּגעשלונגען די בידנע פּאָרציע קוואַטשיק ברויט, שטרעקן די מענטשן באַלד אויס צו די גליִענדיקע קוילן זייערע פֿון דער קעלט פֿאַרגלי־ווערטע הענט, ווי בעטלענדיק אַ ביסל וואָרעמקייט, אַ קאַפּ חמימה... דער קוילנגלי באַשײַנט רויט די פֿון שוואַרצאַרבעט פֿאַרגרעבטע און צעקאַרבטע הענט, די פֿון ווינט צעשמיסענע און אָפּגעשרפֿעטע פּנימער. דער קוילנגלי באַלײַכט אויך קוים, קוים דעם אַרומיקן חושך.

מען איז אָנגעטאָן אין געשטרייפֿטע אַסירים־פּיזשאַמעס כּמעט אויפֿן נאַקעטן לײַב, בעת דער קאַלענדאַר און דער דרויסן ווײַזן — נאָוועמבער. ווי האַלט מען דאָס אַלץ אויס?

— נו, גנבימלעך, שווינדלערס, ווי גייט'ס? — פּרוּווט עמעצער זיך אַ וויצל טאָן.

אַלע ווייסן פון וואַנען עס שטאַמען די „גנבימלעך" און די „שווינדלערס". פאַראַן דאָ אַן עסעסניק וואָס האָט אין איין סדרן, אַז אַן אָרנטלעכער „העפטלינג", ס'הייסט, אַ לאַגער־אַרעסטאַנט, קאָן ציִען צוויי, מאַקסימום דריַי חדשים. אַזאַ וואָס לעבט לענגער, איז אַ גנב, אַ שווינדלער, מחמת ער לעבט ניט פון דער אָפיציעלער „שפּיַיזראַציאָן". פון דער זיַיט קריגט ער אַוודאי אָריַינגעשמוגלטע אַכילה, גנבעט ערגעץ ווו אַליין, „קאָמבינירט", שווינדלט...

צוויי, דריַי חדשים... די וואָס זיצן אַרום דעם וואַרעמטאָפּ, האָט מען געבראַכט אַהער פון געטאָ מיט איבער פיר חדשים צוריק. אמת, דער טויט האָט זיי אין איין אויסשיטערן. לכתחילה איז עס געווען גאָר שרעקלעך. מען פלעגט בציבור ניט צוריקקומען פון דער אַרבעט, מען פלעגט אַוועקפאַלן בעת די „אַפּעלן", מען האָט איבערגעגעבן גאָט די נשמה ביַי נאַכט אויפן שטרויזאַק, וואָס ליגט דירעקט אויף דער ערד. די אויסגעליידיקטע ערטער אויף די שטרויזעק האָבן פאַרנומען אַנדערע. דער איצטיקער באַראַק־קאָנטי־געגנט האָט זיך עפּעס לענגער. מען האָט זיך צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען, מען איז פאַרהאַרטעוועט געוואָרן. אָבער אויך דער גוטער צופאַל האָט דאָ אַ האַנט: אין באַראַק איז אַריַינגעפאַלן אַ פאַריקמאַכער, וועלכן די דיַיטשן האָבן באַשטימט פאַר זייער באָרדגאָלער. ער איז טאַקע אַ ייִד, גאָר קיין מענטש ניט. אָבער די יעקעס פאַרגעסן עס אָפּט און וואַרפן אים צו שטיקלעך ברויט פון זייער איבערבליַיבעכץ, צו מאָל — אַ ביסקוויטל, אַ ציגאַרעט, וואָס קאָסטירט זיך אינעם ביַיטהאַנדל אויף דער „לאַגער־בירזשע" ווי די העכסטע וואַלוטע. דער גוטער צופאַל האָט דעם פאַריקמאַכער באַשאָנקען מיט אַ וואַך געפיל צו זיַינע מיטמענטשן. ברענגט ער פון אָוונט זיַין טעגלעך „פאַרדינסט" און גיט עס איבער דעם באַראַקל־קאָלעקטיוו — צו פאַרטיילן אָרנטלעך, חלק כּחלק, אָבער בעיקר צו יענע, אין וועמען דאָס לעבן האָלט זיך אויף אַ האָר.

דער פאַריקמאַכער איז געווען איינער פון די, וואָס האָבן זיך איַינגע־קלאַמערט אינעם געדאַנק:

— זיך וואַרעמען ביַים טאָפּ, איז איינס. לאָמיר צו גליַיך דערוואַרעמען אויך די נשמה מיט אַ לעבעדיק וואָרט. לאָמיר בליַיבן מענטשן!

ער, דער פאַריקמאַכער, האָט אויך אַרויסגעבראַכט זיַין אַרגומענטאַציע:

— איך גיב מיַינס, זאָלן די אַנדערע געבן, וואָס זיי קאָנען!

געמיינט האָט ער די עטלעכע אינטעלעקטואַלן פון צווישן די באַראַק־תּושבים. ער האָט אויך צוגעזאָגט „האָנאָראַר" — אַן איבעריק שטיקל ברויט, אַ ציגאַרעט — פאַר אַ לעקציע, פאַר אַ דורכגעפירטן שמועס אויף אַן אַקטו־עלער טעמע.

בײַם טאָפּ מיט די גלײַענדיקע קוילן האָט מען טאָקע געגומען וואַרעמען ניט בלויז די הענט. די אינעם אײַזיקן לאַגער־מדבר פאַרפרוירענע מענטשלעכע נשמות האָבן גענומען אָפּטײַען, הערנדיק די שטיל, שטיל פליסנדיקע רייד וועגן גורל פון די ייִדן אינעם וואַנדל פון צײַט און אָרט, וועגן דער איצטיקער לאַגע אויף די מלחמה־פראָנטן און דער פּאָליטישער קאָנסטעלאַציע אין דער וועלט. אָוונט אין אָוונט האָט מען געשמועסט וועגן ביכער און דער ייִדישער ליטעראַטור, וועגן ייִדישן לעבן און זײַן אָפּשפּיגל אינעם פאָלקלאָר. אַ דאָקטער האָט גערעדט וועגן לאַגער־חלאַתן און היגיענע. ער האָט געוואָרנט צו האַלטן זיך ריין, ניט בײַטן די „ברויטפּאָרציאָן" אויף אַ פּאָרציע זופּ אָדער אַ הויפן קאַרטאָפל־שאָלעכץ, הגם לויטן אויסערלעכן כּמות זעט עס אויס ווי אַ גוט געשעפט. מען האָט זיך אָפּט געאַמפּערט וועגן דער „ייִדישער פּראָבלעמאַטיק" אויף מאָרגן נאָך דער מלחמה...

ווערט אויפקומען אַזאַ פּראָבלעמאַטיק ? געוועוען אין באַראַקל ייִדן, איבערצײַגטע, אַז די וועלט וועט זיי צוטראָגן דאָס טעלערל פון הימל, ווי אַ פאַרגיטיקונג פאַר די אומגעהײַערע לײַדן...

אין דרויסן — אַ געמיש פון חשכות, ווינט, רעגן און שניי, אַ בייזע עסעסישע שמירה מיט אָנגעשפּיצטע הינט, און שטעכלדראָט, שטעכלדראָט, באַשײַנט פון פּראָזשעקטאָרן. אין באַראַקל — דאַרע און קוואַרע, אויסגעשעפּטע מענטשן־שאָטנס. מען ניסט, מען הוסט, מען קרעכצט און מען טוליעט זיך צום וואַרעמטאָפּ און צו די ייִדישע ווערטער, וואָס פלאָטערן אַרום אים שטיל און פּאָרכטיק, צו קיין פרעמדן אויער זאָלן זיי, חלילה, ניט דערגיין. ס'אַ זיסער חלום, דער דאָזיקער צוריקקער צו מענטשלעכער וואָר. און ווען דער זיסער חלום צערינט...

מען ווייסט ניט, ווער פון די וואָס אַרום דעם וואַרעמטאָפּ, וועט ניט אויפשטיין נאָכן פאַרזינקען אינעם נאַכטשלאָף, ווער ס'וועט מאָרגן זיך ניט צוריקקערן פון דער אַרבעט. אָבער באַלד ווי ס'ווערט פאַרענדיקט דער הײַנטיקער שמועס, באַשטימט מען דעם „פּרעלעגענט" און זײַן טעמע אויף מאָרגן. ער זאָל האָבן צײַט זיך צוצוגרייטן...

און דער וואָס שטייט אין דרויסן לעבן באַראַקל „אויף זעקס"... מען מוז זיך היטן פאַר אַן אומדערוואַרטן וויזיט פון אַ דײַטש, פון אַ קאַפּאָ, פון אַ בלאָק־עלטסטן. טאָמער קומט ווער פון זיי אַן, דאַרף ער וואָרענען, דער וואָס וואַכט אין דרויסן, — הילכיק טאָן אַ הוסט. ער איז אַ פּשוטער בחור מיט ווייניק בילדונג. געוועוען פאַר דער מלחמה אַ „גאַסמענטש", אַ טרעגער. ער קלײַבט זיך קנאַפּ פונאַנדער אין דעם, וואָס מען רעדט דאָרטן

ביי די גליִענדיקע קוילן, נאָר פילן פילט ער, אַז ס'איז עפּעס פאַרן האַרץ און אויף צעפּוקעניש היטלערן.

און אַז ס'דערהערט זיך דער שטילער זאָג אינעם באַראַקל — „עלינו לשבח"... איז עס אַ סימן, אַז דאָס „דאַוונען" איז געענדיקט און ס'האָט ווידער זיך איינגעגעבן אָפּצונאַרן די דייטשן. און אויך ער האָט אין דעם אַ חלק! קומט דער בחור אַריין אין באַראַקל אַ שטראַלנדיקער:

— געווען גוט, האַ? איך זאָג עס אייך שטענדיק — מיר האָבן זיי אין דרערד!

טוט עמעצער אַ זאָג מיט ביטערניש:

— אין דרערד ליגן מיר, נאָר דערווייַלע זעען מיר זיך אַרויס.

בלייבט דער בחור ניט שולדיק קיין ענטפער:

— זיי וועלן זיך ניט אַרויסזען. ווי איך בין אַ ייִד, זיי וועלן זיך ניט אַרויסזען!

## ער איז ניט דוד המלך

און וועגן אַ צווייטן יידישן דאָקטער — פונעם צענטראַלן לאַגער, ווו מען פלעגט צונויפפירן פון אַנדערע לאַגערן די לעבעדיקע רעשטן פון די אַסירים. דער דאָקטער, שוין אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ גרויסער כירור־גישער פּראַקטיק, איז געווען אַלזייטיק געבילדעט, דערצו — אַ כיטרער דיפּלאָמאַט מיט אַ שאַרפער צונג. האָט ער נושא־חן געווען ביי די דייטשן. זיך אויסגעדינט ביי זיי אויף אַזוי ווייט, אַז זיי פלעגן אים אַנטרויען סע־לעקציעס, ס'הייסט אָפּקלייבן פאַרן קרעמאַטאָריע די אויסגייענדיקע מענטשן. און ער האָט אַלץ געטאָן, כּדי צו באַרעכטיקן דעם צוטרוי.

דער צענטראַלער לאַגער איז געוואָרן איבערפול מיט מענטשן־שאָטנס, און דער קראַנקנבלאָק האָט ניט געקאָנט מער אַריינגעמען די חולאים און קוים זשיפּענדיקע. ווי שטענדיק אין אַזוינע פאַלן, האָבן די דייטשן געהאַט זייער אויסוועג: סעלעקציע.

געווען איז זונטיק. מען האָט ניט געטריבן צו דער אַרבעט. האָבן די עסעסניקעס זיך געוויצלט:

— אויך די יודן האָבן היינט „פייערטאָג".

ס'איז אַ מאַקאַברישע וואָרטשפּיל. „פייערטאָג" איז, ווי באַוווּסט, יום־טוב — אין דייטש. דערקעגן „פויער" איז אויף אָט דעם לשון, פּשוטו־כּמשמעו

— פײַער. פונעם קרעמאַטאָריע־קוימען האָבן טאַקע געשפּאַרט געדיכטע קנוילן רויך: „פּויערטאָג״ בײַ די ייִדן, זיי ברענען אויפן פײַער...

דער רעגיסטראַטאָר פונעם קראַנקנבלאָק, אַ ייִדישער אָסיר, האָט ניט געהאַט הײַנט קיין זונטיק־אָפּרו. פאַר אים איז געלעגן די מיט דעם שטײַפן כּתב פונעם דאָקטער צונויפגעשטעלטע לאַנגע, לאַנגע רשימה פון „נומערן״, וואָס דאַרפן איבערוואַנדערן אין „שאָנונגס־לאַגער״. דאָרטן האָט מען די מענטשן טאַקע „געשאַנעוועט״, ניט געצוווּנגען אַרבעטן. צונויפגעפּאַקטע אין פאַרעיפּושטע, פאַרוואַנצטע און פאַרלײַזיקטע באַראַקן, האָט מען דעם רוב פון זיי איבערגעלאָזט אָן אַ ביסן ברויט, אָן אַ טרונק וואַסער און פעסט צוגעריגלט די טירן — ניט אַרײַן, ניט אַרויס. די טירן פלעגן זיך ערשט עפענען, ווען די פאַרשפּאַרטע האָבן פאַרענדיקט זייערע חשבונות מיט דער וועלט און זענען צײַטיק געוואָרן פאַרן פײַער אין די קרעמאַטאָריע־אויוונס. חלילה, קיין לעבעדיקע ייִדן האָבן די דײַטשן ניט געברענט...

דער רעגיסטראַטאָר האָט מעכאַניש געטאָן זײַן אַרבעט: אויסגעמעקט לויט דעם דאָקטערס נומערן־רשימה די מענטשן פונעם רעגיסטער פון די לעבעדיקע, אַרײַנגעשריבן זיי אין פאָרמולאַר פאַרן „שאָנונגס־לאַגער״, און אויס, אויס מיט זיי. נאָר דאָ איז זײַן האַנט ווי אָפּגענומען געוואָרן. ער האָט איבערגעלייענט אײנעם רעגיסטער די פאַמיליע, דעם נאָמען, איבערגעלייענט נאָך אַ מאָל כּדי זיך צו איבערצײַגן, אַז ער האָט קיין טעות ניט און... דער „נומער״ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זײַנעם אַ גוטן באַקאַנטן. ער זעט אים כּמעט טעגלעך און ווייסט, אַז דער מענטש האַלט זיך נאָך און איז ווײַט פון צו ווערן „אַראָפּגעשריבן״.

זיך פאַרהאַלטן, זיך פאַרטראַכט, און דער רעגיסטראַטאָר האָט באַלד דערזען הינטערן „נומער״ אויך זײַן באַקאַנטנס שיינע פרוי, דעם דאָקטערס סימפּאַטיע אין געטאָ. בייזע צינגער האָבן געמורמלט... וואָס זענען זיי אָבער שולדיק, די צינגער, אַז אַ גרונט פאַר רכילותן איז געווען. דער דאָקטער האָט זיך פּאָסטאַרעוועט אַ שווערע צוואַנגאַרבעט פאַרן ווײַבלס מאַן און געהאַט אַזוי אַרום גוטע שאַנסן זי צו באַזוכן. און געטראָגן האָט ער דאָך ניט קיין היטעלע פון אַ רואה־ואינו־ניראה. האָבן מענטשן געזען, גערעדט, באַרעדט...

און איצט — די אשת־איש איז פאַרוואָגלט ערגעץ אין אַ פרויען־לאַגער, דער טויט קאָסיעט אָן רחמנות, און דער דאָקטער, פאַרמעסטנדיק זיך אויף לעבן, מאַכט ווײַטגייענדיקע שריט צו בלײַבן איינער אַליין מיט זײַן האַרצ־דאַמע.

דעם רעגיסטראַטאָרס האַנט האָט זיך פֿאַרהאַלטן. דעם מוח האָט עס מוראדיק געקלעמט און אין די פֿינגער איז אַרײַן אַ ווייטיק. פֿאַר אים איז אַ נײַער וואַריאַנט פֿון אַן אוריה־בריוו. בשעתו איז דוד המלך נכשל געוואָרן — געשריבן צו זײַן אַרמיי־פֿירער יואב, ער זאָל דעם איבערברענגער פֿונעם בריוו, אוריהן, שיקן אין פֿײַער. יואב האָט אויסגעפֿילט דעם קיניגלעכן באַפֿעל. דוד איז פּטור געוואָרן פֿון בת־שבעס געזעצלעכן מאַן און געקאָנט אַן אַ שטער זי נעמען פֿאַר אַ ווײַב.

דער דאָקטער איז ניט דוד המלך, און ער, דער רעגיסטראַטאָר, וויל ניט שפּילן יואבס ראָלע. היפּש ער איבער דעם נומער...

צו מאָרגנס האָט דער דאָקטער, אַן אויפֿגערעגטער, מיט אַ קוים געצוימטן כּעס, אַ זאָג געטאָן צום רעגיסטראַטאָר:

— עפּעס שטימט דאָ ניט. אומפּינקטלעכקייט... טאָמער קאָנטראָלירן די דײַטשן, שמעקט עס מיט פֿײַער! האָט איר קיין טעות ניט געהאַט?

— ניין! — האָט געענטפֿערט דער רעגיסטראַטאָר, טיף, טיף פֿאַרגראָבנדיק זײַן בליק אין שמוציקן דיל פֿונעם קראַנקנבלאָק.

## איינער פֿעלט!

נאָך דער עבֿודת־פּרך בײַם בויען אונטערערדישע בעטאָן־לאַבירינטן. ס'פֿאַלט צו אַ פֿרייזקער, אַ פֿײַכטער און קאַלטער פֿאַרנאַכט. איטלעכער וואָס איז אַרויף פֿון דער אונטערערד, קאָרטשעט זיך צונויף, ווי וועלנדיק שיצן פֿון ווינט און קעלט דאָס קוים טליִענדיקע לעבנספֿלעמל אין זײַן אויסגענאָגטן גוף. און קראָען, שוואַרצע קראָען פּאַטשן צעדולט מיט די פֿליגלען איבערן נידעריק אַראָפּגעלאָזטן, מײַזיש־גרויען הימל, און קראַקען, קראַקען.

מען ווייסט שוין די אָרדענונג — אויסשטעלן זיך צו פֿינף אין אַ ריי צום אָפּמאַרש אויף נאַכטלעגער. די שווער פֿאַרווונדיקטע און די טויט אָוועקגעפֿאַלענע אין משך פֿון טאָג לאָדט מען אָן אויף אַ וואָגן, וואָס וועט פֿון אַסירים געשלעפּט און געשטופּט ווערן אין לאַגער אַרײַן. די מענטשן זענען אויסגעשטעלט. דער וואָגן, בראש פֿון דער קאָלאָנע, איז טראַנספּאָרטגרייט. מען דאַרף בלויז איבערקומען דעם קאָנטראָל — די צאָל געבראַכטע צו דער אַרבעט מוז שטימען מיט דער צאָל פֿון די אויסגעמושטירטע און די אָנגעוואָלגערטע אויפֿן וואָגן.

צום קראָען־געקראַקער וואָס דרעלט די טונקעלע לופֿט, קומט צו פֿלוצעם די שרעק־ידיעה: „איינער פֿעלט!"

איינער פעלט! אַן אַסיר פעלט! די דײַטשן זוכן אים אין אַלע עקן פונעם בוי, און אומזיסט. ווייסט מען ניט, וואָס עס וועט זײַן. מען ווייסט בלויז, אַז גוט וועט ניט זײַן.

די דײַטשן ווערן נימאס דאָס זוכן. באַשליסן זיי צו ברענגען אַלעמען, וויפל זיי זענען, אין לאַגער און דאָרטן וועט מען זען. אפשר איז אין דער פרי אַרײַנגעפאַלן אַ טעות.

אָנגעקומען אין לאַגער, האָט מען די לעבעדיקע געלאָזט שטיין אויפן אַפּעלפּלאַץ צו פינף אין אַ ריי, ווי זיי זענען געווען אויסגעמושטירט, און ווידער אויסגעציילט זיי. גענוי געציילט די געבראַכטע אויפן וואָגן. געציילט עטלעכע מאָל, און דער פאַקט איז געבליבן אַ פאַקט: איינער פעלט!

האָבן די צעקאָכטע שׂררות געפסקנט: די ייִדן וועלן אַזוי בלײַבן שטיין, וועלן שטיין אַזוי לאַנג, ביז ס׳וועט זיך אײַנגעפינען דער וואָס פעלט.

אַנשטאָט צו געבן דעם ביסן ברויט און ס׳קענדל וואַרעמע פּליסיקייט, אַנשטאָט לאָזן גיין אויף נאַכטלעגער, האַלט מען זיי אין דרויסן, צווינגט מען שטיין אויף די אַדורכגעווייקטע, פון נעץ און פון קעלט אָפּגענומענע פיס, וואָס טאָפּטשען זיך אין בלאָטע. אַ רעגן נעמט טריפן.

גאָט, ווי לאַנג וועט מען זיי אַזוי האַלטן? ביז מען וועט אָפּציילן יעדן צענטן צי גאָר — פינפטן, און פאַרקאַטעווען אויף טויט? אָדער מען וועט זיי אַלעמען אַזוי לאָזן פאַמעלעך אויסגיין. גאָט, העלף געפינען דעם וואָס פעלט! ער האָט אַוודאי זיך באַהאַלטן אונטער דער ערד. וועט אַרויסקריכן, וועט אומבאַמערקט פונעם נאַכט־שומר אַריבערקריכן דעם פּאַרקן, וועט אַרויס אויף דער פרײַ, וועט זיך ראַטעווען. ווו וועט ער זיך אַהינטאָן אין די געשטרײַפטע אַסירים־שמאַטעס? ווער וועט אים איבער דער שוועל אַריבער־לאָזן? און דערווײַלע וועלן אַנדערע באַצאָלן מיט זייער לעבן. געוויס, מען וועט נעמען יעדן צענטן, צי גאָר פינפטן... שטייען זיי, פאַרקאַלייעטע, און וואַרטן. ווי לאַנג וועלן זיי אַזוי מוזן וואַרטן? דאָ און דאָרטן ליגן שוין אין דער בלאָטע אַזעלכע, וואָס זייערע פיס האָבן ניט אויסגעהאַלטן. אויב די אומגעפאַלענע וועלן באַלד ניט אויפשטיין, זענען זיי אויסגעשפּילט. אַלעמען וועט מען אַזוי דערענדיקן. אַלעמען?!

און דער רעגן שטאַרקט זיך. גאָט וויינט אין דער פינצטער אויפן גורל פון זײַנע אויסגעמאַטערטע, פון זײַנע אויסגעלאָשענע קינדער, וואָס סטאַר־טשען פאַרשטיינערטע אויפן אַפּעלפּלאַץ און פאַרלירן קיין טרער ניט. פשוט — אין גאַנצן אויסגעטריקנט זענען זייערע טרערנזעקלעך. קיינער פון זיי וויינט ניט. די פיס טוען שוין ניט ווי — מען פילט זיי אין גאַנצן

ניט. בלויז אַ טעמפּער ווייטיק האָט זיך אײַנגעגראָבן אין די היפּטן מיט אַ פאַרביסענער רציחה. און קיינער ווייסט ניט. דער הימל און דער אַלמאַכטיקער אין אים — זיי גיסן טרערן. באַקלאָגט גאָט זײַנע מעשׂים? ווי לאַנג וועט ער ווײנען, קלאָגן אין היטלערס קאָנצלאַגער און ווייקן בני־אָדם אין אײַז־קאַלט וואַסער?

האָט דער כּביכול דערהערט די תּפילה אָן ווערטער פון זײַנע קינדער, אָדער דער פאַרשווונדענער האָט זיך גאָר מרחם געווען אויף זיי? אָן אויס־לייזערישער קרעכץ הילכט אַדורך דעם נאַכטיקן לאַגער: ער איז דאָ, דער וואָס פעלט! האָט אַליין זיך איבערגעגעבן די דײַטשן! איצט וועט מען קיינעם ניט טשעפּען. געשען איז דאָס מאָל איינער פון די נסים, וועלכע מען קוקט דאָ אויס שטענדיק אומזיסט.

דעם צוריקגעקומענעם ממיתן עסעסניקעס איבערן קאָפּ, בריקען אין געזעס, ער זאָל רירעוודיק זײַן, זיך האַסטיקער באַוועגן. יאָ, ער איז דאָ! אָט איז ער שוין אויפן באַלויכטענעם אַפּעלפּלאַץ. באַלד וועט מען אים עפנטלעך קאַטעווען. נאָר הענגען זאָל מען אים כאָטש ניט הײַנט. גאָט אין הימל, קיינער האָט שוין קיין כּוח ניט אײַנצושטיין אויף די שטאָלצן, וואָס זענען געווען אַ מאָל פיס...

## אין דער „הייליקער נאַכט"

ערב ווײַנאַכט האָבן עטלעכע יידן געמוזט אויפשטעלן אין מיטן לאַגער אַ הויכע, שלאַנקע, מיט וואַלד און פרײַהייט שמעקנדיקע יאָלקע.

האָט מען ווען ניט איז אַזוינס דאָ געזען? וואָס איז, משיחס צײַטן?

די דײַטשן האָבן דערקלערט:

— ווײַנאַכט! אַלע, אַלע, מעגן זיי זײַן לאַגער־זיצערס, מעגן זיי זײַן יידן, דאַרפן פילן דעם דאָזיקן פײַערטאָג פון מענטשן־ליבע און פרידן אויף דער ערד, פילן די דאָזיקע הייליקע נאַכט...

— די לעצטע ווײַנאַכט פאַר זיי, דעריבער ווילן זיי עקסטרע פײַערן די חגא, — האָט אַ זאָג געטאָן צו זײַנע חברים איינער פון די יידן, וואָס מען האָט געצוווּנגען אויפצושטעלן די יאָלקע.

ווען זי איז שוין געשטאַנען, האָט דער זעלבער באַרעדעוודיקער לאַגער־ניק זיך אָנגענומען מוט און אַ פרעג געטאָן די דײַטשן:

— מיט וואָס וועלן די הערשאַפטן באַפעלן אויסצופּוצן דעם „טאַנענ־באָום"?

— אָ, עס וועט זיך שוין אײַנגעפינען שפּילצײַג, — האָט ערנסט געענט־פערט אַן עסעסניק.

באַלד איז געקומען דער באַפעל צוצופעסטיקן קווער צום יאַלקעשטאָם אַ באַלקן און אונטערשפּאַרן זײַנע ברעגעס אויף צוויי סלופּעס. פון אָט דעם באַלקן האָט מען אַראָפּגעלאָזט פיר גראָבע שטריק מיט שלייפן אויף זייערע ענדן.

איצט האָט מען שוין ניט געדאַרפט דערקלערן, וואָס פאַר אַ „יאַלקע" דאָס איז. אַלע האָבן אויך פאַרשטאַנען, אויף וועמען עס וואַרטן די שטריק... פיר יונגע ייִדישע יאַטן האָט מען מיט עטלעכע טעג צוריק פאַרשפּאַרט אין קאַרצער פאַר אַ „פאַרברעכן". טראָגנדיק אויף באַרוועסע פיס אומגעלומפּערטע שטעקשיך מיט הילצערנע זוילן, האָבן זיי זיך אָנגעריבן וווּנדן. די וווּנדן האָבן געאייטערט, געוואָרן אַלץ גרעסער, טיפער. אַלע האָבן שוין גוט געוווּסט אַז אַזעלכע וווּנדן דערפירן צום קרעמאַטאָריע. און זיי, די יאַטן, האָבן געוואָלט לעבן. האָבן זיי אָפּגעריסן פאַסן פון זייערע, מישטיינס געזאָגט, לײַלעכער און פאַרבאַנדאַזשירט די וווּנדן.

דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט באַמערקט די אַרומגעוויקלטע פיס.

פינף און צוואַנציק שמיץ אויפן נאַקעטן לײַב און קאַרצער איז פאַר די „פאַרזינדיקטע" געווען, קענטיק, בלויז אַן אַוואַנס.

ס'איז אָנגעקומען די „הייליקע" נאַכט — ווײַנאַכט. מען האָט אויסגעצ־מושטירט די לאַגער־אַסירים אַנטקעגן דער „יאַלקע", וואָס איז געשטאַנען אינעם אַרומיקן חושך און קעלט, אַן אָפּגעגאָסענע מיט פּראָזשעקטאָרן־שײַן. דער קאָמענדאַנט, באַגלייט פון זײַנע געהילפן, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער פולער פאַראַד־אוניפאָרם, אַפילו אַ זילבערן שווערדל אָנגעהאַנגען זיך אויפן רימען. עפּעס אַ קלייניקייט — ווײַנאַכט! ער האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר און פאָרגעלייענט דעם „טאָגעסבאַפעל" לכבוד חגא. אין אַלעמענס אויערן האָבן ווי חלף־שאַרפע מעסערס זיך אײַנגעשניטן די פּסק־דין־ווערטער:

— אין נאָמען פונעם גרויס־דײַטשישן רײַך און זײַן פירער אַדאָלף היטלער... אויפהענגען פאַרן פאַרטיליקן רײַכס־פאַרמעגן...

דאָס איז געווען די אָפּיציעלע ווערסיע. פאַקטיש האָט עס געזאָלט זײַן אַ וואָרענונג און שטראָף פאַרן פּרוּוון שטערן דער לאַגער־אָנפירערשאַפט אויסצופילן די פעסטגעשטעלטע טעגלעכע „טויטן־נאָרמע".

מען האָט אויפגעהאַנגען די פיר ייִדישע בחורימלעך אונטערן געשאַל פון הילכערס, וואָס האָבן פונאַנדערגעטראָגן אין דער פינצטערער און קאַלטער

ווײַט דאָס באַרימטע דײַטשישע ווײַנאַכטליד „שטילע נאַכט, הייליקע נאַכט"... דערנאָך איז די לאַגער־אַסירים באַפוילן געוואָרן צו מאַרשירן מיט אויפגע־הויבענע קעפ אַרום דעם „טאַנענבאַום".

אונטער די קלאַנגען אַלץ פון דעם זעלבן ליד וועגן דער שטילער און הייליקער נאַכט האָט מען געצוווּנגען אַלעמען צו מאַרשירן אַרום דער „יאָלקע", די בליקן געווענדט צו די העל באַלויכטענע, באַרוועסע, מיט ווונדן באַדעקטע פיס פון די אויפגעהאַנגענע. לאַנג, לאַנג האָט מען געצוווּנגען די אַסירים אַזוי צו מאַרשירן — זיי זאָלן גוט זיך צוקוקן און פאַרגעדענקען...

מיר פאַרגעדענקען עס. אַזוינס קאָן מען ניט פאַרגעסן.

# אינהאַלט

דאָס איז דאָס ערשטע בוך וואָס ווערט אַרויס־געגעבן מיט דער סובווענץ פונעם ליטעראַטור־פאָנד א.נ. פון ד״ר שמואל און רבקה הורביץ בײַ דער ייִדי־שער קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים.

לויטן באַשלוס פון אַ זשורי, אויסגעקליבן דורך דער פאַרוואַלטונג פונעם ליטעראַטור־פאָנד, איז די ערשטע סובווענץ צוגעטיילט געוואָרן דעם כּתב־יד פון מאיר יעלינס בוך „בלוט און וואָפן״.

אויך להבא וועלן פאַרטיילט ווערן אויף אַזאַ אופן איינע אָדער צוויי סובווענצן יערלעך.

דער אויבן דערמאָנטער ליטעראַטור־פאָנד איז עטאַבלירט צום אָנדענק פונעם געוועזענעם פאָרזיצער פון דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפט ד״ר שמואל הורביץ און זײַן פרוי רבקה, כּדי צו העלפן ייִדישע שרײַבער עולים אַרויסצוגעבן זייערע ווערק.

גרינדן דעם ליטעראַטור־פאָנד האָט דערמעגלעכט דער בײַשטייער פון יחידים און קערפּערשאַפטן אין קאַנאַדע און ישׂראל, וווּ ד״ר שמואל און רבקה הור־ביץ האָבן געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָלע אינעם ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אַ באַזונדערע אָנערקענונג קומט דעם הסתדרות־קאַמפּיין אין טאָראָנטאָ (קאַנאַדע), דעם פאַראייניקטן ישׂראל־אַפּיל פון קאַנאַדע און דעם קרן גסטטנר בײַ דער סוכנות אין ירושלים — פאַר זייער אָנטייל אין דעם ליטעראַטור־פאָנד.

ייִדישע קולטור־געזעלשאַפט אין ירושלים